יאָסל ציקער

# שריפטן

ISBN:0-657-12580-6



פארלאג י. ל. פרץ

תל־אביב



יאָסל צוקער

גיפּס־מאַסקע, אויסגעפּירט דורכן מחבר

# הקדמה פון נח פרילוצקי

## צו יאָסל צוקערס ערשטן בוך „אַ פרעמד לעבן"

יאָסל,

איך קען דיך פון קינדווייז אָן און בין געווען אַן עדות פון דער האַרטער יוגנט, וואָס איז אויסגעפאַלן אויף דיין גורל. דו האָסט זיך אַן עצה געגעבן. אין פרעמדן פּאַריז, אָנגעוויזן בלויז אויפן אייגענעם איך, האָסטו געלערנט אַ פאַך און געאַרבעט איבער זיך. איצט ביסטו אַן אַרבעטער און אַן אינטעליגענט אין בעסערן זין פון וואָרט. ס'איז געווען אַ ברכה פאַר דיר, וואָס פרי האָבן זיך אין דיר אָנגעצונדן גייסטיקע אינטערעסן — און זענען שוין נישט אויסגעלאָשן געוואָרן. איצט גייסטו אַרויס אין לעבן אינעווייניק שטאַרק — אַ מיטבויער פון דער נייער יידישער קולטור. דיין ערשט ביכל דערציילונגען איז ערנסט און ערלעך ווי דו אַליין. דאָס געפיל פון מאָס, מיט וועלכן דו האָסט לאַנגע יאָרן געלענקט דאָס שיפל פון דיין אייגענער עקזיסטענץ, קומט צום אויסדרוק אויך אין דיין שרייבן — האַלט זיך ווייטער דערביי: אָן דעם איז נישטאָ קיין קונסט. — דיין שפּראַך איז אין כלל אַריין אָפּגעהיטן — ס'וואַרפן זיך דורך איינצלנע נישט־קאָרעקטקייטן, נאָר ווייסנדיק, אַז דו ביסט מסוגל צו זעלבסטקריטיק אויך, גלייב איך, אַז דו וועסט דיין סטיל מיט דער צייט פאַרבעסערן.

כ'האָב דיין ביכל איבערגעלייענט מיט גרויס פאַרגעניגן. אַזאַ דערציילונג, למשל, ווי „פּאָל" איז אַ מוסטער פון געבן עמאָציאָנעלע

אַנגעזעטיקטקייט מיט קאַרגע, נישט-געקינצלטע מיטלען, און אַזאַ דערציילונג ווי „דעם טאַטנס קול" טראָגט אַריין עפּעס נייס אין דער יידישער ליטעראַטור.

איז פאַר מיר אַ פרייד דיר אָנצושרייבן די פּאָר ווערטער. קענסט זיי, אויב דו ווילסט, אָפּדרוקן אפילו בתורת הקדמה.

נח פּרילוצקי

וואַרשע, דעצעמבער 1938

# אריינפיר

דעם 18־טן יולי פונעם שרעקלעכן יאָר 1942 איז יאָסל צוקער, דער מחבר פון אָט דעם בוך, געוואָרן דעפּאָרטירט פונעם לאַגער אין דראַנסי, פראַנקרייך. „איך וויל מיטמאַכן דעם גורל פון אַלע יידן, און נישט זיין קיין אויסנאַם" — האָט ער פון לאַגער געשריבן צו זיין פרוי אסתר. דאָס איז געווען דער ענטפער אויף איר פאָרשלאַג, אַז ער זאָל זיך באַמיען צו אַנטלויפן.

און אַזוי איז געשען: ער איז נישט געווען קיין אויסנאַם. ער האָט מיטגעמאַכט דעם גורל פון אַלע יידן. ער איז מער נישט צוריקגעקומען.

איצט, מער ווי צוויי יאָרצענדליקער נאָך זיין אַוועקגיין, דערשיינט אין בוך־פאָרם דאָס אַלץ, וואָס עס איז געבליבן פון זיין ליטעראַרישן פאַרמעג. און עס איז וואָרשיינלעך, אַז דער גורל האָט פאַרהיטן אַלץ, אָדער כמעט אַלץ, וואָס דער יונגער יאָסל צוקער האָט באַוויזן צו שאַפן.

צענדליקער יאָרן זענען אַ גענוגנדיקער צייט־אָפּשניט אויף אויסצופרובירן די קינסטלערישע דויערהאַפטיקייט פון אַ ווערק. איז עס אפשר לטובה פון די שאַפונגען אין אָט דעם בוך, וואָס זיי דערשיינען אַזאַ לאַנגע צייט נאָך דעם ווי זיי זענען געוואָרן אָנגעשריבן. ווען מען לייענט איצט יאָסל צוקערס דערציילונגען, זעט מען, אַז זיי האָבן אויסגעדויערט, אַז זיי האָבן איינגעהאַלטן זייער פרישקייט און אוממיטלבאַרע ווירקונג — אַ באַווייז, אַז דאָס זענען קינסטלערישע שאַפונגען פון אַ הויכער מדרגה.

*

גאָר יונג, אין עלטער פון 14 יאָר, איז יאָסל צוקער געקומען, ווי אַן עמיגראַנט פון פוילן, קיין פראַנקרייך. אין פּאַריז איז ער געוואָרן רייף, דורכגעמאַכט זיין גייסטיקע אַנטוויקלונג. אָבער אין זיין אינטערעסן־קרייז האָט דאָמינירט דער יידישער אימיגראַנט — מיט אַלע זיינע פּלאָגן און

צרות, מיט די שוועריקייטן צו אַקלימאַטיזירן זיך אין נייעם לאַנד, מיטן געיעג נאָכן שטיקל ברויט, און אַפילו מיט דער פייניקנדיקער נאָסטאַלגיע צו דער אַלטער היים.

דער יידישער פאָלקס־מענטש געפינט זיך אין צענטער פון אַלע זיינע שאַפונגען, סיי ווען די העלדן זענען אימיגראַנטן אויפן בעלוויל און אויפן „פלעצל" פון פאַריז, סיי ווען דאָס זענען אַזעלכע געשטאַלטן, ווי הערש־לייב, „דער לעצטער דאָרפס־ייד", אָדער אַביש פון דער דערציילונג „האָס".

אין זיינע דערציילונגען וועגן לעבן פון די יידישע אימיגראַנטן אין פאַרמלחמהדיקן פאַריז, פירט יאָסל צוקער פאַר אונדז אַדורך א רייכע גאַלעריע טיפן, מענטשן פון פאַרשידענעם עלטער און מענטאַליטעט. אין איינער פון זיינע ערשטע דערציילונגען, „אין איינעם אַ הויז", איז דאָס דער האָטעל מיטן שיין־קלינגענדיקן נאָמען „האָטעל מאָדערן" די פיל־עטאַזשיקע בינע, אויף וועלכער דער דערציילער ברענגט ארויף זיינע אומצאָליקע גע־שטאַלטן. די צימערלעך פון אָט דעם האָטעל זענען אָנגעפראָפט מיט די „גרינע" אימיגראַנטן פון פוילן און פון רומעניע. יעדעס צימערל איז אַ וועלט פאַר זיך; אין יעדער אַזאַ „דירה" — אַן אַנדערע טראַגעדיע. אָבער איין זאַך פאַראייניקט די אַלע מענטשן, וואָס זענען געלאָפן פון זייערע געבוירן־היימען צוליב יידן־שנאה און נויט — און דאָס איז דער ווילן צו באַפרייען זיך פון פיין, דערשלאָגנקייט און איינזאַמקייט. אָט דער ווילן דריקט זיך אויס ביי יעדן איינעם פון זיי אויף זיין אופן.

צווישן די איינוווינער פונעם אומהיימלעכן „האָטעל מאָדערן" זעען מיר פּראָלעטאַריער און הענדלער, רעוואָלוציאָנערן און פשוטע פאָלקס־מענטשן, „אינטעליגענטן" לאַ־יוצלחס און עלטערן, וואָס אַרבעטן „גאָטס־שעהען" און „עקספּלואַטירן" זייערע אייגענע קינדער. טראַגיש ביז גראָ־טעסק זענען די יעניקע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך פאַרגענומען „אַרויפ־צואַרבעטן זיך" פאַר יעדן פרייז, אָבער די אָפטע „מאַרט־סעזאָנען" און די אַרבעטסלאָזיקייט צעשטערן זייערע פּלענער. בלויז געציילטע פון זיי גיט זיך עס איין.

און ווי זעט אויס דאָס לעבן פון די וויניקע „אַרויפגעאַרבעטע"?

וואָס פאַר אַ טעם האָט זייער דערגרייכט גליק? וואָס פאַר אַ פּנים האָט זייער רייכע היים?

אין עטלעכע פון זיינע דערציילונגען שילדערט יאָסל צוקער אָט די „פּאַמאַלניקעס“, די געוועזענע אַרבעטער און הענדלער, וואָס זענען שוין אַליין באַלעבאַטים פון געשעפטן און פאַבריקן און זייערע ווייבער זענען אויסגעפוצטע מאַדאַמען מיט דינסטן און הינטלעך. די פּוסטקייט אין דער נשמה, די אויסגעוואַרצלטקייט פון יעדן באָדן, אַנטפּלעקט זיך נאַקעט און גרויזאַם ערשט דעמאָלט, ווען די דאגת־פּרנסה פאַרשווינדט און עס איז שוין מער נישטאָ נאָך וואָס זיך צו יאָגן. דעמאָלט דערזעען זיי, אַז דאָס ווייב איז פאַלש, אַז די קינדער זענען פרעמד און אַז די אויסגע־פּוצטע דירה איז אומהיימלעך פּוסט. ווי אויפשוידערנדיק אין זיין פּלאַס־טישקייט איז דאָס בילד, ווען דער „אַרויפגעאַרבעטער“ מאָריס־בערנאַרד פאַרלאָזט אין דער נאַכט פון ניי־יאָר זיין רייכע שטוב און גייט אַוועק אויף אַ הוליאַנקע צו זיינע אַמאָליקע חברים, די שמאַטע־הענדלער; און ווי טראַגיש איז זיין סוף, ווען ער צינדט אונטער זיך צוזאַמען מיט זיין מאַגאַזין — די דערגרייכונג פון זיין גאַנצער מי („אַ פרעמד לעבן“).

*

יאָסל צוקערס דערציילונגען וועגן דער „אַלטער היים“, זענען די קינסטלערישע באַווייזן פאַרן אויסוואַרצלען זיך פון די געשטאַלטן, וואָס ווערן געשילדערט אין די דערציילונגען פון „פאַריזער לעבן“. די בענק־שאַפט צו פּוילן, וואָס לעבט נאָך ביי די אימיגראַנטן אויפן פאַריזער ברוק, ווערט אומברחמנותדיק צעריסן, ווי נאָר די „אַלטע היים“ דערשיינט אין איר רויער ווירקלעכקייט. דעמאָלט ווייזט זיך אַרויס, אַז אויך דאָרט, אין אַנטיסעמיטישן פּוילן, איז פאַר זיי די ערד אַ פרעמדע, און דערצו נאָך — אַן אַכזריותדיקע, ביז בלוט און באַליידיקונג.

בכלל איז כדאי צו באַמערקן, אַז צוזאַמען מיטן וווּקס פון אַנטי־סעמיטיזם און מיט די ערשטע נאַציש גזירות און רדיפות אויף יידן, האָט ביי יאָסל צוקער אָנגעהויבן שטאַרקער ווערן דער אינטערעס צו דער גורל־

דיקייט פון יידישן מענטש און צום גאַנצן פּלאָנטער פון יידיש־נאַציאָנאַלן פּראָבלעם. דאָס זעען מיר שוין פון די טעמעס, וואָס האָבן איס אַבסאָרבירט אין די לעצטע יאָרן, האַרט פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה: „דער קאַש־מאַר פון אַ סעפּטעמבער־נאַכט", „דער לעצטער דאָרפסייד", „דאָס אַנט־לויפן פון אליעזר שעמניצער", „פּאָרטרעט פון יאָהאַן סעבאַסטיאַן בורג־נער". אין די דאָזיקע דערציילונגען באַרירט יאָסל צוקער אויף זיין אייגנ־אַרטיקן אופן אַ ריי פּראָגן, וואָס זענען ביזן היינטיקן טאָג אַקטועל אינעם לעבן פון יידישן יחיד.

פון געוויסע סימנים, צעוואָרפענע איבער פאַרשידענע דערציילונגען (ווי, למשל, דאָס איבערחזרן זיך פון געוויסע נעמען אין עטלעכע פון די שאַפונגען), איז קענטיק, אַז אין דעם יונגן פּראָזאַיקער האָט געלעבט די אַמביציע צו געשטאַלטיקן דאָס לעבן פון יענער תקופה, וואָס איז שוין פול געווען מיט די פּאָרויסזאָגונגען פון חורבן — אין איין גרויס ווערק. קענענדיק זיין עקשנות און פּאַטענץ, מעג מען זיין זיכער, אַז דאָס וואָלט זיך איס זיכער איינגעגעבן.

*

יאָסל צוקער איז געווען אַ פּילזייטיק באַגאַבטע קינסטלערישע נאַטור. ער איז געווען זייער מוזיקאַליש, געפּילט מאָלעריי און סקולפּטור. ער איז געווען דורשטיק נאָך וויסן, און אַלץ, וואָס ער האָט דערגרייכט, האָט ער איינ־גענומען מיט זיין אייגענעם כוח און ווילן. ער האָט נישט געהאַט קיין לייכט לעבן, אָבער מיט זיין עקשנות האָט ער גובר געווען אַלע שוועריקייטן.

אויסערלעך האָט יאָסל צוקער געקענט מאַכן דעם איינדרוק פון אַ האַרבן און בייזלעכן. האַרב איז ער אפשר טאַקע געווען, האַרב און שטרענג, אָבער נאָך מער ווי צו יענעם — צו זיך אַליין. ער האָט אַלעמען געקענט זאָגן דעם אמת אין די אויגן אַריין און ער האָט נישט קיין מורא געהאַט, אַז יענעם וועט עס נישט געפעלן. דערפאַר אָבער האָט ער אויפריכטיק און אָפן זיך געקענט פריינען מיט אַ חברס אַ געלונגענער שאַפונג, און תמיד האָט מען געהאַט דעם איינדרוק, אַז איס איז ליבער יענעמען צו לויבן, איידער אַרונטערצורייסן.

אָבער בייזלעך איז ער שוין דווקא נישט געווען. זיין געמיט איז געווען דורכגענומען מיט אַ סך צאַרטקייט און מיטגעפיל — צו קינדער, צו שוואַכע, צו אַלע באַליידיקטע און דערנידעריקטע, צו די מיטמענטשן, וואָס ווערן געפייניקט פון נויט, ווי פון איינזאַמקייט. פון דאַנען טאַקע נעמט זיך דער לירישער טאָן אין כמעט אַלע זיינע דערציילונגען, און דערפאַר אפשר האָט ער אין די לעצטע שווערע מאָמענטן פון זיין לעבן געשריבן פאַטעטישע פראָזע און לידער.

*

אונטער זיינע דערציילונגען פיגורירן נישט קיין גענויע דאַטעס (חוץ אויף זיין לעצטער לירישער נאָוועלע פון פיטיוויער לאַגער). יאָסל צוקער פלעגט אַרבעטן גלייכצייטיק איבער עטלעכע זאַכן. דאָס דאָזיקע בוך איז געבויט טעמאַטיש און נישט כראָנאָלאָגיש, הגם ערטערווייז קומען זיך דיביידע זאַכן צונויף, ספּעציעל איז דאָס שייך צו דער לעצטער טייל פונעם בוך.

אין דעם דאָזיקן בוך זענען אַריין יאָסל צוקערס דערציילונגען, וואָס זענען אין קיין בוך־פאָרעם אָדער בכלל אין ערגעץ נישט געווען אָפּגעדרוקט, און אויך די 9 דערציילונגען פון יאָסל צוקערס ערשטן בוך „אַ פרעמד לעבן״, דערשינען אין יאָר 1939 אין וואַרשע ביי דער מיטהילף פון יידישן פּ. ע. נ.־קלוב.

צום סוף פון דעם בוך גייען אויך אַריין יאָסל צוקערס לידער.

אַלע שאַפונגען פון יאָסל צוקער זענען אָפּגעהיטן און געראַטעוועט געוואָרן דורך זיין איבערגעגעבענער פרוי אסתר.

*

יאָסל צוקערס פראָזע איז געבליבן פריש און לעבעדיק נישט בלויז צוליב איר טעמאַטיק, נאָר אויך אין איר מאָדערנעם צוגאַנג צו דער טעמע.

דער ריטעם פון יאָסל צוקערס שורה איז אַ ברויזנדיקער, זיינע אימאַזשן און מעטאַפאָרעס אָטעמען מיט היינטצייטיקייט. לייענענדיק די דערציילונגען, וואָס זענען געשריבן געוואָרן מיט צענדליקער יאָרן צוריק, האָבן מיר דעם איינדרוק, אַז די פאַרגאַנגענע צייט האָט אויף זיי נישט איבערגעלאָזן דעם מינדסטן שטויב; זיי דערשיינען, ווי נאָר וואָס אויסגעגאָסענע פון אונטער דעם מייסטערס האַנט.

**בינם העלער**

פעברואר 1963

# יאסל צוקער

## ביאָגראַפישע דאַטעס

געבוירן דעם 20טן סעפטעמבער 1912 אין ראַדזין, פוילן, ביי נישט קיין רייכע עלטערן. אין עלטער פון 4 יאָר פאַרלוירן די מוטער. אַוועק קיין וואַרשע צו זיינע עלטערע ברידער. אין 1926 געקומען קיין פאַריז צו אַ ברודער. געלערנט אין אַ פאַך־שול פאַר סטיל־לאָמפן און געענדיקט די שול מיט אַ זילבערנעם מעדאַל. דעביוטירט אין 1933. אין יאָר 1939 איז אין וואַרשע דערשינען זיין ערשטע זאַמלונג דער־ ציילונגען א. נ. „אַ פרעמד לעבן“.

אַרעסטירט געוואָרן דורך די נאַציס דעם 8טן יאַנואַר 1942. געזעסן אין פאַרשידענע לאַגערס, ביז ער איז אָנגעקומען קיין דראַנסי. פון דאָרט האָט מען אים דעפּאָרטירט דעם 18טן יולי 1942.

# אַ פרעמד לעבן

I

יאָרן לאַנג האָט מאָריס־בערנאַרד געשטופּט אַ וועגעלע איבער די פּאַריזער גאַסן. יאָרן לאַנג האָט זיין דאַר עקשנותדיק פּנים זיך געריסן צו די פענצטער אַרויף:

— מאַרשאַן ד׳אַבי שיפאָן! (אַלטוואַרג קויף איך).

ווען ר׳איז ענדלעך אויפגעקומען פון דעם דאָזיקן „בייזן חלום” האָט ער געעפנט אויף רי ד׳אַבוקיר אַ קליין מאַנופאַקטור־געשעפטל, וואָס איז מיט דער צייט גאָר וואַזשנע אויסגעוואַקסן. דעמאָלט איז מען אַריבער וווינען אין אַ מאָדערנעם אַפּאַרטאַמענט אויף די גרויסע בולוואַרן. דעמאָלט איז אויך באַשלאָסן געוואָרן: דער זון וועט ווערן אַן אינזשיניער, דאָס טעכטערל — אַ טענצערין און צום ווייב זאָל יעדן טאָג קומען אַ לערער פון פראַנצויזיש.

אַפילו סתם פרעמדע האָבן אומעטום אָפן אַרויסגעוויזן זייער פאַר־ערונג מאָריס־בערנאַרדן, געלויבט זיינע פעיקייטן. אין פאַרבאַנד פון איינ־געוואַנדערטע יידן איז ער געוויילט געוואָרן אַלס ערן־פּרעזידענט. סאָסיעטעס האָבן אים געשיקט איינלאַדונגען (נישט דורך דער פּאָסט, נאָר מיט אַ שליח) ער זאָל זיי אָנטאָן דעם כבוד בייצוזיין אַ באַנקעט, אַ באַל. אין דער זומער־קאָלאָניע פאַר אָרעמע קינדער האָט ער מיט זיינע נדבות געוואָלט אַלעמען איבערשטייגן, עקשנותדיק געוואַרט אויף שבחים און ערב ראש־השנה האָבן די ווינטשעוואַניעס אין יידישן בלאַט באַטראָפן אפשר אַ פערטל בלויז אויף זיין נאָמען.

און דאָך איז מאָריס־בערנאַרד געווען פאַרביטערט.

די פּופּציקער האָבן זיך אָנגערוקט און זיין דאַר, קרענקלעך גע־שטעל — וואָס קיין שום סאַנאַטאָריע איז נישט בכוח געווען צו באַפרייען

פון די ירושה־צוואַנגען — איז איינגעשרומפּן מיט יעדן טאָג. נאָך אַ יאָר... נאָך אַ יאָר... נישט ער וועט געניסן פון זיין האָרעוואַניע... און ס׳ביסל כבוד פון די נויטבאַדערפטיקע עמיגראַנטן — אַ ליאַדע אַבי ווער קאָן דאָס דערגרייכן!...

אַז קיינער איז אין הויז נישטאָ, כאַפּט ער זיך אַריין אין זונס צימערל, זוכט אויף זיין סטודענטן־קאַרטע און קוקט אַזוי לאַנג אויף דער אַרויפגעקלעפּטער פאָטאָגראַפיע — ביז ער דערזעט זיך אַליין...

— מיט מיינע פעיקייטן... הע?

די פאַרלוירענע וועלט־טיטולן, וועלט־דערגרייכונגען, דער רעוומאַטיזם אין די ביינער, די אָפּטע הוסט־אָנפאַלן האָבן אים געפּייניקט ביי נאַכט אויפן געלעגער, ביי טאָג — אין געשעפט. אויף די אָנגעשטעלטע האָט ער זיך געכעסט אָן אַ פאַרוואָס, געזידלט. ביים עסן איז ער געוואָרן קאַפּריזנע, ווי אַ פיצלס. ער האָט נישט געקאָנט צוקוקן, ווי דאָס ווייב דרייט זיך אַרום אין ענג־געפּאַסטע, טיף־דעקאָלטירטע קליידער און נאָר זי מאַניקירט זיך, פאַרבט די האָר אַלע פּאָר וואָכן.

— ס׳ט שוין יינגער נישט ווערן...

— המ... צוויי פיסעלעך — נאָר אויף אַ קאָנקורס!

דער מאַדאַם ראָזאַלין האָבן די אַלע שטעכווערטלעך אַזוי געווילט, אַז זי פלעגט אַזש נישט קענען איינהאַלטן איר געקינצלט דין געלעכטערל:

— מאַ פאַראָל, ר׳איז דאָך „זשאַלו״ (אייפערזיכטיק) דער אַלטער ביין...

אין די פרימאָרגנס, נישט קימערנדיק זיך פאַרן מאַנס אָנוועזנהייט, פלעגט זי שעהענווייז אָנקוקלן אין שפיגל פון איר רייפן פערציקיעריקן קערפּער, געריבן אים מיט פאַרפומען און מיט אַלערליי קרעמען. אַלץ אין איר איז געווען מוטערלעך־פול, מוטערלעך־סענסועל, ווי אַן אַקט פון רובענס. מאַדאַם ראָזאַלין האָט פון עקראַן אַראָפּ (קינאָ איז געוואָרן איר גייסטיק פאַרגעניגן) געלערנט איינצושטעלן איר ניי לעבן, סיי לגבי פרעמדע, סיי צו די קינדער און צום מאַן. זי האָט געחלומט פון ברייטע אויפנאַמס ביי זיך אין הויז, פון שטורמישע אייפערזוכט־סצענעס, פון פאַרראַט. ביים פראַנצויזיש־לערער האָט זי אַנומלט געבעטן, ער זאָל איר באַזאָרגן די

ליבעס־בריוו פון קאַזאַנאָוואַ... און צום מאַן, ביי יעדער געלעגנהייט, מיט פאָרוואורף:

— לעבסט דען אין צוואַנציקסטן „סיעקל" (יאָרהונדערט) און אין אַזאַ לאַנד, ווי ס׳איז פּאַריז? קים צישן מענטשן! לאָז געמאַך דיינע פּאַרכעס מיטן פאַריין צינעזאַמעט! אוי, גלייב מע, האָסטי שכל...

מאָריס־בערנאַרדן האָט אַזאַ רעדן געטריבן פון שטוב אַרויס: איז דאָס די אייגענע רויזע, וועלכע האָט זיך געבויגן איבערן איינגעהאַנדלטן ביסל אַלטוואַרג (ווען ער איז אַ דערשלאָגענער פון מידקייט אַהיימגעקומען), עס אַליין סאָרטירט, אַליין דערמיט געלאָפן אין דער שמאַטעס־האַליע אויף רי דע ראָזיע? און הויזן אויסצוועגדיקן האָט זי דען נישט אַהיימגענומען? אויפגעזעסן ביז עלעווע־צוועלעווע ביי נאַכט, שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט רויטע, געשוואָלענע אויגן. און ס׳איז געווען שאַ, שטיל, ווי מיט אַ זמרל איז אַלץ געווען צוגעדעקט...

אַ מאָל, אַז לואיזעט, דאָס טעכטערל, האָט אים דערזען אָנקומען, האָט זי אַלץ אָפּגעלאָזט: עסן, שפּילעריי — און אַרויפגעשפּרונגען אויף אים, פאַרקייטלט אירע זיסע הענטעלעך אַרום זיין דאַרן באַוואַקסענעם האַלדז און גאָר אַראָפּ נישט געוואָלט, אויסגעקושט אים ס׳גאַנצע פּנים. היינט זאָגט זי פאַרקרימענדיק זיך: „דעם פּאַפּאָס באָרד שטעכט... כ׳ל קריגן רויטע פלעקן... אַ מאָדערנער פּאַ האָט נישט קיין באָרד!" און ווען ער קומט אַהיים זעט זי אים נישט מער, די טירן פון אַלע צימערן זענען אויפגעפּראַלט און זי טאַנצט, אונטערזינגענדיק, צימער־איין, צימער־אויס, אַהער — אַהין.

— זאָלסט מיר אויפהערן שפּרינגען, ווען כ׳קום אַריין! — פאַר־קלאַפּט ער די טירן.

לואיזעט — אין קורצן ווייסן באַלעט־קליידעלע, די שלאַנקע יונ־גיטשקע אָרעמס און פיסלעך אָפּגעדעקט, גאָלדיק־ראָזלעכע — בלייבט שטיין מיט אַן אָנגעצונדענעם בליק. די שוואַרצע ברעמען צונויפגעצויגן. אין די חן־גריבלעך אַרום פולן רויטן מיילעכל ליגט שפּאָט. אָט דער שפּאָט, מיט וועלכן דאָס גאַנצע הויז קוקט אויפן „אַלטן". ס׳ווערט אים קאַלט...

— וואָס גלאָצסטו אויף מיר, וואָסי. דער טאַטע געפעלט דיר שוין אויך נישט?

לואיזעט קריגט מורא, נעמט זיך רוקן אויף צוריק.

— אַ לעקציע...

ער זעט אירע נאַקעטע הענטלעך, דערפילט זייער אַמאָליקן זיסן ריח, ווען זיי האָבן געפלעגט צערטלען זיין פאַרשוויסט פנים... די איינזאַמקייט צעוואַקסט זיך אַרום אים...

— „זש׳מאַן פו" מיט דיין לעקציע! דערווייל בין איך נאָך באַלעבאָס ביי מיר אין הויז — זאָלסט מיר אויפהערן צו האָפּצן, ווען איך קום אַריין!

און דער זון שאַרלאָ? — אַ גרינג לעבן האָט ער זיך: וואַקסט אין דער לענג און אין דער ברייט. ס׳איז געגנוג איין פּיפּס, אַז ער וויל האָבן דאָס, אַז ער וויל האָבן יענץ.

ער, מאָריס־בערנאַרד, האָט זיך אָפּגעשפּילט אין זיין קינדהייט מיט אַ פּוסטן חלום, געחלומט פון אַ רייטוועגעלע...

אין זיין זונס עלטער האָט ער געקאָוועט זעכצן שעה אין מעת־לעת ערגעץ אין אַ קעלער ביי אַ יידישן כאַלופּניק...

— שוין וויטער געלט? צו וואָס! — איז ער איין מאָל אַרויס פון געדולד און זיינע געלע, דאַרע הענט האָבן געכאַפּט טרייסלען דעם זונס אַרבל — צו וואָס געלט, וויל איך וויסן! אויף שיקסעס, הע? ביי די ביכער זאָלסטו מיר ליגן אַזוי ווי איך בין אויסגעריסן געוואָרן אין די מיסטן! ביי די ביכער ווער געשוואָלן!

מאַדאַם ראָזאַלין איז אָנגעלאָפן:

— וואָס טשעפּעט ער זיך צו די קינדער? קום, שערי...

שאַרלאָ, אויסגעפּראַנטעוועט, מיט צוויי קעפּ העכער פאַרן טאַטן, מיט אַ רויטער געזונטקייט אין די באַקן, האָט פאַראַכטנדיק אַראָפּגעבליקט צום קראַנקן מענטשל.

— פאַר וואָס בין איך געבוירן געוואָרן אין אַזאַ הויז, אַזאַ אומגליקלעך הויז... — האָט ער געזאָגט אין אַ קלאָג־טאָן.

די מוטער האָט אים מיטגעפילט, וואָרעם איר אייגענער וויטיק איז געלעגן אין אָט די ווערטער.

— נו, נעם זיך נישט צום האַרצן, קינד, — האָט זי אים איינגע־

נומען — אָבער אַ באַרימטער ווײסט דו אויסוואַקסן, נישט עמעץ אַנדערש! (דערבײ וואַרפט זי אַן איראָנישן בליק צום מאַן) ווײפל געלט דאַרפסטו, זאָג...

די גרויסע נביאות, וואָס זי פלעגט אַזוי אָפט לאָזן פאַלן, האָבן איצט שאַרלאָן דערמוטיקט, האָט אַן איבעריקס מאָל אונטערגעשטראָכן די ניש־טיקײט פון דעם, וואָס פאַר דער וועלט הײסט ער: זײן טאַטע. אײגנטלעך בינדט דאָך אים גאָרנישט צו דעם נעבעכדיקן מענטשל מיטן גראָען פּנים, וואָס זעט אויס, ווי באַוואַקסן מיט אַ ברודיקײט. ווען זײנע חברים קומען אַהער, שעמט ער זיך זײ צו זאָגן: דאָס איז מײן פאָטער. ער האָט דעמאָלט אַ געפיל, אַז ס׳שטינקט פון אים... און כּדי אָפּצוואַשן יעדן חשד, לאַכט ער מיט מיט זײ פון „אַלטנס" יידיש, פון „אַלטנס" צעקאַליעטשעטן פראַנצױ־זיש... שאַרלאָ האָט אַצינד געמאַכט אַ טראַט אויף צוריק, ווי מ׳דערווײטערט זיך פון אַן אָנגעטראָפּענער מיאוסקײט. און שטײף האָט ער געמאָלדן:

— כ׳וויל נישט, מ׳זאָל צו מיר רעדן אויפן זשאַרגאָן פון דער רי דע ראָזיע! און לואיזעט וויל אויך נישט, מ׳זאָל זי רופן: „לײעלע־שמײעלע"...

מאָריס־בערנאַרד איז געשטאַנען אָן אַ באַוועגונג, דאָס פלײצעלע אײנגעצויגן, די אויגן ווײטיקלעך פאַרקוועטשט, ווי אונטער קלעפּ פון אַ כוליגאַן... אָבער פּלוצעם איז אַלץ אין אים איבערפולט געוואָרן מיט גבורה, אַלץ האָט אין אים אויפגעטרײסלט — און צווײ פעטש האָבן אָפּגעהילכט.

מאַדאַם ראָזאַלין האָט עטלעכע מאָל אַרויסגעקוויטשעט: „אַ באַנדיט ביסטו, נישט קײן טאַטע!" און זי האָט אָנגעשטעלט דעם ראַדיאָ אויפן העכסטן טאָן, די דינסט זאָל נישט דערהערן די קריגערײ. שאַרלאָ האָט אַוועקגעקאָפּעט אַלץ, וואָס איז געשטאַנען אויפן וועג צו דער טיר. אַ ווענוס־סטאַטועטקע איז אַראָפּגעפאַלן מיט אַ טראַסק. און איבער אַלעם האָט אַראָפּ־געשוועבט אַ הײזעריק קול:

— אויף יידיש האָב איך געהונגערט! אויף יידיש האָב איך זיך געמאַטערט!... כ׳באַדאַרף נישט קײן אינזשיניערן! כ׳וויל נישט קײן טענצערינס!

מאַדאַם ראָזאַלינס בײזע געלעכטערל האָט דורכגעשטאָכן זײנע רייד:

— אַלטער נאַר! הײנטיקע צײטן לעבן דײנע קינדער מיט אַ „קאָל־טוע", מיט אַ „בײס"...

דאָס האָט אים נאָך מער דערצאָרנט. ער איז געלאָפן איבערן צימער און געריסן פון זיך הייזעריקע שטיקער געשריי:

— און דיר האָב איך אויך עפּעס צו זאָגן: ביסט נישט קאָ מיידעלע פון אַ יאָר זעכצן, וואָס דו דרייסט זיך אַרום אין אַזאַ הולך! ביי מיר אין הויז איז נאָך דערווייל נישט קאָ קאַבאַרעט!

— כ׳האָב געגוג לאַנג אָפּגעפּינצטערט מיין לעבן מיט דיר ביי די שמאַטעס, ווייסטו דערפון?

— ווער האָט דיך צוגעהאַלטן, ווער?

זי איז אויפגעשפּרונגען טיף באַליידיקט:

— דו משה־בער בהמה, וואָס ביסט פאַרבליבן! ווי׳סט שוין יאָ וויסן, ווער ס׳האָט מיך צוגעהאַלטן? על כ׳דיר טאַקיש זאָגן: כ׳האָב צופיל רחמנות געהאַט אויף דיר!

דריי מאָל האָט זי איבערגעחזרט דאָס וואָרט „רחמנות".

ער איז געבליבן שטיין, ווי געשלאָגן פון אַ פּלוצעמדיקער בלינדקייט. דאָס פּנים איז באַדעקט געוואָרן מיט אַ מת־ווייסקייט, אַ טרערן־הייטל האָט פאַרצויגן די אויגן, יעדער נערוו איז פאַמעלעך אָפּגעשטאָרבן אין אים. מיט שרעק האָט ער דערפילט אַ טויטקייט זיך אַראָפּגליטשן אין זיינע פיס אַריין, אייך בלאָז — און ער פאַלט. האָט ער מיט אַ מאָל אַרויסגע־קוועטשט פון זיך אַ געלעכטערל (זיין פאַרפייניקטע גאַווה איז געוואָרן געראַטעוועט), אַ געלעכטערל ענלעך אויף אַ הוסט.

— פּההעהע — הע — הע... רחמנות אויף מאָריס־בערנאַרדן!... פּההעהע — הע — הע... — איז דאָס געלעכטערל געוואָרן שווערער, האַר־טער, אָנגעצויגן צו אַ געשריי, וואָס האָט טאַקע באַלד אויפגעפּלאַצט — גייטס מיר אַרויס פון די אויגן! אַלע! אַלע!

ר׳איז אַריינגעפאַלן אין אַ טיפן פאָטעל, קאָפּ, הענט און פיס — איין קנויל. און ווייל די פאַרנאַכטיקע שאָטנס זענען געדיכט אויף אים אָנגעפאַלן, האָט ער געקריגן אַן אויסזען פון אַ פּעקל אָנגעוואָרפענע שמאַטעס.

אין די ווייטע צימערן האָט געטאַנצט מאַדאַם ראָזאַלינס דין גע־לעכטערל.

II

איצט, מיטן אַריינקומען פון מאָריס־בערנאַרדן, האָט זיך איבערן הויז אויסגעשפּרייט אַ שווייגן. די קינדער זענען געלאָפן אין זייערע צימער־לעך אַריין; דאָס ווייב האָט זיך גענומען פאָרען ביי דער שטייג מיט די קאַנאַריקלעך, אָדער זי איז אַוועק אין סאַלאָן אַריין. דער דינסטס אויפגאַבע איז געווען צו מעלדן דעם מסיע, אַז אַלע האָבן שוין אָפּגעגעסן. איז ער אַליין געזעסן ביים גרויסן טיש און לאַנג געקייט, נישט געוווסט צו מאָל, וואָס מ׳דערלאַנגט אים. אַלץ האָט געהאַט דעם זעלבן טעם, אָדער האָט בכלל נישט געהאַט קיין שום טעם. ער האָט אַריינגעגאָסן אין זיך דעם איידעלן בורגאָניער וויין און געבליבן זיצן אויפגערייצט, מיט פעטע, באַגאַווערטע, צעשפּרייטע ליפּן. זיין אויער איז געוואָרן ביז גאָר עמפּינדלעך: אַ מינדסטער שאָרך פון די ווייטע צימערן האָט אָפּגעקלונגען אין זיינע אויערן, ווי אַ געלעכטערל — דאָס חוזקן די קינדער פון זיין גראָ בערדל... דאָס חוזקט „זי״ פון זיין פראַנצויזיש פאָרן לערער...

אָט דער לערער איז ביסלעכווייז געוואָרן אַן אָפּטער איינגייער אין הויז (אַפילו אין צווישן די לערן־שעהען), געבליבן אויף מיטאָג און פאַרבליבן צום אָוונט־ברויט. ער האָט געררייכערט אַן אָריגינעל לולקעלע, אַ מין אויסגעשניצט לאָקאָמאָטיוול, און גערעדט קלינגענדיק, כמעט זילבנווייז. זייער שיין נאָכדערציילט אַ וויץ, אַן אַנעקדאָט. שאַרלאָ פלעגט זיך מיט אים באַנוצן, ווי מיט אַ ווערטער־בוך. פאַר לואיזעטן — ווי פאַר דער מוטער — איז ער געווען די פאַרקערפּערונג פון דעם „אַלץ ווייסנדיקן״. דאָס מיידעלע האָט זיך געדראַפּעט אויף זיינע אַקסלען, אים געקושט (ווי אַ מאָל דעם פאָטער), און זיך געבעטן, ער זאָל איר באַגלייטן אויף דער פּיאַנע צו אירע טאַנץ־רעפּעטיציעס:

— סי! סי! מאַ זאָגט, איר קענט אַלץ!

— קינדעלע, מיט אַזעלכע־אָ הענט?... (פלעגמאַטיש־ווייסע, דורכזיכ־טיקע, ווי ביי אַן אַלטער אַדעליקער מאַדמואַזעל).

מאָריס־בערנאַרד האָט נישט געקאָנט צוהערן, ווי אין אַלע ווינקעלעך

קלינגט מיט אָט דעם הויכן, פלעגמאַטישן יונג, פאַר וועלכן אַלע האָבן דרך־ארץ. זיינע נערוון זענען געוואָרן געשפּאַנט ביז פּלאַצן.

— כ'בעט אייך, מיין ליבער קוזין, — האָט ער געצישעט צווישן די ציין — איר זענט טאַקיש אַ געענדיקטער, מיט אַ פּאַפּיר? פאַר וואָס זשע האָט איר נישט חתונה און עפּנט נישט אַ קאַבינעט? דאַכט זיך מיר, איר האָט שוין אונטערגעחתמעט העכער „דרייסיק וועקסעלעך״, הע־הע...

אַ מאָל האָט דער לערער געשמט פאַר אַן עילוי, זיין פאָטער — אַ דיין אין לובלינער קרייז — האָט געגאַרט צו זען אין אים אַ רב. אָבער ער, דער זון האָט זיך געחברט מיטן רמב״ם, מיט מיצקיעוויטשן און היינען, געלייענט די יידיש־רוסישע משכילים. אין בערלין האָט ער אַ צייט שטו־דירט מאַטעמאַטיק. אין פּאַריז האָט ער געהונגערט און געלערנט אַלטע געשיכטע און מעדיצין. אומגעפער אַ יאָר איז ער געווען פאַרליבט ((שטערב־לעך) אין עפּעס אַן אינדישער סטודענטקע. אומגעפער צוויי יאָר האָט ער געגלייבט אין סאָציאַליזם, אָנטיילגענומען אין פּאָליטישע דעמאָנסטראַציעס. קען זיין: ער וואָלט נישט געווען אַנטוישט זיינע פּראָפעסאָרן און אויפגע־וואַקסן צו אַ פּערזענלעכקייט, אָבער אינטעלעקטועלע רייפקייט אָן כוח הדמיון (דאָס וואָס אים האָט געפעלט) קען נישט זיין שעפעריש. היינט גלייבט נישט דער לערער אין גאָרנישט, נעמט נישט קיין ביכל אין דער האַנט אַריין און מאַכט גליקלעך די וועלט מיט זיין ציניש שמייכעלע. ער איז אַלט פינף און דרייסיק יאָר, שפּילט שאַך אין געלט, לייגט זיך שפּעט שלאָפן, הייבט זיך שפּעט אויף און האָט אַ סך פריינד צו וועלכע ער קומט אָפּעסן אַ מיטאָג.

מאָריס־בערנאַרדן ענטפערט ער מיט אַ גריזשענדיק שמייכעלע:

— אופּפּף... — אַ הייב מיט די אַקסלען.

נאָר מאַדאַם ראָזאַלין נעמט זיך יאָ פאַר אים אָן:

— ביסט בלויז „קאָלטועפּילאָזיקייט״... — דאָס דאָזיקע שווערע וואָרט חזרט זי איבער עטלעכע מאָל אויפן קול, ווי אַ טריומף־אויסגעשריי. — זי פאַרלייגט דעם קוזינס האַנט אונטער איר אָרעם און דעם קאָפּ — אויפגעריסן, גייט זי מיט אים אַרויס, פאַראַכטנדיק:

— אַך!

מיט דער צייט איז דער לערער געוואָרן די מאָס אין הויז, דער טאָן־געבער. פון טוישן די טאַפּעטן אין עס־צימער, ביז צו דער מאַדאַמס גאַרדע־ראָבע. אין אַ זוניקן טאָג גייט ער מיט שאַרלאָן זיך לודקעווען אין בולאָנער וואַלד. ביי נאַכט באַגלייט ער די מוטער אויף אירע „קינאָ־פּראָמענאַדן“.

*

קיינער באַמערקט נישט, ווי מאָריס־בערנאַרד ווערט אָפּגעקילט צום געשעפט: דער אַמאָליקער פלאַם, די אַמאָליקע ליבע, ווען ער האָט ממש געאָטעמט מיט ציפערן, נישט געקאָנט איינשלאָפן און אויפגעקומען מיטן ערשטן גרוי — איז נישטאָ מער ביי אים. טעג גאַנצע שמעקט ער נישט אין געשעפט אַריין, דערליידיקט אַלץ דורכן טעלעפאָן פון שטוב אַרויס. שעהען שלייכט ער זיך אַרום מיט אַ פינצטער פנים, פאַרקריכט אין די ווינקעלעך אַריין, קוקט אויף אַלעם מיט אַ פאַרטייעטן בליק; אָט לאָזט ער זיך אַראָפּ אין אַ פאָטעל אַריין און כאַפּט אַ דרימל. מיט אַ מאָל — אַ גע־לעכטער וועקט אים. ער שפרינגט אויף, קוקט זיך אַרום: ווו איז ער דאָס? ווער האָט אים דאָ אַהערגעברענגט?... דאָס שפּאָטישע געלעכטער פאַרגנבעט זיך הינטער אים, גיט אים אַ צי ביים בערדל און אַנטלויפט. זייערע שטימעס דערקענט ער... „איר“ שטימע... דעם לערערס... און אַ שטילקייט רינגלט אים אַרום, אַ פּראָסטיקע שטילקייט.

אָבער נאָך פיינלעכער זענען געוואָרן די נעכט: אין ברייטן בעט האָט זיך זיין דאַר לייב נישט געקענט דערוואַרעמען, ס׳האָט געיאָגט אַ קעלט פון אייגענעם העמד, פון דעם עלעקטרישן ראָזן ליכט. אַלץ זעט אויס אויס־טערליש פרעמד, אַפילו די צעהאָנגענע בילדלעך פון די קינדער, פון זיך אַליין. און אין פענצטער קלאַפּן רעגנדיקע האַרבסט־נעכט. מאָריס־בערנאַרדן ברעכט יעדעס ביינדל. אַ מאָל... אַ מאָל איז רוזע נישט אָפּגעטראָטן פון זייך געלעגער אין אַזעלכע נעכט, אַרומגעלייגט אים מיט וואַרעמפלעשער, געגייט אים אויסצוטרינקען הייסע גלעזער טיי מיט ציטרין.

איצט קומט מאַדאַם ראָזאַלין שפּעט אַהיים, זי זיצט נאָך לאַנג פאַרן טואַלעט־טישעלע און ווען זי לייגט זיך ענדלעך אין בעט אַריין, וויל זיך מאָריס־בערנאַרד צו איר צוטוליען...

— אַטאַנסיאָן! די פּריזור ווּעסטו מיר קאַליע מאַכן.

— אָט דאָ, אין קזשיזש...

— דער דאָקטער איז דען נישט געווען?

נערוועז קלינגט זי אָן נאָך דער דינסט, וועלכע שלאָפט שוין:

— ברענג אַריין פאַרן מסיע צוויי גלעזער טיי מיט ציטרין.

און זי פאַרוויקלט זיך אין איר קאָלדרע, איבערלאָזנדיק אין מיטן געלעגער אַ ליידיק אָרט...

*

הויך איז דאָס שלאָפצימער, ברייט און פוסט. די שווערע פּליושענע גאַרדינען זענען האַלב פאַרצויגן. אַ געלבלעכער גראָ קריכט אַרום אויף די ווענט, אויפן בעט. פון דרויסן דערגייט נישט קיין לעבעדיקער אָטעם, בלויז ווינט, בלויז גערויש פון רעגן.

— וואָס יאָמערט אַזוי?...

— וועמען באַוויינט מען?...

אַ ווייטיק שטעכט דורך זיין ברוסט, גליטשט זיך אַוועק איבער די אַקסלען, איבער די הענט — אין די פיס אַריין. דער עכאָ פון זיינע צעבראָ־קלטע שטיקלעך הוסט בלייבט לאַנג הענגען אין גרויסן שלאָפצימער און ווי אַ נאַסער ווינט וואָלט אַרומגעגאַרטלט זיין גוף — אַזוי שוידערט ער אויף; פּרוווט ער מיט די פינגער די אויערן פאַרשטאָפן, נאָר דער עכאָ שרויפט זיך אין די פינגער אַריין און דערגרייכט מיט אַ שאַרפן שפּיץ דעם געהער־הייטל.

קיינער דערהערט נישט זיין קרעכצן. בלויז געיאָמער פון ווינט, געוויין פון רעגן.

מיט אַלע כוחות וויל מאָריס־בערנאַרד אָן עפּעס ליבס זיך אָנכאַפּן, אַרויסרופן די געשטאַלט פון זיין מאַמען און נאָך איין מאָל דערפילן אירע וואַרעמע הענט. נאָר די געשעפטן האָבן אויסגעטריקנט זיין פאַנטאַזיע. די שוואַרצע לוויה־וויזיע בלייבט...

אַ פּחד באַפאַלט אים, וויל ער שרייען, לויפן, אַרויסרייסן זיך פון

דעם שוואַרצן קלעם — און קען בלויז וויינען, מיט גרויסע הייסע טרערן וויינען, ביז דער שלאָף לייזט אים אויס.

דערנאָך, ווען ער קומט אויף, פילט ער זיך שוין היטערדיק, קלינגט אָן אין געשעפט אַריין.

— העכסטנס אַ טאָג־צוויי — פאַרזיכערט ער דעם פאַרוואַלטער — וועל׳ך נאָך ליגן. איר הערט, צום פרילינג, צום פרילינג מ׳זאָל דערלעבן, האָב׳ך אַ גאָלדענעם פלאַן — פוטער מיט האָניק... כ׳לם אייך דערציילן אויספירלעך. און וואָס אי׳געוואָרן מיטן יינג? זאָל ער ברעכן מ׳קאָפּ, איר הערט, וואָס כ׳האָב געזאָגט? כ׳באַדאַרף נישט קיין אָרגאַניזאַציעס ביי מיר אין געשעפט, מאָריס־בערנאַרד האָט ביי קיינעם נישט גענומען, אַלץ מיט די אייגענע צען פינגער אויסגעפּראַצעוועט!

און ווי ער לייגט אַוועק דאָס טעלעפאָן־טרייבל, אַזוי באַפאַלט אים ווידער די אומהיימלעכע שטילקייט. אין פענצטער קלאַפּט דער רעגן... אַ שוואַכקייט פאַרגיסט מאָריס־בערנאַרדן.

— רויזע !... קינדערלעך !...

מאַדאַם ראָזאַלין האַלט אין מיטן אויפוויקלען פאַרן לערער איר פּלאַן וועגן ניי־יאָר:

— כ׳האָב גערעכנט אַ באַל... אינטים...

זי ליגט אויסגעצויגן, דעם קאָפּ אויף זיין שויס. ער זיצט אויף דער קאַנאַפּע, פּיפּקעט ס׳לולקעלע און טראַכט פויל וועגן מאָדנעם צופאַל, וואָס האָט זיי ביידן צוזאַמענגעפירט. אייגנטלעך האָט ער זי פיינט, האָט פיינט איר זאַטן קערפּער, איר פּוסטע גאווה, פּונקט ווי די גאַנצע שטוב איז אים מיאוס. ער האַסט איר רוזקייט, דעם נאַרישן קליינלעכן גלויבן אין זיך און אין אַלץ, וואָס זי טוט. אין מינוטן פון אייגענעם חשבון־הנפש באַהערשט אים אַ תאווה זי צו פייניקן, לאַכן, חוזקן (ווי זי לאַכט און חוזקט פון איר מאַן) — שלעפּט ער ביי איר געלט, שיכורט, פאַרשפּילט אין קאָרטן. שוין יאָרן, אַז ער האָט נישט צו קיינעם קיין בריוול געשריבן און קיינער פון זיינע חברים דערמאָנט זיך נישט אין אים. בלויז זי, זי איינע, באַלאַסט אים מיט איר צערטלעריי, פאָדערט פון אים ליבעס־ריידעלעך, גיט אים סומעס, צו קויפן פאַר איר מתנות...

— אַלבערט, וועגן וואָס טראַכסטו שוין ווידער? — כאַכאַטשעט זי (צווישן זיך דוצן זיי זיך).

אַפילו איר שטימעלע דענערווירט אים אַצינד.

ציט זי זיך צו אים מיט איר פולן קערפּער:

— שערי, זאָגסט מיר קיין מאָל גאָרנישט... מאַך מיר אַ מאָל אַ האַרציקן קאָמפּלימענט...

ער קלאַפּט אויס דאָס אַש פון לולקעלע און שטעלט זיך אויף. זי פאַרוואַרפט אומגעלומפּערט די אָרעמס אַרום אים.

— נעם מיך מיט!

— וווּהין?

— ווּ דו גייסט.

— איך גיי נישט אין ערגעץ. כ׳בין מיד, מיד, פאַרשטייסט?

זי האַלט איין אַ געמאַכט געוויין.

— אַלבערט!...

ער באַפרייט זיך פון איר ברוטאַל, כאַפּט דעם מאַנטל און גייט אַרויס. דאָס מאָל דעצידירט, שוין קיין מאָל נישט צוריקצוקומען.

זי לויפט אים נאָך ביז אויף די טרעפּ.

— שערי...

זי וויינט און איז זייער צופרידן פון דער ראָמאַנטישער איבער־לעבונג.

*

דריי טעג זענען אַדורך. מאַדאַם ראָזאַלין האָט געפונען אַ תירוץ פאַר די קינדער: „אַלבערט איז נישט געזונט". יעדע נאַכט גייט זי שלאָפן מיטן איינציקן געדאַנק, אַז מאָרגן, באַלד אין דער פרי, וועט זי אַריבער־לויפן צו אים: „און אפשר איז ער טאַקע קראַנק?" דאָך האָט זי אָפּגעוואָרט — דער עקראַן האָט איר געגעבן געלערנט, ווי אַזוי צו האַנדלען אין די קאָמפּליצירטסטע סיטואַציעס... און דער תענוג פון וואַרטן, פון אַרויס־גיין די זיגערין, איז געוואָרן זיסער מיט יעדן טאָג.

די לעצטע וואָך פאַר ניי־יאָר איז זי אויפגעשטאַנען פריער ווי

געוויינלעך, געהאָלפן צוגרייטן די צימערן צום באַל, אַליין אָוועק איינקויפן אין שפּייז־געשעפטן פון שענסטן און פון בעסטן; אַליין זיך באַמיט צום דרוקער נאָך די איינלאַד־קאַרטעס. דאָס זענען געווען אַזעלכע בלומען־בלעטלעך באַשריבן מיט גאָלדענע אותיות (מאַדאַם ראָזאַלינס עקראַן־פּראַקטיק האָט איר אויך אין דעם פאַל געלערנט) און האָבן געהאַט איין ציל: — יעדער מאַן זאָל זיצן מיט אַ פרעמד ווייב.

דאָס גרויסע שלאָפצימער איז געוואָרן פאַרנומען פאַר די געסט, און מאָריס־בערנאַרדן מיטן בעט האָט מען אין לעצטן טאָג פאַרן באַל אַריבער־געטראָגן אין אַ זייטיקן צימער.

מאַדאַם ראָזאַלין האָט געקויפט אַ ווייס באַטיסטן העמד, אַ שוואַרצע זיידענע בינדע און צוגעשריבן: „מאָן אַמור! דאָס האַרץ פון אַ געליבטער איז שטאַרקער פון אַלע טויטן, און קאַפּריזן קאָנען נאָר דאָרטן געבוירן ווערן, ווען די געטלעכע פעדעם, וואָס פאַרבינדן צוויי דאָרשטיקע נשמות, זענען שטאַרקער פון קייטן. איך קוש דיך און האָף דיך צו זען צווישן מיינע געסט. דיין דיך ביז־זעלבסטמאָרד ליבנדיקע ר.״...

דאָס פּעקעלע מיטן בריוול האָט זי דורך דער דינסט איבערגעשיקט צום לערער.

*

אין זייטיקן שטיבל, ווו מאָריס־בערנאַרד איז איצט געלעגן, האָט ער געהוסט, געקרעכצט און נישט געקענט קיין אויג צומאַכן צוליבן פריילעכן טומל פון אָנקומענדיקן עולם.

מאַדאַם ראָזאַלין איז געווען באַהאָנגען מיט אויערינגען, מיט שנירן פּערל; רינגען און בראַסלעטן זענען געווען פאַרוויקלט אַרום אירע ווייסע, ווייכע הענט; בריליאַנטענע שפּילקעס האָבן אַראָפּגעוווּנקען פון איר פולן בוזעם. די הויכע, געפּאַליעטע שעוועליר איז פון אַקאַזשו געוואָרן פּלאַטין־בלאָנד. אין איר לאַנג בלוי באַלאָוועס קלייד מיט די טיפע דעקאָלטן און אַנטבלויזטע אָרעמס, איז זי אַלע ווײַלע געפלויגן אין קיך אַריין מיט באַפעלן. יעדעס מאָל, צוריקקומענדיק צווישן די געסט, האָט זי זיך געפונען אין אַ גרויסער פאַרלעגנהייט: נישט געוווּסט, צי פּאַסט כסדר צו שמייכלען, אָדער

זיין ערנסט. דעריבער איז זי צו איין גרופּע אָנגעלאָפן טאַנצנדיק און זינ־גענדיק, געלאַכט מיט איר דין געלעכטערל, וועלכעס זי באַנוצט ספּעציעל אין געזעלשאַפט, און צו אַן אַנדערער גרופּע — אָנגעקומען פייערלעך־ערנסט, שטייף. זי האָט געדרייכערט אַ קליין ווייס לולקעלע (דערמיט האָט זי זיך באמת אויסגעטיילט פון אַלע פרויען) און קאָרעקט אַוועקגעבלאָזן דעם רויך אין דער לופטן.

די אַנדערע דאַמען האָבן אויך געלאַכט מיט קינאָ־אַרטיקע קולעכלעך, זיי האָבן אויך זייער קאָרעקט אַוועקגעבלאָזן דעם סיגאַרעטן־רויך — און אויסגעטוישט רייד:

— סאַ וואַ, מאַדאַם?

— מערסי ביען! און איר וואָס מאַכט?

— אַן אמתדיק פּרעסטל אין גאָס.

— איך, זעט איר, האָב ליבער צו ליגן אויף דער קאַנאַפּקע און איינהערן זיך צום רעגן... ס׳איז עפּעס דעמאָלט אַזוי...

— אַך! דאָס איז דאָך הונדערט־פּראָצענטיקער „באָוואַריזם".

— וואָס אַזוינס?

— פּאַרדאָן: באָוואַ... איין מאָמענט — אַ האָליוודער פילם?

— עפּעס אַ ראָמאַן: „מאַדאַם באָוואַרי".

— האָט איר נאָך געדולד צו ביכער?

— און איך, אויב מען רעדט שוין וועגן געשמאַק, האָב איך קודם־כל ליב, אַז ווינטער זאָל זיין ווינטער און נישט, ווי יענע יינגלעך, וועלכע זענען נאָך נישט קיין מענער און זענען שוין אויס קינדער.

— כאַ־כאַ־כאַ... — איז איינע די אַנדערע מכבד מיט זיסע גע־לעכטערלעך.

— פון דעסטוועגן בענקט זיך מיר טייל מאָל נאָך אַ ביסעלע שניי, ווי אין דער „היים".

— ביזאַר, מאַדנע, כ׳ווייס נישט פאַרוואָס, נאָר כ׳האָב שרעקלעך פיינט צו הערן דאָס דאָזיקע גאָרנישט־זאָגנדיקע וואָרט — היים.

דער לערער, אויסגעפּוצט אין אַ סמאָקינג, די הענט אויף דער ברוסט

פאַרלייגט, איז געגאַנגען פון גרופּע צו גרופּע, העפלעכע ווערטלעך אַריינ־געוואָרפן און געטיילט קאָמפּלימענטן.

די מענער — פול־געפּאַקטע, זאַכלעכע, דערפאַרן פון זייערע אַמאָליקע עמיגראַנטישע נויטן — האָבן קונציק אויסגעמיטן צו באַרירן זייער פאַר־גאַנגענהייט און צו רעדן וועגן רדיפות אויף יידן. זיי האָבן גערעדט פראַנ־צויזיש „ווי אַ שפּאַנישע קו". זיי האָבן נעבעך געהאַט אַ שווער שטיקל אַרבעט: איבערצוטאָן עכט־יידישע ווערטער אין גויִשע קליידער.

ס'יינגוואַרג — בחורים אין ווערן טאַטע־מאַמע האָבן געוואָלט זען דאָקטוירים, אינזשיניערן, פידל־ווירטואָזן; מיידלעך, וועלכע די עלטערן האָבן בגוואַלד געוואָלט מאַכן פאַר טענצערינס, פאַר פּיאַניסטינס — האָט גערעדט מיט התלהבות וועגן קינאָ און געטרוימט פון ווערן „סטאַרן".

דער ראַדיאָ, דער פּיק־אָפּ האָט אַריינגעבראַנגט הייטערקייט. טאַנגאָס און וואַלצן, פּאָקסטראָט און בעגין האָבן זיך געביטן. ביי די צוקונפטיקע ווירטואָזן האָבן די אַקסלען געהאָלפן צום טאַקט. ס'האָט ווער אַרומגעכאַפּט דאָס טאַליעלע ביי אַ צוקונפטיקער פּיאַניסטין און אַוועק מיט איר אין אַ טאַנץ. אויף זיי קוקנדיק זענען אויך די עלטערע געוואָרן מיטגעריסן... דאָ האָט מאַדאַם ראָזאַלין גענומען קלינגען מיט אַ גלעקל (איין גאָט ווייסט אין וועלכן פילם זי האָט געזען איינשטילן געסט מיט אַ גלעקל):

— איין מינוטקעלע, זייער וויכטיקס צו קאָמוניקירן!

און ווען ס'איז שטיל געוואָרן:

— טייערע געסט! מיר האָבן צוגעגרייט זייער שיינע סיורפּריזן. מיר האָבן אונדזער אויסגעאַרבעטן פּראָגראַם. דאַרפן מיר אים פאָלגן. ווי שפּעט איז?

— צענע! צענע!

— אויסגעצייכנט. קוזין, ווו האָט איר אונדזער פּראָגראַם?

דער לערער האָט איר דערלאַנגט אַ ראָזן בויגן פּאַפּיר, דאַקטילאָ־גראַפירט. זי האָט אַרויסגעלייענט:

— צען דעם זייגער דאַרפן מיר זיך זעצן צו די טישן.

— און שפּעטער? — איז דער עולם געוואָרן נייגעריק.

— אָ... מ׳טאָר נישט אויסזאָגן. ס׳ווירקט, ווען עס קומט אומגעריכט, נע ס׳פּאַ?

— זאָגן! זאָגן!

יונגוואַרג האָט אַפּלאָדירט צום טאַקט:

— דעם פּראָגראַם! דעם פּראָגראַם!

— איז פאַרפאַלן, כ׳בין אין ענקערע הענט. אַלזאָ, פון צענע ביז צוועלעווע — ביי די טישן, פון צוועלעווע ביז איינסע — אויפטריט פון אונדזערע טאַלאַנטן, פון איינסע ביז דרייע — טענץ...

*

אינעם זייטיקן שטיבל, ווו מאָריס־בערנאַרד איז געלעגן, ווי ס׳וואָלט אין אַ רינשטאָק פאַרוואַנדלט געוואָרן, האָט זיך געזאַמלט דער אָפּפאַל פון ווייבערישע קורטשערייען, געלעכטערס; פון גראָבע, פאַרשמאַלצטע מענער־קולות; פון דער גרילצנדיקער, דזשונגליש־הייסער דזשאַז־מוזיק; פון די שיכור־געוואָרענע טאַנץ־טריט און ליידנשאַפטלעכן גערויש פון זיידנס... איינס האָט פאַרשלונגען ס׳אַנדערע, זיך געוואָרגן דערמיט און עס צוריק אַרויסגעשפּיגן.

מאָריס־בערנאַרד האָט פאַרדרייט די עלעקטריע, איבערגעדעקט זיך מיט דער קאָלדרע, ממש געוויינט נאָך אַ ביסעלע שלאָף. די גוואַלדיקע אויפרעגונג האָט אויף אים אָנגעיאָגט אַ קעלט, ער האָט געציטערט מיטן גאַנצן לייב. איז ער אַראָפּ פון געלעגער, געוואָלט זיך אַריינרייסן אין די סאַלאָנען אריין און פאַרטרייבן די שמחה, נאָר מאַדאַם ראָזאַלין האָט אויך אַזאַ פאַל פאָרויסגעזען און פאַרשלאָסן די טיר. האָט ער מיט זיינע פויסטלעך געקלאַפּט:

— עפנט! עפנט, באַנדיטן! זולל וסובהניקעס!

אַ קאַלטער שווייס האָט אים אַרומגענומען, געבויגן זיינע קני. אין בעט איז דער שלאָף אויף אים אַרויפגעפאַלן מיט אַ מאָל.

ווען ער איז אויפגעקומען, איז די טיר געשטאַנען אָפן. אין דער שטילקייט האָט ער געהערט די דינסט זיך פאָרען אין קיך. די הענגלייכטער האָבן נאָך געפלאַקערט אין אַלע צימערן. די טישן אָפּגערוקט אָן אַ זייט,

זענען געווען באַוואָרפן מיט איבערגעקערטע גלעזער, מיט נישט־דערעסענע טאָרטן, פלייש. אויפן דיל האָט זיך געוואַלגערט שאָלעכץ פון ניס, קאָרקעס, איבערגעדרייטע שטולן. אַ סערוועטקע, פאַרפלעקט פון רויטן ווייַן, איז געהאָנגען אויף אַ קאַנדעלאַברע־צווייג; מיט דינע פאַסיקלעך פאָמעראַנצן־שאָל איז באַלייגט געווען די גרינע, נאַקעטע דיאַנאַ אויפן קאַמין. אַ שווערע לופט, אַ שיכורע לופט, אָנגעשוואָלן מיט ציגאַרן־רויך, פול מיט ריחות פון ווייבעריש געפודערט לייב...

מאָריס־בערנאַרדס נאָזלעכער האָבן דערפילט אַ ריח פון סמאַל, פון סאָדזש, פון רויב, ווי נאָך אַ פּאָגראָם. פון ווינקל צו ווינקל האָט ער זיך געשלעפּט, אויפגעהויבן שטיקלעך גלאָז, שטיקער מעבל און ביטער געוויינט. דערנאָך האָט ער געהייסן די דינסט זיך לייגן, און ער האָט פון אַלע אָנגעצונדענע העגגלייכטער געלאָזט ברענען בלויז איין קליין טישלעמפּעלע. קיינער איז אין הויז נישט געווען אַ חוץ לואיזעט, וועלכע איז געשלאָפן טויט מיד. פון אַלע צימערן האָט געיערט שטילקייט, ווי נאָך אַ שריפה.

מאָריס־בערנאַרד איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאָטעל אַריין און גענומען רייכערן איין סיגאַרעט נאָכן אַנדערן — קעגן פאַרבאָט פון דאָקטער. אין זיין גאַנץ לעבן האָט ער נישט אַזוי פיל איבערגעטראַכט ווי אין אָט דער האַלבער שעה: פאַר וועמען געלעבט?... פאַר וועמען געשאַפן?... די שטילקייט איז שווערער געוואָרן, זיך געשאַרט צו אים פון אַלע זייטן און געדריקט, געדישעט... ער האָט זיך געוואָלט אין עפעס אָנכאַפּן, אין אייגנס, וואַרעמס, אין אַ מענטשלעך האַרץ, וואָס זאָל זיין דער קעגנגעוויכט, די אָפּלייקענונג פאַר זיינע מוראדיקע געדאַנקען — מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערזען פאַרן שלאָפנדיקן טעכטערל. אַ גרויסע פאָטערלעכע פרייד האָט פון אים אַרויסגעזונגען:

— לאהלע... לאהלע...

ער האָט געכאַפּט לואיזעטן אויף זיין ברוסט, געטוליעט זיך צו איר מיט זיין גאַנצער איינזאַמקייט.

— האָסט ליבער דעם פּאַפּאַ... דעם פּאַפּאַ...

אָבער דאָס טעכטערל איז נישט געווען מיט אים, זי איז ווייטער געשלאָפן.

האָט ער אויסגעקוקשט אירע פולע, פאַררויטלטע בעקלעך, מיט אירע שמעקעדיקע, וואַרעמע הענטלעך געצערטלט זיין דאַרן באַהאָרטן האַלדז און זיך געבעטן מיט אַ ציטערנדיקן קול, אַ פאַרטרערטס:

— לאהלע, זאָג...

אַזוי שווער איז זי געוואָרן אין זיינע אָרעמס, אַזוי קאַלט, און ער — אַזוי שוואַך, שוואַך. מיט איר אויפן שויס האָט ער איינגעדרימלט.

איבער די צימערן האָט זיך געוויגט דער טיק־טאַק פון גרויסן שטיי־זייגער און מיט יעדן אָטעם־צוג זיינעם, האָט די נאכט פאַרלוירן פון איר שוואַרצקייט. ס'האָט אויסגעשלאָגן פיר... פינף... מאָריס־בערנאַרד האָט צוריקגעלייגט לואיזעטן אין בעטל אַריין. און ווי נאָר ר'איז צוריקגעקומען אין שלאָפצימער, געוואָלט זיך אויסציען אויף זיין געלעגער, דערוואַרעמען זיין געפרוירן געוואָרן לייב — אַזוי האָט ער דערהערט פון יעדן ווינקל אַרויס אַ געלעכטער, „אירע" רייד: כ'האָב צו פיל רחמנות געהאַט אויף דיר... ווי הינט האָבן זיי זיך געריסן צו אים פון אַלע זייטן, געשלעפּט פאַר די פּאָלעס פון זיין שלאָפראָק, געטריבן אים פון הויז אַרויס. ער איז געבליבן שטיין, ווי דעמאָלט פאַרן זון: אָן איין באַוועגונג, איינגעהויקערט, די אויגן ווייטיק־לעך פאַרקוועטשט — און ווי דעמאָלט פאַרן זון, איז ער פּלוצעם אָנגע־גאָסן געוואָרן מיט אַ גבורה, אַלץ האָט אין אים אויפגעטרייסלט — — —

ער האָט זיך אויסגעסטראָיעט אין נייעם שוואַרצן אָנצוג, אין דעם נייעם האַרטן הוט; נישט געפינענדיק דאָס שיך־באַרשטל, געכאַפּט „אירס" אַ רויט טאַפטאַ־קלייד, און פאַרן אַוועקוואַרפן עס — באַשפּיגן.

אויף דער גאַס האָט ער פאַרהאַלטן די ערשטע טאַקסי:

— פּאָרט דע ווערסיי!

די טאַקסי האָט זיך געגליטשט דורך די האַלב־פאַרשנייטע, האַלב־פאַררעגנטע בולוואַרן, וואָס זענען געווען באַלעבט, ווי אין מיטן העלן טאָג. זינגענדיקע פּאָרלעך האָבן באַלאַגערט די קאַפע־טעראַסן, געלאַכט צוזאַמען מיטן אָרקעסטער; שטאַרק־באַלויכטענע קינאָס האָבן געקלונגען, גערופן דעם עולם, וואָס אַ טייל פון אים איז שוין פאַרמאַטערט און געגעצנדיק אַהיימגעגאַנגען; קאָנפיטערי־געשעפטן האָבן פאַרשמעקט מיט זייערע טאָרטן, מיט די עקסטרע ניי־יאָר באָנבאָנעס, שאָקאָלאַדעס... מאָריס־בערנאַרד האָט

דאָס אַלץ געזען, געפילט און אַ וואַרעמקייט האָט אים אַדורכגענומען, אים דערמאָנט די „אַלטע צייטן", ווען אויפן יערלעכן באַל פון די „מאַרשאַן ד'אביס" האָט ער געשפילט די „ערשטע פידל": געזאַמלט געלט פאַר דער לייַ־קאַסע, אַכטונג געגעבן מ'זאָל וואָס מער קאָנסומירן ביים בופעט, ביז צו אַ קרישקע פלעגט אַלץ אָפּגערוימט ווערן. זיין גאַנצער שפּעטערדיקער טאַלאַנט, זיין גאַנץ עקשנות איז שוין געלעגן אין דעם אופן פון לויבן די שטיקלעך געפילטע פיש, די טייערע קעזקיכלעך... עך, פלעגט ער עס דע־מאָלט „אַרומוויעוועון"! מ'פלעגט אים תמיד אַהיימפירן שיכור ווי לויט...

צו אָט דעם „באַל פון די אַלטוואַרג־הענדלער" איז אַצינד די טאַקסי פאַרפאָרן.

כאָטש זינט יאָרן, אַז מאָריס־בערנאַרד האָט אויסגעמיטן זיינע אַמאָ־ליקע חברים, האָט מען אים דאָך באַלד דערקענט. די אַלטע הייליקע נויט־חברשאַפט האָט פאַרטריבן דאָס געפיל פון קנאה, פון שנאה.

— טיען! טיען! ווען מ'זעט דאָ...

— דערמאָנט זיך אין די „סאַרדינקעס", אין די „אָפּגעריסענע קנעפּלעך"...

— משהלע־בער, לאָמיר זיך צעקושן!

מ'האָט אים אין אַ רעדל אַריינגעכאַפּט און אַלע ווילע האָט זיך ווער אַנדערש מיט אים פאַרדרייט אין אַ טאַנץ. עולם האָט געפּאַטשט צום טאַקט, געהויבן אַ געזאַנג:

— לאָמיר אַלע... מאָריס־בערנאַרדן מקבל פנים זיין...

טייל האָבן אים אונטערגעטראָגן גלעזלעך בראָנפן:

— לחיים, מאָריסל! — און ער האָט זיי אויסגעטרונקען.

דאָס באַסאָווע קול פון שעף־בופעטניק האָט געפּויקט:

— בערנאַרדל! נעם נאָר עפּעס אונטער די ציינדלעך, ווי אין „יענע צייטעלעך"!

אין גרויסן טאַנץ־זאַל האָט אַ נעגער־אָרקעסטער ממזריש געזעצט. דער גרויסער גאַסט איז אַהין פאַרטראָגן געוואָרן. און ווידער האָבן ווייבע־רישע ווייכע אָרעמס אים איינגעהילט; זיין קאָפּ איז געלעגן אויף הויכע בוזעמס, אָנגעקוואָלענע, הייסע, ווי צווישן צוויי זונען; זיין פנים האָט

באַרירט יונגע דעקאָלטירטע אַקסלען, ראָזע, שמעקעדיקע, ווי פּרימאַרגן־גראָז; זיין אָטעם האָט זיך פאַרוויקלט מיט פרעמדן אָטעם, וואָס האָט געבריט, וואָס האָט געציטערט מיט פרוי... ער האָט אין אַלעם פאַרגעסן. די גראָקייט פון זיין פּנים האָט זיך געררויטלט, אַ מענלעכער כּוח האָט פאַר־גאָסן זיין דאַר לייב און די הענט האָבן מער נישט געוואָלט אָפּלאָזן דאָס פרעמדע — די בולטע לייב־פאָרמען, וואָס האָבן געלאַכט, זיך געוויגט הינטערן לייכטן זייד.

— צום בופעט! צום בופעט! — האָט מיט אַ מאָל אַ שפּריץ געטאָן פון אים.

באַלד האָט זיך פאָרמירט אַ „לייב־גוואַרדיע" פון זיינע אַלטע קאַ־מעראַדן. זיי האָבן עסקאָרטירט דעם גאַסט, ווי אַ מושל, פוןביידע זייטן, און הינטער זיי איז נאָכגעגאַנגען עולם מיט געלעכטער, מיט געפּילדער.

ביים בופעט האָט מאָריס־בערנאַרד אויפגעהויבן דעם וויזפינגער.

— סילענס! — האָט די לייב־גוואַרדיע געמאַכט שטיל — אונדזער האָנאָראָווער גאַסט וויל נעמען אַ פּאַראָל!

מ'האָט אים אַרויפגעשטעלט אויף אַ בענקל.

— יידן! קאַמעראַדן! טרינקטס — איעך צאָל!

באַלד איז געוואָרן פון אַלע טישלעך דריי לאַנגע טישן. עטלעכע געזונטע הענט האָבן אַ כאַפּ געטאָן דעם גאַסט און אים אַוועקגעטראָגן אויבן אָן, אין אַ שטרויענעם פאָטעל באַזעצט. דער שעף־בופעטניק מיטן באַסאָוון קול האָט קאָמאַנדעוועט מיט די צעטומלטע גאַרסאָנען — באַבערדטע יידן אין ווייסע פאַרטעכער — ער האָט פאַרשטעקט פלעשער וויין, ליקער, צווישן זיינע ברייטע שויסן און די אַרויסגעצויגענע קאָרקעס געוואָרפן דעם גאַסט:

— צייל, משהלע!

— זשאַלעווע נישט, האָפּ! האָפּ! — האָט משהלע אים צוריקגע־שליידערט די קאָרקעס.

איינער פון דער לייב־גוואַרדיע, פּיוועלע „זשמאָן פו" (אַ צונאָמען צוליב זיין נישט איבערנעמען זיך מיט קיין שום אַנטי־אויסלענדער געזעץ), אַ ייד מיט אַ פריילעך־ברייטן קאָפּ און מיט ווייסע, געזונטע ציינער — האָט דערלאַנגט זיין „מושל" אַ פולן כּוס. מאָריס־בערנאַרד איז אויפגעשטאַנען.

— לחיים, קאַמאַראַדן אונד קאַמאַראַדינס!

גלעזלעך האָבן זיך געהויבן צו אים, פאַר זיין געזונט, ס׳זענען געפאַלן ווינטשעוואַניעס:

— מעטשעם באַראַיאַר אין דער צייט, נאָר אונטער אַ בעסערער רעגירונג!

— יידן, ס׳זאָל מיר אָנקומען אַ לייכטע נאַטוראַליזאַציע!

אַ גלעזל־צונויפקלאַפּ. אַ תענוגלעך פּעטשלען פון די הענט. ליפּן פאַסמאַקעווען צו, לאָזן אין גאַנג אַלטע ניגונים, וואָס מ׳האָט אַ מאָל מיטן טאַטן פריייטיק צו נאַכטס ביים טיש געזונגען. פאַמעלעך פאַרמירט זיך אַ כאָר, די ווייבער העלפן אונטער מיט סאָפּראַנדלעך, און שוין טראָגט זיך פון אַלע טישן אַ שווער געזאַנג, אָנגעשוואָלן מיט בענקשאַפט נאָך דער ערגעץ פאַרלוירענער יוגנט, נאָך די ווייטע, היימישע ערדן — פול מיט אומרו פאַרן נייעם ברעקעלע „היים״. און יונגוואַרג, פאַר וועמען דאָס אַלץ איז שוין פרעמד, האַלט זיך ביי די זייטן פון קייכן.

דעם גאַסטס גלעזעל איז אַ מינוט נישט געשטאַנען ליידיק. מיט אַ מאָל נעמט ער קלאַפּן אין טיש אַריין:

— יידן! מאַריס־בערנאַרד... משהלע... משהלע־בער קויפט אָפּ נ׳גאַנצן בופעט! הע־הע... ני לאַכטס, אַלע זאָלן לאַכן! הע־הע־הע־הע...

אַזוי גלייך דאָס איז פון זיין מויל אַרויס, אַזוי האָבן גענומען פליען אויף די טישן אַרויף פולמיסקעס מיט געפילטע קאַרפּן, פיליזשאַנקעס מיט פישיויך־גליווער, גענדזענע פולקעס, מאַרינירטע הערינג, געהאַקטע ציבע־לעס מיט לעבערלעך, קעזקיכלעך, זויערע אוגערקעס, קאָמפּאָטן.

אַ זאַט געלעכטער האָט פאַרפלייצט די טישן. ווי אַ זודיקע, פעטע יויך וואָלט געוועזן פאַרגאָסן די פנימער, די דעקאָלטירטע ברוסטן, די בערד — אַזוי האָט אַלץ געגלאַנצט, האָט אַלץ געפּאַלעט. ליפּן האָבן געפּאַפּט מיט תאווה, געצמאָטשקעט; ציינער האָבן געפּליקט דאָס פולקע־פלייש, צעריבן דיביינדלעך אויף קאַשע און זיך אָפּגענומען פאַרן גאַנצן יאָר פאַסנע עסנס. אַנדערע ווידער, האָבן בלויז אַריינגעגאָסן אין זיך גלעזער וויין, געמישט מיט קיראַסאָ, מיט 96־ער ספּירט און געוואָלט זיך באַפרייען פון רעוומאַטיזם, פון די דאגות־פּרנסה... דאָ און דאָרט האָבן שוין שיכורלעכע שטימעס גע־

שלעפּט חסידישע זמרלעך, פאַרפּלאָנטערט איינס אין אַנדערן אַריין, אומגעפאַלן מיט אַ זיפץ און ווידער זיך אויפגעהויבן... דאָ און דאָרט האָט יונגוואַרג אונטערגעכאַפּט שלאַגערס פון מאָריס שוואַליע, פון מיסטאַנגעט...

דער גרויסער גאַסט האָט געקרעכצט:

— איי, אַ שטיקעלע קיגל... איי, אַ געפילט מעגעלע, ווען מ׳ברענגט...

דער גרויסער גאַסט איז שוין געפאַלן איבער די אייגענע רייד:

— יידן! עך זענט אַלע עדות... עך קענט מיך נישט... כ׳ל „איר" נאָך ווייזן, וואָס מאָריס־בערנאַרד קען!... מאַרשאַן ד׳אַבי שיפאָן!... הע, כ׳מאַך עס נאָך גיט? מיט אַזאַ קול, אַז מ׳האָט, אַרבעט מען זיך אַרויף... ווער זענט עך אַלע — שטינקערס! ווער׳ט מורא?... דאָס וואָס ליגט אין מיינס איין איינציק הערעלע, ליגט דאָך נישט אין ענקער גאַנץ לייב און לעבן!...

פּלוצעם האָט ער דערהערט אַ געלעכטער: אַנטקעגן אים האָט אַ רויטהאָריקע פרוי געלאַכט מיט מאַדאַם ראָזאַלינס געלעכטערל.

— לאָ—זט מיך! — האָט ער זיך דורכגעשטופּט צו דער רויט־האָריקער און זי געכאַפּט פאַרן האַלדז — פאַרמאַך! פאַרמ־מ—מאַך! ניין, דו וועסט מיך נישט ירשהנען!

מ׳האָט אים קוים אָפּגעריסן. ער איז אַוועקגעפאַלן אויף דר׳ערד און זיך צעוויינט.

*

אַ טאָג מיט אַ נאַכט איז ער אָפּגעשלאָפן, געשריגן פון חלום און געלאָזט פאַלן אַזעלכע דראָונגען, פאַר וועלכע מאַדאַם ראָזאַלין האָט זיך אויף אַן אמת דערשראָקן. אָן אַ שיעור פילם־בילדער פון אייפערזוכט און רעוואָלווער־שאָסן האָבן אויפגעטויכט אין איר זכרון, ממש פאַרקילט ס׳בלוט אין די אָדערן... זי איז געלאָפן נאָך אַן עצה צום לערער.

ער איז נאָך געלעגן אין בעט, פאַרמאַטערט פון אַ פוסטער נאַכט אין אַ מאָנפּאַרנאַסער קאַפע. גרויסע רעדער אונטער די אויגן, אַ וועקסענער פאַרגליווערטער אויסדרוק אויפן פּנים, גלייך קיין שום רעפלעקס וואָלט שוין נישט בכוח געווען עס צו באַוועגן. די צעשויבערטע קוטשמע האָט מער נישט פאַרמאָגט איר שוואַרצן גלאַנץ: אַ מאַטער איבערגעברענטער

נישט־גראָ, נישט־שוואַרץ. די ליפּן — פונאַנדערגעקלעפּט, מאַכטלאָזע, הכנעהדיקע.

דאָס האָטעל־צימערל אין לאַטיינישן קוואַרטאַל איז האַלב־פינצטער־לעך און אָנגעזאַפּט מיט אַ מאָדנעם דומפּיקן ריח — אַ טויטלעכער, אַ פוי־לנדיקער — ווי נישט קיין לעבעדיקער מענטש וואָלט עס באַוווינט. אויפן נאַכט־שענקעלע, אויף דעם קאַמין — צעריסענע ביכלעך, פאַרגעלטע שטיק־לעך סיגאַרעטן, אָפּגענוצטע ראַזיר־מעסערלעך.

זי האָט דריי מאָל איבערגעחזרט דאָס אייגענע, ביז ר׳האָט עפּעס באַנומען. דעמאָלט האָבן זיינע ליפּן־ווינקעלעך אַ צוק געטאָן: אַ באַדלע־רישער רעפלעקס פון אַ שמייכל.

— אָבער אום גאָטעס ווילן, אַלבערט, קען מען נישט מעלדן דער פּאָליציי וועגן אַזעלכע דראָונגען? דאָס מענטשלעכע לעבן איז נאָך נישט אַזוי הפקר, ניין! און אַז ער וועט פאַרטרינקען ס׳גאַנצע געשעפט מיט זיינע שנאָרערס?

זי האָט זיך צוגעזעצט אויפן ראַנד בעט, געדריקט זיין קאָפּ צו איר ברוסט.

— אַלבערט, זאָגסט מיר קיין מאָל גאָרנישט... דאַרפסט אָנהייבן זיך צו ווייזן אין געשעפט...

דער באַדלערישער רעפלעקס פון אַ שמייכל איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין וואָרט, אַ קאָמפּלעקס פון מעלאַנכאָליע:

— אַ לעבן...

זי האָט אים געקושט (ער האָט נישט געפילט אירע ליפּן), זי האָט געוויינט, זיך געשוווירן (ער האָט נישט געהערט אירע רייד), אַז זי וועט באַגיין זעלבסטמאָרד — און זי איז אַוועק באַשטעלן אַ באַרימטן דאָקטאָר פאַרן מאַן. אויפן וועג אַהיים האָט איר אַ וואָפן־געשעפט פאַראינטריגירט. זי האָט לאַנג מיט זיך געקעמפט, צום סוף אויסגעפירט: מ׳קען דען וויסן? — און געקויפט אַ קליין עלעגאַנט רעוואָלווערל.

*

מאָריס־בערנאַרד איז אויפגעקומען גוואַלדיק אָפּגעשוואַכט. פון דאָק־טער איז דער לערער, אַלס אַ זייטיקע פּערזאָן, געוואָר געוואָרן: אפשר וועט דער חולה אָנציען ביזן פרילינג — און אויך... אַזוי אַרום איז פּאַר מאַדאַם ראָזאַלין נישט פאַרהוילן געבליבן דער אמת. פון דעם טאָג אָן איז זי נישט אָפּגעטראָטן פון מאַנס בעט.

— מאָריסל, ס'איז דיר נישט, חלילה, קאַלט?

— מאָריסל, אַריינשטעלן דעם ראַדיאָ? וועט דיר זיין פריילעכער.

אויף אַלעם האָט ער געשאָקלט מיטן קאָפּ — ניין! ער האָט נישט געקאָנט קוקן אויף אירע ווייכע שמייכעלעך, פלעגט ער די אויגן צושליסן, אָבער באַלד פלעגט זיך אים אויסדאַכטן, אַז ער פאַלט, זינקט אין אומגע־הויערע טיפענישן... שוואַרצע טירן פאַרמאַכן זיך איבער אים... ער וויל זיך אין עפּעס אָנכאַפּן, וויל שרייען נאָך הילף —

זי דערהערט זיין דערשטיקט קרעכצן, לויפט צו, ווישט אַרום דעם שוויס פון זיין שטערן, רייבט איין מיט ציטרין די שלייפן. פּאַמעלעך קומט ער אויף.

— מאָריסל, — דערציילט זי וועגן געשעפט — ס'איז דאָ נאָר וואָס געוועזן דער פאַרוואַלטער... ס'איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט, דאַרף מען אויפשטעלן די פרייזן... און מיך וועלן זיי דען פאָלגן? אָט האָסטו דיין סטילאָגראַף, מאָריסל... — שטופּט זי אים אַן אויסגעפילטן קאָנטראַקט, אַז ס'געשעפט גייט איבער אין איר רשות.

ער קערט אָפּ דעם קאָפּ. זיינע פאַרטריקנטע ליפּן באַוועגן זיך קוים־קוים. לייגט זי צו אַן אויער. אָבער הערן דערהערט זי נישט, ווי טיף אין אים זידט אַ געשריי: כ'וויס, כ'וויס, צ'קוקט שוין אויס... גיי מיר אַוועק פון די אויגן!

פאַרנאַכטיקע שאָטנס הויערן אַרום אַ גאַנצן טאָג איבער זיין גע־לעגער, כאַפּן אויף זיין כריפּנדיקן אָטעם, צעקרישלטע שטיקלעך הוסט און צעהענגען דאָס אויף די ווענט, אויפן סופיט... אין קאַמין קלאָגט דער ווינט.

ביי נאַכט קוקט אַריין אין פענצטער אַ פאַרגרינטע, טרויעריקע לבנה.

ער הייסט זיך רופן פּיוועלען, פּיוועלע „זשמאָן פו" — זיין בעסטן קאָלעגע. בעטס פּאַר מיין געזונט ווערן... — רעדט ער פון היץ. — פּיוועלע,

הייס אויפֿבויען אַ גרויס הויז אין די בערג, אַ סאַנאַטאָריע פֿאַר אַלע יידישע קינדערלעך... זאָל עפּעס פֿאַרבלייבן פֿון מיין לעבן...

מאַדאַם ראָזאַלין ווערט בלאַס, אַ שרעק כאַפּט איר אָן.

און איין מאָל, אין אַ מיטן נאַכט איז דאָס געווען, נאָך אַ שווערן בלוטשטורץ, נאָך דעם ווי דער אַרויסגערופֿענער דאָקטער האָט אים געמאַכט עטלעכע איינשפּריצונגען — האָט זי ווידער אונטערגערוקט דעם קאָנטראַקט. ער האָט נישט געוווסט, וואָס ס'טוט זיך מיט אים, נאָר געפֿילט האָט ער, אַז ס'איז אים געוואָרן לייכטער, אַז זיין לעבן איז געראַטעוועט. פֿון אַרום האַרץ איז אָפּגעטראָטן די דריקנדיקע משא, אין דער קעל איז לויזער, קילער; אַ מעכטיקע פֿרייד האָט פֿאַרגאָסן דאָס גאַנצע געלעגער, די גראָע שאָטנס זענען געוואָרן בלאָ, בלאָער... ער האָט אַפֿילו געהייסן אָנשטעלן דעם ראַדיאָ.

— מאָריסל, דער פֿאַרוואַלטער...

ער האָט בלויז געהערט דאָס פֿריידיקע קלאַפּן פֿון זיין אייגן האַרץ, דאָס געזאַנג פֿון באַנייטן בלוט: איך לעב!... איך לעב!... און געזען האָט ער, ווי אין פֿענצטער גייט אויף אַ יונגער טאָג; און דערהערט האָט ער דאָס שירה־ליד פֿון די קאַנאַריקלעך אין סאַלאָן — און ווייל די פֿעדער האָט געשטעקט צווישן זיינע פֿינגער, האָט ער אַ שרייב געטאָן מיט גרויסע אותיות זיין נאָמען, ווי אַ באַפֿעל אויפֿגעשריבן.

III

אויף צו להכעיס דעם דאָקטער, צו להכעיס דעם הויז, איז מאָריס־בערנאַרד, צוזאַמען מיט די ערשטע פֿרילינגס־ווינטעלעך, אַראָפּגעקראָכן פֿון בעט.

— אוי, אַ קאַפּיטשקע זון זאָל גאָרנישט אונטערגיין... — האָט ער אַן אויסגעדאַרטער, אַ געבויגענער פֿון צו פֿיל ליגן, זיך געשלעפּט איבער די צימערן און פֿאַר גרויס תענוג געקרעכצט. דער שטעקן, אין וועלכן ר'האָט זיך אָנגעשפּאַרט, האָט געקלאַפּט אויפֿן דיל און אין מאַדאַם ראָזאַלינס אויערן האָט דאָס קלאַפּן אָפּגעהילכט, ווי אַ בייזע בשורה.

מאָדנע, נאָך קיין מאָל האָט מאָריס־בערנאַרד נישט אַרויסגעוויזן אַזוי פיל אויפמערקזאַמקייט צו שטוביקע אָנגעלעגנהייטן, ווי איצטער. דאָ איינגעהויכט אַ שפּיגל און מיטן אַרבל איבערגעווישט, דאָרט אַריינגעקלאַפּט אַ טשוועקל אָדער אָנגעשריגן אויף דער דינסט, הלמאי דער עסטיש שטייט נישט פּונקט אונטערן הענגלאָמפּ. די שטייג קאַנאַריקלעך האָט ער איצט צום ערשטן מאָל דערזען. מיט אַ באַזונדער פאַרגעניגן האָט ער ליב געקריגן אַריינצושטופּן זיינע דאַרע פינגער דורך דער דראָט־פאַרצוימונג און גלעטן די פליגעלעך, די שנעבעלעך — ציפּ־ציפּ־ציפּ...

יעדן פרימאָרגן האָט ער דאָס שטייגל גערייניקט, געוואַשן, באַזאָרגט פרישע קערנער, פרישע וואַסער און אָבסערווירט ווי די פייגעלעך פּיקן, ווי זיי באָדן זיך, און אַ זיסקייט איז אַרויס אויף זיינע ליפּן...

ווען ער איז דעם ערשטן מאָל אַראָפּ אין גאַס אַריין, איז ער קודם־כל אַוועק צום געשעפט מאַכן אַן אינספּעקציע. אַלע האָבן אים באַגעגנט מיט אַ פייערלעכן „באַנזשור מסיע ז״ די, וועלכע זענען געזעסן, האָבן זיך אויפ־געשטעלט. איינער אַליין איז ער אַראָפּ נאָכקאָנטראָלירן די אָנגעקומענע שטאָפן אין הויפּטלאַגער — אַ ריזיקער, אויסגעמויערטער קעלער, פאַרזען מיט צענטראַל־באַהייצונג, מיט ווענטילאַטאָרן. לענג־אויס די ווענט האָבן זיך געהויבן גראָבע דעמבענע פּאָליצעס, שענק מיט גלעזערנע טירן, אין מיטן זענען געשטאַנען צוויי רייען טישן און אַלץ איז געווען פאַרלייגט מיט שטויסן זייד, סאַמעט, מושלין, מיט זאַמש. רויט און גרין, בלוי און גאָלד־געל, וויאָלעט מיט ברוין, האָט זיך גענומען דרייען פאַר זיינע אויגן, אים פאַרבלענדט, פאַרכישופט, ווי ער וואָלט געשטאַנען אין מיטן פון אַ מאַיאָוון רעגנבויגן...

דערנאָך איז ער אַרויפגעקומען צום פאַרוואַלטער.

— איר געדענקט, וואָס כ׳האָב אייך דעמאָלט געזאָגט דורכן טע־לעפאָן? מיטן פרילינג, מ׳זאָל דערלעבן... איז הערט אויס: כ׳האָב בדעה אָפּצוקויפן אַ גרויסן „סינעמאַ״ (קינאָ), נאָר עפּעס אַ „קעלקע שאָו״. און ביי מיר ווערט דאָס אַוועקגיין, ווי אויף רעדלעך, הע־הע... מאָריס־בערנאַרד וועט זיי באַווייזן, וואָס אַ שוואַך מענטשל קאָן אויפטאָן! אַ מייל פון דער ווייטנס וועט מען פאַר מאָריס־בערנאַרדן אַראָפּציען דעם „שאַפּאָ״!

ער האָט געוועדעט הויך. אין דער פּרימאָרגנדיקער געוויינלעכער געשעפֿט־רויִקייט האָט זיין קול אָפּגעהילכט, ווי אַ וואָרענונג, ווי אַן אַרויסרוף צו אַ פֿאַרמעסט. די הענט אונטער די פּאָלעס פֿאַרשטעקט, ברומענדיק אַ בולוואַר־ניגונדל, האָט ער שפּאַצירט מיט אַ שטאָלץ־אויפֿגעריסענעם קאָפּ צווישן פּערסאָנאַל, חוצפּהדיק יעדן געקוקט אין די אויגן אַריין, נאָכגעפֿאָרשט דאָס קלאַפּן אויף די שרייב־מאַשינקעס, ווי זיי מעסטן און שניידן מיט גרויסע עלעקטרישע שערן. המ... — האָט ער אין זיך פֿון זיי געחוזקט — אָבער מאָריס־בערנאַרד איז צו אַלעם דערגאַנגען אָן אַ שפּראַך, אָן בילדונג און אָן די אַלע מאָדערנע „שמאָנצעס״! אַ פֿאַרלאַנג צו באַווייזן זיין קראַפֿט האָט אים באַהערשט, צו זען פֿרעמדע געפֿאַלנקייט, הערן, אַ שטייגער, ווי אָט יענע שיינע, שלאַנקע בלאָנדינקע — די סטענאָ־דאַקטילאָ — בעט, וויינט פֿאַר אים... ער האָט לאַנג זיך געדרייט אַרום איר, ענדלעך דערבליקט אין וואָס זיך אָנצוטשעפּען.

— מאַדמאַזעל, קומטס נאָר אַריין צו מיר אין ביוראָ!

דאָס אַרויסגעזאָגט, איז ער אַוועק מיט הנאהדיקע טריטעלעך אין זיין קאַבינעט אַריין, אַראָפּגעלאָזט זיך אין אַ טיפֿן, לעדערנעם פֿאָטעל, פֿאַר־רייכערט אַ ציגאַר און אָפּגעוואַרט דעם קלאַפּ אין טיר. אויף איר אָנקלאַפּן האָט ער נישט באַלד געענטפֿערט. יעדער אָפּהילך פֿון אירע פֿינגער האָט אים דערוואַרעמט די אַלטע ביינער. אין זיינע שטויביק־גראָע אויגן איז צוריקגעקומען דער גלאַנץ, פֿון פּנים איז פֿאַרשוווּנדן די פֿאַרטריקנטקייט — אַ רויטלעכער אָפּשיין פֿון גליק האָט עס איינגעהילט.

— אַריין! אַריין! — האָט ער ענדלעך באַוויליקט.

זי איז געשטאַנען פֿאַר אים איבערגעשראָקן. ער האָט זי נישט געבעטן זיצן, ער האָט לאַנג, מיט אַ געפֿיל פֿון מאַכט, געקוקט אויף אירע אַראָפּגעלאָזטע אויגנלעפּלעך, זיי האָבן געציטערט, געדריגעט — ער האָט געגאַרט צו זען אַ טרער... זיין בליק האָט געפּויזעט אויף איר געפּאַסט גרין קליידעלע, וואָס איז געלעגן, ווי אַן אײַדעלע שאַל אויף אירע יונגע, דין־געצייכנטע בריסטלעך, אויף די רונדע בולטע היפּטן. אירע נאַקעטע פֿולע אָרעמס, די נאַקעטע פֿולע פֿיס אין ווייסע שקאַרפּעטקעלעך — האָבן געשמעקט מיט האָניק, מיט אַקאַציע־בלימעלעך, אים באַרוישט; ווען ער זאָל

אַ שטייגער אָט די בלאָנדע פרישקייט אָפּגעבן אַ צימער דווקא ביי זיך אין הויז... זי זאָל דווקא עסן ביי איין טיש מיט „איר"...

דאָס מיידל האָט מיט אַ מאָל דערפילט זיינע ליפּן, אַ געשריי געטאָן. איז ער געקומען צו זיך, אָפּגעשפּרונגען צו דער טיר —

— אַ פּיפּס נאָר!... ווי לאַנג אַרבעט איר ביי מיר? מ'וועט אייך דערלייגן, כ'ל הייסן... דעם, וואָס פאַרדינט זיך, האָב איך פיינט צו באַוווּלהן.

באַרויִקט, קומט ער צוריק צום טיש, נעמט אָן אַ שטייפן טאָן, דעם געוויינלעכן:

— מאַדמאַזעל, כ'האָב אייך געוואָלט זאָגן, איר זאָלט זיך אַ ביסל ווינציקער שפּיגלען ביי דער אַרבעט, ביי מיר איז נאָך דערווייל נישט קיין קאַבאַרעט! איר זענט פריי. נאָר געדענקט...

צו דער גוטער פרילינגדיקער שטימונג זיינער איז צוגעקומען די אָנגענעמע איבערלעבונג, און דער געדאַנק פון פאַרראַט האָט זיך אין אים געקרעפטיקט, איז אויסגעוואַקסן אַלס העכסטער אויסדרוק פון נקמה צום גאַנצן הויז.

— הע־הע־הע־הע...

רייבט ער איין האַנט אין דער אַנדערער, פאַררייכערט נאָך אַ ציגאַר און באַפעלט מ'זאָל אים באַזאָרגן די איינקונפטס־ביכער.

(מאַדאַם ראָזאַלין האָט געהאַט פאַרזאָגט אין געשעפט: צוליב דער קראַנקייט ציט זיך דער מאַן צוריק פון זיינע עסקים. וועגן אַלעם זאָל מען זיך ווענדן צו איר. די ביכער קיינעם נישט אַרויסגעבן).

— ליידער... — ענטפערט דער פאַרוואַלטער.

— וואָס—ס ? !

מאָריס־בערנאַרדן זעצט זיך אַ שוים אויף די ליפּן. פּייערדיקע רינגען דרייען זיך פאַר זיינע אויגן. ער שפּרינגט אַריין צווישן פּערסאָנאַל.

— ווער וויל דאָס רעגירן מיט מיין שווייס און בלוט! נאָר איך, נאָר איך. איך אַליין בין אייער פּאַטראָן און פאַר מיר זאָלט עץ ציטערן!... און אַז מאָריס־בערנאַרדן וועט זיך פאַרגלוסטן, מיט איין וואָרט בלויז, וועט איר אַלע ליגן אויף דער גאַס, און אַז מאָריס־בערנאַרד וויל, וואַרפט ער אָט־אָ די שער אין פענצטער אַריין!...

אַזוי איז טאַקע געשען: אַ שויב פון דער פראָנטאָווער איינגאַנג־טיר איז צעשפרונגען געוואָרן אויף פיצלעך. די דערשראָקענע אָנגעשטעלטע זענען אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, געלאָזט דעם צעווילדעוועטן באַלעבאָס שלייַדערן אויף דער ערד אָנגעהויבענע שטויסן זייד, זיי צעוויקלען און טרעטן מיט די פיס.

— אַזוי וויל איַעך, איר גאָרנישטן! ווער האָט געשלעפּט אַ וועגעלע אין די גאַסן און זיך אויסגעריסן נ׳האַלדז?!

מאַדאַם ראָזאַלין איז אָנגעלאָפן אויף די געוואַלדן.

— מאָן דיע! ((מיין גאָט) ר׳איז פון זינען אַראָפּ!

— הע־הע... — האָט ער גיפטיק אַריינגעלאַכט איר אין פנים אַריין — און אַצינדעט איז אַלץ מיין! מיינס! מיינס אַליין!!

מיט אַ מאָל איז דאָס קול איבערגעבראָכן געוואָרן. די פיס האָבן אים מער נישט געדינט. ער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן און געפאַלן אין אָנמאַכט.

*

פון דעם טאָג אָן האָט זיך מאַדאַם ראָזאַלין אָנגעהויבן רעכענען מיט זיינע זשעסטן. קודם־כל געפונען אַן אויסרייד צו שלאָפן מיט לואיזען, מחמת דעם, אַז פאַר אים איז געזינטער צו ליגן אַליין אין אַ צימער. זי האָט אויך געבעטן אַלבערטן, ער זאָל אַ שטיקל צייט אויסמיידן אַרויפצוקומען. אין מיטן דער נאַכט פלעגט זי זיך אויפכאַפּן אין איין ציטערניש, וואָרעם ס׳פלעגט איר כסדר חלומען דער אומשטערבלעכער פילם „די ליבע אין אַ שטייג“... אַז זי האָט אין דער פינצטער דערהערט קלינגען דעם שטייַזייגער פון עסצימער, האָט זיך איר געפלעגט דאַכטן: דאָס הערט זי „זיינע טריט“, דעם מאַנס... ער גנבעט זיך צו איר געלעגער... ער האַלט עפּעס אין די הענט... נאָר, דאַנקען גאָט! ביי איר אונטערן קישן ליגט אויך אַן „עפּעס“ — דאָס עלעגאַנטע רעוואָלווערל. אָבער אַ מאָדנע זאַך: גלייך ווי זי נעמט עס אין דער האַנט אַריין, אַזוי ווערט פון דעם קאַלטן שטיקל מעטאַל אַ גליענדיקע קויל... זי האָט פּשוט מורא דערויף צו קוקן: ווינציק מאָל באַגעגנט זי אין צייטונג וועגן אַ שווער פאַרוווּנדעט־געהרגעטע פון בלויז אָנרירן מיט אַ פינגער אַזאַ מאַשינדל? אייגנטלעך, געדענקט זי

גאָרנישט, ציביים קויפן האָט זי עס געהייסן אָנלאָדן. אָבער ניין־ניין, זי וויל דאָס אַבסאָלוט נישט וויסן! המ... ס׳וואָלט דאָך געווען לעכערלעך, איר זאָל טרעפן אַן אומגליק פון דער אייגענער האַנט. דרייסיק יאָר האָט זי געלעבט ווי אַ וואָרעם אין מיסט; ערשט נאָך די דרייסיק איז זי דאָך געבוירן געוואָרן... און איין מאָל, אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה, צוריקגייענדיק פון אַלבערטן, האָט זי דורכשפּאַצירט די בריק לואי־פיליפּ, גוט זיך אַרומגע־קוקט און דאָס געפּערלעכע שטיקל מעטאַל דערטרונקען אין די סען־וואַסערן...

IV

מאָריס־בערנאַרד האָט מיט קיינעם נישט אויסגערעדט אַ וואָרט. גע־קראָכן פון צימער צו צימער און זיך געוואָרגן מיט זיין איינזאַמקייט, מיט זיין ווייטיק. אין שטייגל האָבן די פייגעלעך געזונגען אַ לויב צום מאַיאָוון הימל — און פאַר זיינע אויגן איז געהאָנגען אַ פינצטערע כמאַרע. טייל מאָל איז אים באַפאַלן אַ רעליגיעזער פּחד, האָט ער געוויינט, געבעטן מחילה ביי גאָט פאַר אַלע באַגאַנגענע חטאים, צוגעזאָגט צו זיין ווויל און גוט פון היינט מאָל אָן — אַבי געזונט ווערן! טייל מאָל פלעגט אים אַרומכאַפּן אַ בענקשאַפט נאָך דער אַלטער היים. (און אפשר האָט ער טאַקע נישט געדאַרפט פאָרן? דאָרט איז נישט געווען קיין ברויט, אמת, ס׳איז אָבער געווען ליבשאַפט, פאַמיליע...) אַ באַרוישטער פלעגט ער זיך דערשלעפּן צום „גאַר די נאָרד", זיך אַריינפּלאָנטערן אינעם טומל פון פאַסאַזשירן און לאָקאָמאָטיוון־פּיי־פּעריי. דער דאַמף, דאָס קלינגען פון די באַגאַזש־וועגעלעך, דער הו־האַ פון לשונות, האָט אים פאַרפּלייצט מיט נייע באַגערן, מיט נייעם גלויבן אין זיך, ווי אַ מאָל, ווען ער האָט דעם ערשטן עמיגראַנטישן טראָט דאָ אַוועקגע־שטעלט. אָ־האָ, ס׳אַראַ ריזן־פּלענער ס׳קוואַלן נאָך אין אים!

אונטער זיינע פיס איז די זון געלעגן, ווי אַ ווייס, יום־טובדיק טישטעך.

איבער זיין קאָפּ האָט זיך דער בלויער הימל געהויבן, ווי אַ גראַנד־יעזע רעקלאַמע.

אָבער אַזוי גלייך דער באַנהויף איז געבליבן הינטער אים און וואָס נענטער ר׳איז געקומען צום הויז — אַזוי האָט אַ וויסטע כמאַרע: ווייטיק, איינזאַמקייט, מוראדיקע נאָכטראַכטענישן אים צוגעדעקט.

ער פלעגט זיך אָפשליסן אין גרויסן שלאָף־חדר, פאַרציען די שווערע, פּלושענע גאַרדינען און רעדן צו די שאָטנס וועגן לעבן... וועגן מענטש... און יעדער געדאַנק האָט אויסגעגראָבן אַ גרוב פאַר אים. האָט ער זיך פאַר־שטאָפּט די אויערן, גאַרנישט געוואָלט טועם זיין, און אַזוי געבליבן ליגן אויפן בעט, מיט ווייטיקלעך פאַרקוועטשטע אויגן.

און איין מאָל איז ער אין מיטן נאַכט פאַרקראָכן אויפן מאַנמאַרטער, אין אַ קאַבאַרעט אַריין. אַ גרין ציטערנדיק ליכט האָט געפּויזעט לענג־אויס די ווינקלען און ווינקעלעך, זיך געוויקלט אַרום די פירקאַנטיקע קאָלומקעס. אויסגעלאָשענע געלעכטערלעך פון פרוי, פון מאַן האָבן געבלאָנדזשעט אין דער לופטן. פון ערגעץ אַ פאַרשאָטנט אָרט האָט אַן אָרקעסטער אויס־געפיבערט דזשונגל־וויזיעס. ביי נידעריקע טישלעך האָט מען געטרונקען פון טעפּעלעך אין פאָרעם פון מענטשלעכע שאַרבנס. אַרום מאָריס־בער־נאַרדן האָבן זיך געטוליעט האַלב־אָנגעטוענע פרויען, זיך געזעצט אויף זיין שויס, זיך געוויקלט אַרום אים מיט זייערע אויסגעלאָשענע בריסטן און געמיינט, אַז דאָס האָבן זיי פאַר זיך אַ „לאָטעריע־מיליאָנער”. און ער האָט געשטעלט וויין און געהאַלטן אין איין לאַכן. און ווען ר׳איז אַוועק, מיטן טאָג־רוף, האָט אַ יונג דאַמעלע, אַ דינס, אַ בייגעוודיקס, פאַרוויקלט אַ קאַלטן אָרעם אַרום זיין האַלדז, אים געקושט מיט קאַלטע ליפּעלעך און „צוגעקיצלט” ביי אים דעם פּאָרטפעל.

שפּעטער, ווען מאָריס־בערנאַרד האָט זיך דאָס דערוווּסט, איז ער געווען צופרידן: אַ נקמה אין הויז.

פאַר דער שטוב האָט ער שוין לאַנג נישט עקזיסטירט. דאָס ווייב, די קינדער האָבן לחלוטין אויסגעמיטן זיין צימער און די געלעגנהייטן פון צונויפטרעפן זיך זענען געוואָרן אַלץ זעלטענער. אַז פּייוועלע „זשמאָן פו” אָדער אַנדערע „שנאָרערס” — ווי מאַדאַם ראָזאַלין האָט זיי גערופן — זענען געקומען געוואָר ווערן: „וואָס מאַכט דער מסיע אינס מאַן? עפּעס זעט מען

אים אין ערגעץ נישט״. — האָט זי פאַרקלאַפּט די טיר: „ווער זענט עץ? ווער?... ר׳נישטאָ״!

אין די אונטן קומט „געזעלשאַפט״. מ׳נאַשט, מ׳טאַנצט, פון לערערס אַנעקדאָטן לאַכט מען אין איינעם זייער האַרציק. צו לואיזעטן קומען חברטאָרינס פון דער באַלעט־שול. זי שטאָלצירט פאַר זיי מיט אירע טואַלעטן און מיט די וואַקסנדיקע ראָזע בריסטלעך, פאַר וועלכע „אירע אַמאַנטן וועלן צווישן זיך פירן דועלן און באַגיין זעלבסטמאָרד״ — פאַרזיכערט זי. שאַרלאָ לויפט שפּילן אין פינג־פּאָנג, לויפט פאַרברענגען אין פריילעכע ערטער. מוטער און זון היטן זיך אויס נישט צונויפטרעפן זיך אין אַ שפּעטער נאַכט־שעה. דאָך איז עס איין מאָל געשען, ביים טויער אויף דער גאַס.

— דו?... — איז זי כלומרשט איבערראַשט, וויל אים אויסמוסרן.

— און דו מעגסט, מאַ? — האַקט ער קאַלט אָפּ.

זי פאַררויטלט זיך, שטאַמלט:

— איך... איך האָב מיינע שענסטע יאָרן אָפּגעפּינצטערט.

— זעסטו, מאַ, איך וויל נישט האָבן צו באַדויערן שפּעטער. ס׳איז לעכערלעך, אַז אַ מענטש וויל צוריקכאַפּן זיין יוגנט... איבעריקנס, ווייס איך דען, צי מיר וועט דערנאָך נישט אויסקומען צו ליידן פאַר מיין... נו, כ׳בין דאָך אַ ייד, פאַר דער וועלט, הייסט עס, אַ געשטעמפּלטער. — ער שפּייט אויס, ווי ס׳וואָלט אים פּלוצעם ביטער געוואָרן אין מויל. אַ פאַרצווייפלט שמייכעלע גליטשט זיך אַרויס אויף זיין האַרט, מענלעך פּנים — קאָמיש... כ׳קען זיך נישט אַסימילירן מיטן געדאַנק (ווערסט זיך דאָך נישט באַליידיקן, מאַ?), אַז אָט־דאָס „זעקל־יידל״, איז מיין פאָטער. ווי אידיאָטיש ס׳איז דער גורל!

זי האָט זיך אָנגעהאַלטן אין פאָרענטש און שווייגנדיק געגאַנגען הינטער אים.

*

וואָס טיפער דער טרויער איז זיך אין אים צעוואַקסן, וואָס פיינלעכער ס׳זענען געוואָרן זיינע קאָשמאַרן — אַלץ שטאַרקער האָט עס מאָריס־בערנאַרדן געצויגן צו ליכט, צו טומל. אַ קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישן אים און

דעם חולהוואַטן גוף. דער גוף האָט געשלעפּט צום ווייכן געלעגער, צו שטילקייט, צו נאַכט, און מאָריס־בערנאַרדס ווילן האָט זיך געריסן צום לעבן. זיינע אויגן זענען געווען אויסגעהונגערט נאָך ציפערן, און זיינע אויערן — נאָכן קלאַפּעריי פון שרייב־מאַשינקעס, נאָכן האַסטיקן קלינגען פון טעלעפאָן...

האָט ער זיך אַוועקגעלאָזט איבער גאַסן, נאָכגעפאָרשט פרייזן אין שויפענצטערס, אָפּגעשטאַט וויזיטן ביי באַקאַנטע סוחרים, נאָכגעפרעגט זיך אויף דעם און יענעם, געחשבונט, פאַרנאָטירט אַלץ אין אַ ביכעלע.

אַזוי פלעגט ער אָפּגיין אַ שעה, צוויי שעה, טראַכטן וועגן זיינע גרויסע פּלענער — און מיט איין מאָל ווערט אים פינצטער פאַר די אויגן, און די גאַנצע גאַס לאַכט מיט מאַדאַם ראָזאַלינס קולעכל: „אַלטער נאַר"... „כ'האָב צו פיל רחמנות געהאַט אויף דיר"...

קומט ער אַהיים און וואַרפט זיך אין בעט אַריין. און ביי נאַכט גייט ער אויפן מאַנמאַרטער, אין יענעם קאַבאַרעט.

אָבער זיין ווילן רייסט אים פון דער גלייכגילטיקייט אַרויס, וויזט אים גיגאַנטישע וויזיעס...

ווען נאָך לאַנגע וואָכן זינט דעם סקאַנדאַל איז מאָריס־בערנאַרד צוריקגעקומען אין געשעפט אַריין, האָט זיך קיינער מער נישט אויף אים אומגעקוקט. מ'האָט אים אומעטום געלאָזט גיין, געלאָזט נאָכקאָנטראָלירן אין הויפּט־לאַגער אָנגעקומענע שטאָפן — גלייך ער וואָלט געווען דאָס קאַפּריזנע קינד פון באַלעבאָס: מען וויל דערויף אָנשרייען, נאָר פאָרט...

די גלייכגילטיקייט האָט אים אויפגעקאָכט. ער האָט אַלעמען געוואָלט זידלען, נישט געשוינט צו מאָל דעם פאַרוואַלטער.

— פאַרכעס!... — גרויסע פאַרדינערס מיינע!... וואָס לויפט עץ נישט מיך אָנקלאָגן אין סינדיקאַט אַריין? הע־הע... מאָריס־בערנאַרד ק — — — אויף ענקערע אַלע סינדיקאַטן!

מ'האָט זיך געמאַכט נישט הערן. טייל האָבן דערשטיקט אין זיך געלעכטערלעך.

ער האָט געוואָלט אַריין אין זיין ביוראָ. די טיר איז אָבער געווען פאַרשלאָסן. דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטאָן אין קאָפּ אַריין.

— גאָד——ענק——טס!

ער איז אַרויסגעלאָפן מיט אויפגעהויבענע פאַרביילטע הענט. געלאָפן גאַס־איין, גאַס־אויס, גערייכערט, אָפּגעשטעלט זיך אין קאָפּעץ און געפילט, אַז עפּעס דאַרף געשען, מוז געשען — וואָס? וואָס אַזוינס?...

— טיען, טיען, וועמען כ׳זע דאָ!

פאַר אים איז געשטאַנען פּיוועלע, פּיוועלע „זשמאָן פו״, אויסגע־התנט אין אַ העל־גראָ אַנצוג מיט אַ שאַרפן קאַנט אין די הויזן, מיט אַ שווארצן נייעם „בעכער״ אויפן ברייטן קאָפּ, דאָס בלאָנדע בערדל אַרומ־געשוירן. גאָרנישט איז געווען אין אים צו דערקענען דעם אַלטן קאָמעראַד, סיידן די צופרידענע קנייטשעלעך, וואָס האָבן שטענדיק אַרומגעוויוועט אויף זיין ברייט פּנים.

— גלייב מיר, פּיוועלע, האָסט געוווּנען?

— עפּעס בעסערס! „פּאַרסקע״ אַ געווינענער לאָטעריע־צעטל מאַכט אויס מענטש. און יעך, פאַרשטייסטע מיך, האַלט: אַ כּפּרה צוואַנציק לענדער פאַר איין מענטש! איי, מאָריסל, מאָריסל — האָט ער אים פריילעך גע־קלאַפּט איבערן אַקסל.

מאָריס־בערנאַרדן האָט די אומגעריכטע באַגעגעניש אויפגעהייטערט, פאַריאָגט פון אים דעם כּעס. פּיוועלען האָט ער אַלע מאָל גערן געהאַט. פּיוועלע איז נישט געווען קיין „איינרייסער״, קיינעם נישט געחנפעט און מיט זיין פריילעכן טאָן יעדן אַריינגעזאָגט, ווען ס׳איז נייטיק געווען. אַז מאָריס־בערנאַרד האָט זיך געדאַרפט איבער עפּעס באַראַטן, איז ער געקומען דווקא צו פּיוועלען. אַצינד, נאָך אַזוי פיל יאָרן צעשיידט זיין, איז אים קלאָר געוואָרן, אַז אייגנטלעך, דאָס וואָס אים האָט געפעלט אין לעבן, איז טאַקע אַזאַ נאָענטער חבר, אַזאַ פּשוט מענטשלעך האַרץ. ער האָט זיך געוואָלט אַראָפּרעדן פאַר אים, באַפרייען זיך פון זיין ווייטיק, אויסהערן אַ ליב וואָרט...

— קום פּיוועלע, קום זיך אַנידערזעצן אין אַ קאָפּע.

— אָבער צאָלן וועל יעך! ס׳איז אפשר ס׳לעצטע גלעזל, וואָס מיר טרינקען צוזאַמען.

— אַזוי... — איז מאָריס־בערנאַרדן געוואָרן קאַלט.

באַזעצט זיך אין צוויי שטרויענע פאָטעלן און באַשטעלט פּאָרטאָ (ס׳איז געווען פאַר מיטאָג), האָט פּיוועלע דערציילט זיין פרייד:



יאָסל צוקער אין 1926

— כ׳גיי אַצינדעט פון דער שיף־געזעלשאַפט. דער שוואָגער פון אַרגענטינע נעמט אונדז אַריבער. ר׳איז דאָרט אין אַ קאָלאָניע... ני, יאָ, וואָס האָבעך דאָ אויסצוקוקן — מיט רעוומאַטיזם בין יעך, ג׳לויבט צו גאָט, באַזאָרגט אויף שיינע יאָרן, און אַז כ׳זאָל, לאָמען זאָגן, עפּענען אַ געשעפטל, אַפילו אַזעלכעס, ווי דיינס — ני, איז וואָס? איין קרום ווינטעלע... עפּעס אַנדערש איז אַ קאָלאָניע: ערד... פרישע לופט, אַ מייערל פון אייגענעם גאָרטן... און דער עיקר, דו זיצסט נאָ פּעסט!

— אַזוי... אַזוי...

מאָריס־בערנאַרדן איז געוואָרן אומעטיק, אַ פאַרצווייפלטע שרעק פאַר די אָנקומענדיקע טעג האָט אים אַרומגעכאַפּט. עפּעס האָט זיך אין זיין קעל אַריינגעלייגט און פאַרשפּאַרט דעם וועג פאַר לופט, די אויגן האָבן אָנגעהויבן גלאַנצן מיט אַ פייכטקייט, דאָס פּנים האָט זיך גענומען קורטשען, ווי אין קראַמפּן...

— וואָס האָב איעך... מענטשן מיינע... איי, ווען כ׳וואָלט געהאַט דיין עלטער, דיין געזונט: ערד... מיין יידע איז אויך געווען אַ פּאַכטער...

— ני, יאָ, כ׳וויל נישט מיינע קינדער זאָלן שלעפּן וועגעלעך אַלט־וואַרג, קימט מיר עפּעס דערפאַר? — האָט פּייוועלע געלאַכט מיט אַ פול מויל — קאָמערץ איז אַ מזל־זאַך, „פאַ וורע”? אָבער ברויטעניו וויל דאָס נישט וויסן...

— איז פאָרסטו, הייסט עס?

— וואָדען, כ׳ל גיין אויסקוקן ס׳זאָל זיך מאַכן ביי אייך אַ קריג?

מאָריס־בערנאַרד האָט דערפילט אַ האַס צו פּייוועלען, צו זיין יוגנט; אַ האַס צו זיין פריילעכקייט, צו זיין ניי לעבן.

— כ׳וויס, כ׳וויס, באַרימעז זיך קענסטו, מויל־מלאכה קענט איר אַלע! נאָר איעך, איעך האָב פאַר קיינעם נישט קיין מורא, הערסט, פּייוועלע? און פאַר דיינע גליקן — אויך נישט!

אין שטוב האָט ער אַרויסגעריסן פון שאַרלאָס הענט אַן אילוסטרירטע ספּאָרט־צייטונג און זי צעפּליקט אויף פּיצלעך.

— ביי די ביכער פויל, ווי איך האָב געפוילט אין די מיכטן!

מיט אַלע כוחות האָט ער געוואָלט אַרויסרופן קריגעריי, אויסגיסן

זיין גאַנצן כעס, וואָס האָט אים שיער נישט דערשטיקט. נאָר מאַדאַם ראָזאַלין האָט פאַרקלאַפּט די טיר פאַר זיין נאָז. דאָס אייגענע האָבן אויך געטאָן די קינדער, איינשליסנדיק זיך אין זייערע צימערן.

אין שטייגל האָבן די קאַנאַריקלעך געטשיריקעט, געשפּרונגען פון צווייגל צו צווייגל און געוואָלט אויסטרינקען אַ שטראַלעכל זון, וואָס האָט זיך געבאָדן אין זייער סלאָיִקל וואַסער. ביי זייער מעלאָדישער רויִקייט איז מאָריס־בערנאַרדס אויפגערעגטקייט קילער געוואָרן. אַ רחמנות צו זיך אַליין האָט אים אַרומגעכאַפּט: וואָס טוט מען? ווו גייט מען?

ער האָט אַרויסגענומען אַ קאַנאַריקל, געטוליעט דאָס האָניק־גאָלדענע נפשל צו זיינע קאַלטע ליפּן, געגלעט דערמיט זיינע באַקן — און דערפילט לואיזעטס שמעקעדיקע הענטעלעך פון אַ מאָל...

אפשר דערפאַר האָט ער געעפנט ס׳פענצטער, אויפגעמאַכט דאָס שטייגל?

די פייגעלעך זענען פאַרחידושט געוואָרן פון דעם לויטערן בלוי אָן דראָט־פאַרצוימונג, פון אַזאַ גרויסער קלאָרער זון. זיי האָבן דערהערט דאָס האַרץ־קלאַפּן פון דעם גרינעם צעוואַקסענעם בוים, וואָס דאָרט אונטן, אויף דער גאַס... און מיט אַ מאָל האָבן זיי זיך אויפגעהויבן פון דעם מענטשנס דלאָניעס, אַרומגעקרייזט אַ פּאָר מאָל פאַרן פענצטער, זייערע איינגעקור־טשעטע פליגעלעך זענען דורכגעזאַפּט געוואָרן מיט ווינט, יעדעס פעדערל באַזונדער האָט געעפנט אַ באַהאַלטן מיילעכל און זיך אָנגעטרונקען מיט פלי, מיט הייסע באַגערן...

טיף אין זיך האָט מאָריס־בערנאַרד געלאַכט. און וואָס לענגער ר׳האָט געקוקט אויפן ליידיקן שטייגל — שיכורער איז ער געוואָרן פון נקמה־לוסט.

דעם גאַנצן טאָג האָט אים דער צושטאַנד געהאַלטן אין אַ קלעם. דאָס הויז, די גאַסן זענען געווען אַ פינצטערע תפיסה־קאַמער, און ער, ער איז דער צום טויט־פאַרמשפּטער. די חושים זענען מער נישט געווען מיטן קערפּער, יעדער גליד האָט אויסגעפיבערט אַ באַזונדערע שטרעבונג אויפ־צוהייבן זיך דורך פייניקן אַנדערע... און אין די געהירן איז פון אַלע צע־ברעקלטע געדאַנקעלעך געוואָרן איינער — שווער, ממשותדיק. ער האָט געהרעוועט: אַזוי וויל מאָריס־בערנאַרד!

דורך אַ הינטערטיר האָט זיך מאָריס־בערנאַרד פאַרגנבעט אין קעלער אַריין, אין דעם הויפטלאַגער. און ווען דאָס געשעפט איז געשלאָסן געוואָרן — האָבן זיינע הענט געציטערט, אָבער געפאָלגט; האָבן זיינע פיס זיך געוואַקלט, נאָר געפאָלגט; האָבן זיינע אויגן צוגעקוקט און געשוויגן.

ערשט ווען אויפן אָרט פון די שטויסן סחורות האָבן זיך געוואַלגערט אויף די פּאָליצעס, אויף די טישן קנוילן פייער; ערשט ווען שוואַרצע גריוועס רויך האָבן זיך גענומען שאַרן צו אים — דעמאָלט האָט מאָריס־בערנאַרד אויפגעוואַכט, אַרויסגעיאָגט פון זיך אַ געוואַלד און אַריינגעשפּרונגען אין די פלאַמען אַריין, נישט געפילט קיין בראַנד־ווונדן, געכאַפּט צווישן די מעכטיק־געוואָרענע הענט שטיקער פייער און זיי געוואָלט דערדישען, דערווערגן... די שויבן פון די שענק האָבן געפּלאַצט מיט אַ געבראַזג, די געזונטע דעמבענע פאַכן האָבן געקנאַקט אונטער די פלאַמען... פון אַלע ווינקעלעך זענען געקראָכן צום סופיט אַרויף העליש־רויטע הענט מיט צעשפּרייטע אָנגעגליטע פינגער... אויף די ווענט זענען אַרומגעקראָכן שוואַרצע שפּינען רויך, געקראָכן איינע אויף די אַנדערע, איינגעשלונגען איינע די אַנדערע... דאָס פייער האָט געלאַכט פון מענטש, זיך געשפּילט מיט די פּאָלעס פון זיין מאַנטל, אַ ביס געטאָן דאָס בערדל, אַ סמאַל געטאָן די אויגן־אַפּלען... אַ שוואַרצע וואַנט האָט זיך פּלוצעם אַוועקגעשטעלט פאַר אים. ער איז געפאַלן פאַר שרעק, אויפגעהויבן זיך און ווידער אומגעפאַלן, און טאַפּנדיק מיט די הענט געקראָכן צום אַרויסגאַנג.

די מיט אייזן־באַשלאָגענע טיר האָט ער שוין נישט געקענט עפענען.

די פייערדיקע לאַווע האָט ביסלעכווייז אַלץ פאַרגאָסן, איז מעכטיק געשטיגן צום לעצטן, דריטן טרעפּל, אויף וועלכן מאָריס־בערנאַרד איז געלעגן אַ צונויפגעקנוילטער, דערשטיקט פונעם רויך.

# אין איינעם אַ הויז

1

אין איינער פון די געסלעך, וואָס פּלאָנטערן זיך אויפן באַרגיקן בעלוויל, שטייט דער האָטעל, אַ פיר שטאָקיקער מיט נישט ווייניק גאווה. זיין קרעם־קאָליר, הגם שוין אַ גאַנץ אַלטער, טיילט אים נאָך אויס פון די אַרומיקע אָפּגעריסענע הייזער. באַזונדערס גרייסט ער זיך מיט זיין שוואַרצן מאַרמאָר־טאָוול, וואָס אין אים איז אויסגעקריצט זיין נאָמען, איבערגעצויגן מיט אַ גאָלד־פאַרב: Hotel Moderne.

מיט צוויי שכנים בלויז לעבט ער בשלום: אויף זיין רעכטער זייט — מיטן יידישן הערינג־געוועלבל פון דער באַוווסטער פירמע „קלאַפּיש און זיינע זין" און אויף דער לינקער זייט — מיט דעם רעסטאָראַן „דע ראַדאַם", וועמענס אייגנטימער, אַ קרעפּטיקער פאַרשוין מיט גלאַט־ראַזירטע רויטע באַקן, אַנאָנסירט זיך אין דער אַרבעטער־צייטונג, אַז „נאָר ביי אים, דעם לאַנגיעריקן אַרבעטער־רעסטאָראַטאָר, קען מען צו יעדער צייט אָפּעסן אַ געשמאַקן חברישן מאָלצייט".

מיט די איבעריקע הייזער פון געסל איז דער האָטעל צעקריגט, הגם אין זיינע פענצטער ליגט אויך אַ גאַנצן טאָג בעטגעוואַנט צו ליפטערן, און מ'הענגט אויך אַרויס, אין אַ מיטן ווינטערדיקן פרימאָרגן, אַ באַפּישט ווינדעלע, שנעל פאַרקלאַפּנדיק דאָס פענצטער.

אין די זומערדיקע זונטיק־פאַרנאַכטן, זיצט דער האָטעלניק, מסיע פּיער, אין דרויסן פאַר דער טיר אין אַ ווייס העמד, מיט שטייפע מאַנזשעטן און קראַגן. די צוויי גראָבע פינגער פאַרשטעקט אין די זייטן פון די לילאַ־פאַרביקע שעלקעס, רעדט ער צו זיך:

— וואָס וואָלט מיר געפעלט, ווען מיין האָטעל שטייט אויף אַ בולוואַר ?... און דערצו נאָך מיט אַזאַ נאָמען...

מסיע פיער איז נישט צופרידן מיט דער גאַס, הגם אויף די טרעפ פון זיין „האָטעל מאָדערן" איז ביי טאָג פונקט אַזוי פינצטער ווי אין די אַנדערע הייזער, די וואַסער־קראַנען געפינען זיך אין הויז און שטענדיק שטייט אַ קליין טייכעלע אַרום דעם „זלעוו" (טאַקע צוליב דעם קומען אָפּט אַרויס קריגערייען צווישן די שכנים). גאָרנישט ווי עס פּאַסט פּאַר אַ האָטעל מיט אַזאַ נאָמען, זענען די קלאָזעטן אָן וואַסער־ציער, און מ'דאַרף אַ קוועטש טאָן אויפן אָרט ווו מ'שטעלט זיך, אַז דאָס ווונדער זאָל געשען און דער שמוץ זאָל זיך אַראָפּגליטשן...

מיט צוויי זאַכן צייכנט זיך אָבער דער האָטעל יאָ אויס: יעדן שבת ווערן די שטיגן אויסגעקערט מיט אַ באַרשט, און אין די צימערן איז פאַראַן צענטראַל־באַהייצונג.

*

אין צימער נומ. 16 איז די שטילקייט געלעגן אויסגעשפּרייט איבער אַלע פיר ווינקעלעך. דורכן פענצטער האָבן אָנגעהויבן אַריינצוקאַפּען די ערשטע טראָפּנס נאַכט.ביידע מיידלעך זענען געזעסן האַרט צוגעבויגן צו די שויבן, ווי זיי וואָלטן וועלן פאַרשטעלן דעם וועג, דורך וועלכן דער טאָג איז ביסלעכווייז אויסגערונען.

— בלומע — האָט איינע אויפגעהויבן אַ בלאַס שטיקל פּנים אַרומגעוויקלט אין אַ באַנד ברוינע האָר — ער וועט אַוודאי באַלד אָנקומען נאָך די שיך.

בלומע איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעט, איבערגעבויגן איבער דער אַרבעט. איר בלאָנדער קאָפּ האָט זיך כסדר געגליטשט צו די קניען, אַראָפּ און אַרויף און מיטגעריסן דעם אויבערשטן טייל קערפּער (ווי די אומזעבאַרע פעדעם פון דרימל וואָלטן אים שלעפּן צו זיך). דער וועקזייגער אויף דער „שעמינע" האָט אויסגעטריפט זיינע מינוטן, ווי איבערגעבליבענע רעגן־טראָפּנס פון אַ רינע. אויפן בעט זענען געלעגן אָנגעוואָרפן אין אַ באַרג די שוין אויסגעפלאָכטענע שיך.

מען האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר. ביידע מיידלעך האָבן אַ הייב געטאָן די קעפּ און געבליבן זיצן מיט אויסגעברעטלטע פּלייצעס — ס׳איז נאָך געווען צו פרי, אַז ס׳זאָל שוין זיין דער פּאַטראָן — זייערע אויגן זענען געלאָפן צו דער טיר און צוריק אַראָפּ אויף דער אַרבעט.

— באַהאַלט די שיך אונטער דער קאָלדרע! — האָט בלומע שטיל באַפוילן און זי איז געגאַנגען עפענען.

פאַר דער טיר איז געשטאַנען אַן עלטערע פרוי איינגעהילט אין אַ קאַראַקולענעם מאַנטל, אין אַ ברוינעם סאַמעטענעם הוט, פון אונטער וועלכן ס׳זענען אַפּערגעהאָנגען דינע, גרויע האָר־פּעדעמלעך.

— אַנטשולדיקן זי מיר, פרוילייך, איך בין פון ראָטשילד־קאָמיטעט צו העלפן די אומגליקלעכע הימלאָזע. קענען זי מיר פיליכט געבן עטלעכע אויסקונפטע איבער דער בערלינער פרוי, וואָס אויבן אויפן דריטן? — האָט זי גערעדט מיט אַן איבערגעטריבענער העפלעכקייט.

זי איז אַריין אין צימער, פאַרמאַכנדיק הינטער זיך די טיר מיט אײדעלע באַוועגונגען פון אירע ווייס־באַהענטשטע פינגער. זי האָט זיך אַרומגעקוקט: אין צימער איז די לופט געווען אַ זויערלעכע. אויף די רערן פון דער צענטראַל־באַהייצונג האָט זיך געטריקנט אַ גרינער אויסגעוואַשענער סוועטער און געאָטעמט מיט אַ לייכטער פּאַרע. דאָס געלע עלעקטרישע לעמפּל, וואָס האָט שוין געברענט, איז אַראָפּגעהאָנגען פון מיטן צעפּאַדעטן סופיט, ווי אַן אָנגעגליט בלעכן אויג... די איידעלע פרוי האָט שוין באַדויערט פאַר וואָס זי איז איבערגעטראָטן די שוועל.

— אָ, אַנטשולדיקן זי מיר, איך קוועל אינען געוויס — און זי האָט זיך צענאָסן צוויי מאָל נאָך אַנאַנד. אירע ווייס־באַהענטשטע פינגער האָבן אויף גיך גענומען נישטערן אין שוואַרצן לאַקיר־טאַש. זי האָט אַרויסגענומען אַ פּאַרפומירט טיכעלע און זיך ווידער אַנטשולדיקט:

— עס איז איינע ערקלערונג — און זי האָט זיך אויסגעפרעגט, צי פרוי הערמאַנס מאַן איז טאַקע אומגעקומען אין אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער אין בערלין, צי האָט זי טאַקע פיר קינדער, און צי באַקומט זי נישט קיין שום אונטערשטיצונג פון אַן אַמעריקאַנער פאַמיליע אָדער פון עמעצן אַנדערש.

נאָך איר אַרויסגיין האָט זיך דאָס צימער צוריק פאַרוואַנדלט אין אַן אַטעליע: די שיך זענען אַפּערגעקראָכן פון אונטער דער קאָלדרע און די פינגער האָבן ווידער געגומען קריכן אַרום די לאַנגע לעדערנע פּאַסיקלעך.

בלומע האָט מיד אויפגעהויבן דעם קאָפּ.

— איך וועל שוין נישט באַוויזן צו ענדיקן ביז ער וועט אַרייג־קומען, עפּעס טוען מיר היינט אַלע אברים ווי... ס׳קלעמט מיר אונטערן האַרץ.

זי האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויפן בעט אַ שווייגנדיקע. אויף אירע אויגן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ מידקייט. די בלוט־אָרעמקייט פון פּנים איז געלעגן באַהאַלטן אונטער צוויי ראָזלעכע פּודער־פלעקן.

אין דער שטילקייט האָט זיך דורכגעריסן דאָס שאָרכען פון די לע־דערנע פּאַסיקלעך. אַרום האַלב זיבן איז געקומען דער פּאַטראָן.

— וואָס ליגן זי גאָר, מאַדמאַזעל? — האָט ער נאָך שטייענדיק ביי דער טיר געפרעגט.

אַן איינגעטריקנט מענטשל מיט אַ לאַנגן דאַרן האַלדז און שפּיציקער נאָז, האָט ער די לאַנגע באַהאָרטע הענט אַוועקגעשליידערט צו די געמאַכטע שיך און זיי באַטאַפּט, ווי מען טאַפּט אַ הון צי זי האָט אַן איי.

— איי, איי, וואָס עפּעס אין מיטן דערינען קראַנק? — האָט ער ווי פאַרלוירן די רייד — כ׳האָב דאָך אייך אָנגעזאָגט, אַז די שיך מוזן זיין אויף זעקסע...

בלומע האָט געמאַכט אַן אָנשטרענגונג זיך אויפצוזעצן.

— אויף צו פאַרדינען צען פראַנק פאַר צוועלף שעה אַרבעט...

— וואָס, איר האָט דען עפּעס בעסערס, מאַדמאַזעל? — איז ער אַריינגעקראָכן מיט די רייד, דרייענדיק מיטן לאַנגן דאַרן האַלדז, ווי אַ דישעל, פון בלומען צו עסטערן און צוריק — אַז איר׳ט זיך איינאַרבעטן, וועט איר פאַרדינען מערער. וואָס מיינען זי, מאַדמאַזעל, וואָס בין איך דאָ דער גרויסער פּאַטראָן, דער פאַבריקאַנט, וואָס „עקספּלאָאַטירט״ אייך?... כ׳בין אַליין אַ „פּאַסאָניע״, כ׳נעם אַליין „אַרויס״ ביי יענעמען. און וויפל, מיינען זי, פאַרדין איך, מיט מיין ווייב, מיטן מיידל צינעזאַמען?

ער האָט אַרויסגעשלעפּט פון קעשענע אַ שוואַרץ שטיק פון אַ כאַלאַט.

און איינגעפּאַקט די שיך. נאָך די איבעריקע וועט ער קומען מאָרגן אין דער פרי, וועט ער שוין אין איין וועגס מיטנעמען אַ ביסל פרישע אַרבעט.

— נאָר זי זאָלן וועלן אַרבעטן, מאַדמאַזעל! זי זאָלן נישט זיין קראַנק!

בלומע איז האַלב געלעגן אויפן בעט אונטערגעשפּאַרט מיטן עלנ־בויגן, אירע אויגן האָבן זיך מיט פרעמדקייט איינגעביסן אין דעם חלל פון צימער. מיט אַ מאָל האָט זי זיך אָנגערופן:

— כ׳וועל פּרווון צוריק אַרבעטן ביי „ראָבן״, דער סעזאָן דאַרף זיך דאָך שוין אָנהייבן.

— און „פּאַפּירן״?

— וועל איך אַרויסנעמען אַהיים.

דער זייגער איז שוין געווען נאָך זיבן. אסתר האָט זיך גענומען אַ ביסל אויפרוימען די שטוב. זי האָט צוגעשטעלט אַ קריגל וואַסער אויף טיי און איז אַראָפּ קויפן ברויט.

ביים עסן האָט בלומע באַמערקט:

— אַ שאָד, פּונקט היינט האָב איך אַ זיצונג פון דער פּרויען־סעקציע, וועסט אפשר קענען איבערגעבן ח׳טע פּאַניק, אַז כ׳בין אַ ביסל נישט געזונט, אסתר?

דער גרינער סוועטער אויף די רערן פון דער צענטראַל־באַהייצונג איז שוין געווען אויסגעטריקנט. אסתר האָט אים אַראָפּגענומען, אויסגעצויגן די אַרבל, די פּלייצע און גענומען מיטן איבערגעבליבענעם וואַרעמען וואַ־סער פון קריגל וואַשן אַ פּאָר זאָקן.

מאַדאַם חיהלע, די שכנטע פון נומ. 19, איז אַריינגעקומען. זי איז געווען אַרומגעוויקלט אין אַ ראָזן אויסגעשטריקטן שאַל. זיך צוקלעפּנדיק צו דער צענטראַל־באַהייצונג, האָט זי זיך צערעדט:

— ס׳אַ דרויסן, לאָמיר נאָר זיין געזונט! וואָס עפּעס ליגן זי גאָר, מאַדמאַזעל? — און נישט הערנדיק אַפילו דעם ענטפער האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — היינטיקע טעג שפּילט אַ ראָלע מ׳זאָל זיך פאַרקילן... מ׳גייט אַרויס נאָך אַ קרוג וואַסער און מ׳פּאַקט אַן אַנגינע — שפּילט אַ ראָלע...

מאַדאַם חיהלע איז אַ קליין שוואַרץ ווייבעלע, זי איז ערשט דאָ אַריינ־

גערקומען, ווייל ביי זיך איז איר עפּעס געוואָרן פלוצטאַלבן קאַלט. זי רופט זיך אָן:

— מיין בערנאַרד איז געגאַנגען מאַכן אַ „דזשאָב״ אַרבעט, איז ער נאָך נישטאָ.

ווען זי דערהערט גיין אויף די שטיגן, שטעקט זי אַרויס אַ פּענעצל נאָז, באַלד צוריק עס אַריינכאַפּנדיק:

— ס׳אי גאָר דער טריקאָטאַזשניק פון פערטן.

— ס׳אי גאָר דער „פּוריער״.

מאַדאַם היהלע האָט פיינט צו שטיין ווי אַ מרוק, ניעט אַרויסצורעדן קיין וואָרט. דערמאָנט זי זיך מיט אַ מאָל אין דער „אָבלאַווע״, וואָס איז דאָ געווען יענע וואָך אין האָטעל, און חזרט איבער נאָך אַ מאָל דאָס, וואָס זי האָט שוין אויסגערעדט פאַרן גאַנצן הויז שכנים:

— נו, וואָס זאָגט איר, מאַדמאַזעלן, צו דעם, אַ?... נאָר איך זאָג אייך, אַז פּונקט ווי „מזושוור״, וועט עס איצט אויך אויסגיין צום יידס קאָפּ. וואָס דאַרפן זיך יידן מישן אין פּאָליטישנע היסטאָריעס, נאָך דערצו אין אַ פרעמדער מדינה? ווייניק שטייען זיי שוין אויס פון די אַנטיסעמיטן?

זי גייט אַריין אַ שטיק אין מיטן צימער און דרייט אַראָפּ דאָס קולכל: — שטעלט אייך נאָר פאָר: די צוויי יונגעלייט אויפן פערטן, איינער איז געווען אַ „פּרעסער״, דער צווייטער — ווייס איך אַליין נישט וואָס, ווייסט איר, וואָס מ׳האָט ביי זיי געפונען?...

— חיהלע! — שרייט עמעצער אין הויז.

דאָס שוואַרצע דראָבנע ווייבעלע טוט זיך אַ כאַפּ.

— אוי, מיינער איז שוין געקומען! — און זי לויפט אַרויס מיט אַ „באָן־סואַר״.

*

אין צימער נומ. 19.

מאַדאַם חיהלעס שטוב איז אַ גרויסע „ווי אַ פירקאַנטיק פעלד״. דאָס פענצטער גייט אַרויס אין אַ שמאָל־העלדזיקן הויף און ווען אין דרויסן ברענט אַפילו אַ זון „אויף צעזעצט צו ווערן״ מוז מען אויך לאָזן

אָנגעצונדן דאָס געלע עלעקטרישע לעמפּל. מאַדאַם היהלע וואָלט שוין געווען פון לאַנג זיך אַרויסגעקריגן פון דעם „לאָך", שוין עטלעכע יאָר וואַרט זי אויף אַ גוטן „סעזאָן" און קען זיך אַלץ נישט דערוואַרטן. די צייט — איר מאַן בערנאַרד וואָלינער זאָגט: דער וועלט־קאַפּיטאַליזם — האָט זיך אַנטקעגנגעשטעלט איר פּלאַן, ס'איז אַ גאַנץ יאָר „מאַרט־סעזאָן", די מאַשין ביים פענצטער שטייט אַ פאַרשטויבטע, די נאָדל איז צעבראָכן און קיין נייע דאַרף מען גאָרנישט קויפן.

— און אַז איכ'ל שוין קויפן, עט דען זיין אַרבעט? — טענהט בערנאַרד.

זיין פאַך איז לעדער־מאַנטלעריי. אַ פּאָר וואָכן פאַר „זשור דע ליאָן" האָט ער נאָך אַ ביסל אַרבעט, נאָר שפּעטער איז „ריען אַ פער" — גאָר־נישטאָ. „איין נס האָב איך, וואָס מיין בערנאַרד האָט געבענטשטע פינגער"— זאָגט היהלע די שכנים ווען מ'פרעגט איר אויף פּרנסה.

בערנאַרד וואָלינער הייבט יעדעס יאָר אָן מיט קלעפּן גומענע מאַנטלען, און אַזוי גייט שוין כסדר: נאָכן קלעפּעריי ווערט ער „פּרעסער", אַ הויזן־נייער, אַן אונטער־מאַשינער ביי דאַמען־מאַנטלען, אַ „פּאַניעס"־פלעכטער, ביז ער קומט צוריק צו זיין פאַך.

ער איז אַ מיטלוווקסיקער, מיט אַ גראָב פּנים און אַ נאָז, וואָס האָט אַ סענק אין דער מיט. די אויגן זענען נישט גרין — נישט בלוי; זיי קוקן אויף אייך מיט אַן אַרויפגעצווונגענער שטרענגקייט. ווען ער קומט אַהיים און וואַרפט אַראָפּ דאָס היטל, דעקט זיך אויף אַ ברייטער שטערן־רייף, אויף וועלכן ס'רוען עטלעכע שאַרפע פאַלדן. זייער אָפט ציט ער דעם שטערן שטאַרק צונויף — דעמאָלט טראַכט ער.

זינט ער האָט זיך פאַרשריבן אין סינדיקאַט און אָנגעהויבן צו לייענען די אַרבעטער־צייטונג, טראַכט ער אַ סך. אפשר דאַכט זיך אים איצט, אַז דאָס ווייב געפעלט אים נישט מער און ער האָט זי אַפילו צייטנ־וויז פיינט.

— קליינבירגערין! — שרייט ער — ס'אַ שאַנדע, אַ שאַנדע פאַר אַ באַוווסטזיניקן אַרבעטער צו לעבן מיט אַזאַ פרוי!

נאָר באַלד כאַפּט ער זיך, אַז דאָס פּאַסט נישט פאַר אַ באַוווסטזיניקן

אַרבעטער ווי ער איז, מ׳דאַרף אויפקלערן, געבן צו פאַרשטיין; ער אַליין איז דען נישט געווען אַ מאָל ווי זי?

— פאַרשטייסט — זאָגט ער דעמאָלט מיט אַ רויִקן באַלערנדיקן טאָן — מיר פּראָלעטאַריער און האָרעפּאַשניקעס...

— אָוואַ — צעבייזערט זיך חיהלע — קוק אים נאָר אָן! פון ווען אָן טויג דיר שוין נישט דאָס ווייב? בערעלע, געדענקסט ווי דו האָסט שיער איינגענומען די נכפּה פאַר מיר? ווי דו ביסט מיר נאָכגעקראָכן אויף יעדן טראָט ווי אַ הונט?

בערנאַרד וויל איר אַפילו אַריינפאַלן אין די רייד. ער וויל איר זאָגן, אַז אין איר קען מען טאַקע זען די קאָנסעקווענצן פון דער פרויען־פאַרשקלאַפונג, וואָס די בורזשואַזיע צוזאַמען מיט די רעליגיע האָבן אויף זיי אַרויפגעוואָרפן; אַז זי וועט שוין אַזוי בלייבן אַ פינצטערע אַבערגלויבלעכע קליינבירגערין און אַז זי איז אַ נישט פּראָדוקטיווער עלעמענט, וואָס וועט אין סאָציאַליזם נישט האָבן קיין פּלאַץ. נאָר ער זעט דען נישט מיט וועמען ער פאַרנעמט זיך דאָ צו פּאָלעמיזירן? שווייגט ער מיט אַ ביטערער איראָניע.

דאָס לעצטע רעגט נאָך מער אויף חיהלען, נעמט זי אים אויסלאַכן:

— די גאַנצע וועלט דאַרף זיך צונויפנעמען און זיך שיטן פון געלעכטער... קוקט אים נאָר אָן, מיין נייעם דאָקטער! „מיסיו”, וויפל „שקאָלעס” האָבן זי אַדורכגעמאַכט צו פוס?... ער גייט מיט מיר קנעלן פונקט ווי כ׳וואָלט געווען זיינס אַ סמאַרקאַטע מיידעלע!

דאָ קען שוין בערנאַרד נישט איינזיצן, ער שפּרינגט אויף מיט ביידע פויסטן. נאָר מיט אַ מאָל פאַלט אים איין: וואָס גייט ער טאָן, ער, אַ באַוווסטזיניקער אַרבעטער? — און ער זעצט זיך צוריק אַראָפּ.

אין איר ווינקל לאַכט די דערשראָקענע חיהלע מיט אַ פול מויל ציינער.

נאָך אַ לאַנגן שווייגן רופט זיך בערנאַרד אָן:

— כ׳בין צופרידן, וואָס מיר האָבן כאָטש נישט קיין קינדער.

חיהלע ווערט בלאַס ווי אַ מעליק ברעטל און צעוויינט זיך אויפן קול...

זינט דער אָבלאַווע אין האָטעל, שרעקט זיך חיהלע פאַר איר מאַן, סכנות נפשות. אין מיטן דער נאַכט כאַפּט זי זיך טייל מאָל אויף און וועקט בערנאַרדן אין איין אָטעם:

— בערנאַרד, שלאָפסט, בערנאַרד?... דאַכט זיך, מ׳גייט! — און זי וואַרפט אַן אויער צו דער טיר.

אין הויז ווערט צוריק שטיל. אויפן הויף וויינט אַ קאַץ אין דער פינצטערניש אַריין.

היהלע ציטערט אויף. זי זעט שוין ווי פּאָליציי קומט אָן, ווי מ׳נעמט צו איר בערנאַרדן.

— בערעלע, דאַרפסט זיך גוט אויסהיטן די ביינער — רעדט זי אין אים אַריין — דאָס בלאַט, וואָס דו לייענסט, מעגסטו דען נעמען אין דער האַנט אַריין?

ביי בערנאַרדן קומט פאַר פונקט דאָס פאַרקערטע: טיף אין אים שמעלצט זיך אַ כמעט יינגלשע פרייד. ווען ער גייט פאַרביי אַ פּאָליציאַנט אויף דער גאַס, גלוסט זיך אים טייל מאָל אויסשרייען:

— אַ נו, פּאַראַזיטל, וואָס פאַרהאַלטסטו מיך נישט? ווייסט אפשר נישט ווער כ׳בין, האַ? — און ער דערפילט זיך גאָר קרעפטיק קעגן דעם ברייטפּלייציקן פּאָליציאַנט מיטן רעוואָלווער ביי דער זייט.

ער האָט איצט אַ דאָפּלטן פאַרגעניגן ביים לייענען די ציימונג. ער שניידט אויס געוויסע פּאָליטישע אַרטיקלען — דאָס וואָס ער האָט פריער נישט געטאָן — און זאַמלט אַלטע נומערן.

איצט, ווען בערנאַרד איז אַהיימגעקומען און געטראָפן די טיר פאַרשלאָסן, האָט ער אַ געשריי געטאָן:

— ח י ה ל ע!

דאָס ווייב איז אַרויסגעלאָפן פון נומ. 16 מיטן שליסל אין האַנט.

— וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? — האָט זי געוואָלט פאַררעדן דעם מאַנס אויפגערעגטקייט.

— עסן! — האָט ער שטאָט אַן ענטפער געשריגן — כ׳האָב נישט קיין צייט!

— וואָסי, שוין ווידער אַ „יאַריד״? (אַזוי האָט זי גערופן זיינע פאַרזאַמלונגען).

בערנאַרד האָט געשלונגען שלעכט צעקייענדיק. ביי יעדן שלונג האָט זיך געהערט דאָס האַמעטנע אַראָפּפאַלן פון עסן מיט אַ טויבן פּליוך, ווי בעת ס׳פאַלט אַריין אַ שווערער שטיין אין אַ פלאַך וואַסערל.

— בערנאַרדל — האָט זיך חיהלע אים אַוועקגעשטעלט פאַר די אויגן — דו וועסט ביי מיר נישט לויפן אין אַזעלכע נעכט! ווי ער גייט זיך עס איינשטעלן פאַר אַ וועלט! ווער וועט זיך פאַר דיר אָננעמען, האַ, בערעלע?

בערנאַרד האָט זיך אויפגעשטעלט און געגאַנגען נעמען דעם פאַלטן. חיהלע האָט אַ שפרונג געטאָן.

— באַנדיט! וואָס ווילן לייטן זאָגן? גייט זיך יעדן אויפדערנאַכט שפּאַצירן, קומט אַהיים צוועלווע — איינסע, און דאָס ווייב לאָזט ער, ווי זי וואָלט געווען אַ קאַליקע.

בערנאַרד האָט זיך געריסן צו דער טיר, זי געעפנט.

— לאָמיך אָפּ מיט דיינע מעשׂיות, כ׳האָב אַ זיצונג!

ווען ער איז שוין געשטאַנען אויפן לעצטן טרעפּל, זענען נאָך צו זיינע פיס אַראָפּגעפאַלן אירע רייד:

— געדענק, בערעלע, כ׳וועל נאָך צוליב דיר בלייבן אַן עגונה!...

*

אין צימער נומ. 16.

אסתר איז שוין געהאַט אַוועקגעגאַנגען. אויף דער צענטראַל־באַ־הייצונג האָבן זיך איצט געטריקנט אירע אויסגעוואַשענע זאַכן. בלומע האָט אין בעט געלייענט אַ ביבליאָטעק־ביכל וועגן דער מערב־אייראָפּעישער ליטעראַטור.

זי האָט שוין געלייענט העכער אַ שעה. די אויגן האָבן זיך אָנגעטרונקען מיט דעם געלן מעש־ליכט פון לעמפּל, זיי האָבן געווייטיקט. זי האָט פאַרמאַכט דאָס ביכל.

דער קירכע־זייגער פון זשיליען לאַקרואַ האָט אַרויסגעלאָזן צען

בראָנדזענע ברומען. די גאַס האָט אַריינגעאָטעמט דורך די שפּאַרעס פון פענצטער. אַרום האָט זיך געשטילט...

וועגן פיל זאַכן מיט אַ מאָל האָט בלומע איצט געטראַכט. ערטערווייז האָט דער קנופּ פון אירע 22 יאָר לעבן נאָכגעלאָזט און ווי גאַרבן האָבן די טעג זיך צעשאָטן...

די קינדהייט אין דער קוימענדיקער לאָדזש, פּרי־יוגנט, יאָרן, וואָס האָבן געגייט טרוימען, — די שול האָט זיי געבוירן — זיי זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין פעדעמלעך רויך, באַלד ווי דער ערשטער סירענע־פייף האָט זיך איבערגעבראָכן אויף איר פּלייצע ווי אַ פּרענט...

דער וויטיק, וואָס האָט זיך פאַר נאַכט געקנוילט אונטער בלומעס האַרץ, איז צוריקגעקומען מיט נייערע שטורצן. דאָס עסן איז איר נישט געקראָכן אין האַלדז אַריין, אין די שלייפן האָט געקלאַפּט...

אין פוילן פלעגט זי זיך אויך אָפּט אַזוי פילן. שפּעטער, אין בעלגיע, ווען זי איז שוין געווען אומלעגאַל, זענען אַזעלכע נעכט געווען באַגלייט מיט טעג, מיט וואָכן. דער דאָקטער האָט פעסטגעשטעלט אַן אַלגעמיינע אָפּ־שוואַכונג פון נערוון־סיסטעם, ער האָט גערעדט נישט קלאָר וועגן די לונגען־שפּיצן און איר געהייסן גוט עסן, וואָס מער מילך מיט אייער, אַ סך רוען און אויסמיידן יעדע פיזישע אָנשטרענגונג.

מ׳האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר.

בינעם פון צימער נומ. 15, אַ הויכער מיט שוואַרצע רעוואָל־טירנדיקע האָר און מיט ערנסט־צוזאַמענגעצויגענע ברעמען, איז געבליבן שטיין אויפן שוועל.

— קומט, קומט אַריין — איז אים בלומעס קול אַנטקעגנגעגאַנגען — ס׳איז מיר גאָרנישט, בלויז אַ ביסל קאָפּ־וויטיק.

— דורך די טיר־שפּאַרעס האָב איך געזען, אַז ס׳ברענט זיך... כ׳האָב פאַרשטאַנען, אַז איר זענט אין דער היים...

— אָ, ס׳מאַכט נישט — האָט זי געשמייכלט בלאַס.

בינעם איז נאָכן פאַרמאַכן די טיר געוואָרן זייער היימיש:

— פאַר אייך וואָלט גוט געווען אַ הייס גלאָז טיי מיט ציטרין.

ער האָט גלייך זיך גענומען אַרומפּאָרען איבער דער שטוב, אויפ־

געזוכט די כלים, אויסגעוואַשן די גלעזער און דערווייל זיך דורכגעוואָרפן מיט באַמערקונגען איבער פּאָליטישע געשעענישן.

נאָך דער טיי האָט זיך בלומע ווידער דערפילט שלעכט. בינעם האָט זיך פאַרלוירן, ער האָט נישט געוווּסט מיט וואָס איר בייהילפיק צו זיין. ער האָט געפילט אין דעם מאָמענט אַ גרויסע נאָענטקייט צו איר, זיינע ווערטער זענען אָבער אַרויסגעקומען פּראָסטע, כמעט קאַלטע:

— איר וואָלט געדאַרפט אַריינגיין צו אַ דאָקטער, ח׳טע בלומע...

דאָס מיידל האָט נישט געענטפערט. די שטילקייט האָט זיך גענומען קנוילן... בינעם האָט געקוקט אויף די האָר, וואָס זענען געלעגן צעוואָרפן איבערן קישן, ווי העלע פּאָסן בראָנדז, זיי האָבן באַרעמט דאָס פּנים, וואָס איז איצט געווען באַדעקט מיט אַן אויסדרוק פון ווייטיק.

גאַנץ אָפט טרעפט ער זי אַ ליגנדיקע. טייל מאָל, ווען זיין הויכע געזונטע פּלייצע שאָטנט זיך אויפן בעט, דערציילט אים בלומע שטיקלעך פון איר לעבן אויף דער אימיגראַציע. וועגן די יאָרן אין דער היים מיידט זי אויס צו רעדן. זי זאָגט:

— זיי זענען שוין אַזוי ווייט פון מיר, אָפט מאָל גלייב איך, אַז כ׳האָב זיי גאָר קיין מאָל נישט געלעבט. איבעריקנס, מיין אמת לעבן פון אַ באַוווּסטזיניקן פּראָלעטאַריער האָב איך ערשט אָנגעהויבן אויף דער עמיגראַציע.

בלומע האָט געהאַט אָפטע צייטן פון זיך אויסרעדן. אַלץ וואָס איז נאָך געלעגן מיט פרישן אָטעם אויפן האַרץ, האָט זי ווידער איבערגעלעבט מיט אַ יונגער פרייד. אָבער די דאָזיקע מינוטן פלעגן גיך אויסרונען.

זי איז שוין געווען אין פּאַריז באַלד אַ יאָר, אין גאַנצן אומלעגאַל. אין פאַרלויף פון דער גאַנצער צייט האָט זי כמעט נישט געאַרבעט. די נישט־נאָרמאַלע און שלעכטע דערנערונג האָבן אַנטוויקלט ביי איר אַ כראָנישע מאָגן־קראַנקייט. זי האָט כסדר געליטן אויפן קאָפּ און באַקומען אַ שטאַרקע נערוון־אָפּשוואַכונג.

בלומע האָט אין אַ פרימאָרגן באַטראַכט איר פּנים אין אַ שפּיגעלע — ווי אַלט זי איז געוואָרן, ווי אַלט! די באַקן איינגעפאַלענע, בלייכע — זי

האָט זיי געריבן מיט די פינגער, אַרויסצורופן דאָס בלוט, אָבער אויף דעם אָרט האָט זיך בלויז אָפּגעדריקט דער ווייסער פינגער, ווי אַ שטיקל קאַלך.

אין מיטן רעדן וועגן זיך פלעגט זי זיך אָפּט פאַרהאַלטן און צוענדיקן:

— צו וואָס איך דערציילן דאָס אַלץ, צו וואָס?...

בינעמען האָט דאָס מיידל אָפּט באַשוועדט מיט אירע רייד. מיט אַן אומהיימלעכן געפיל פלעגט ער צוריקקומען אין זיין צימער. טייל מאָל האָט זיך אין אים באַוויזן אַ טויב געפיל, וואָס האָט אָנגערירט די גרענעצן פון מיטלייד, אָבער באַלד האָט דער שכל זיך אַריינגעמישט און עס אַרויסגע־ריסן מיטן וואָרצל פון זיך. אויף דעם אָרט האָט זיך אַריינגעשניטן כמעט ווי אַ ווידערגעפיל צו איר:

— איר זענט דאָך פון דעסטוועגן נישט די איינציקע, פאַראַן טויזנ־טער אַזעלכע ווי איר, טויזנטער! — האָט ער האַלב געשריגן.

בינעם האָט שוין אין זיינע 27 יאָר געהאַט אַדורכגעמאַכט אַ שטור־מיש לעבן. אין פוילן, דייטשלאַנד, בעלגיע, לוקסעמבורג, פראַנקרייך — אומעטום איז ער געווען פאַרדעכטיקט; אין יעדן לאַנד האָט ער געקענט דעם באַזונדערן תפיסה־רעזשים.

בלומע האָט שוואַך אָפּגעענטפערט:

— אַך, ווי שלעכט איר פאַרשטייט מיך, צי לעבט איר דען קיין מאָל נישט איבער אַזעלכע מאָמענטן? איך ווייס, אַז כ׳בין נישט די איינ־ציקע, נאָר — כ׳קלאָג זיך דאָך נישט. איך פאַרצייל בלויז — — —

איצט איז בלומע געשלאָפן. דער וועקזייגער האָט אויסגעקאַפּעט די צייט. ס׳איז שוין געווען האַלב־צוועלף. בינעם איז געשטאַנען איבערן בעט, געקוקט אויפן מיידל.

פלוצעם האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט. זיינע גראָבע פינגער צעהאַקט פון אַרבעט האָבן באַרירט איר פייכטן שטערן...

זי האָט דערפילט דעם זשאַווערדיקן הויך פון אַרבעט, האָט זי אויפ־געעפנט די אויגן און געזאָגט:

— לאָזט מיך, לאָזט... כ׳וועל טאַקע מאָרגן צוגיין אין שפּיטאָל אַריין, איר זענט גערעכט.

מיט דער האַנט האָט זי באַהאַלטן אַ בלאַסן שמייכל אויף די ליפּן.

*

אַז מאַדאַם חיהלע האָט שוין נישט מער געהערט בערנאַרדס טריט אויף די טרעפּ, איז זי צוריק אַריין אין איר צימער, זיך אויסגעווישט די אויגן און אויסגעלאָזט דעם גאַנצן כעס צום עסן.

זי האָט זיך געמאַכט אַן „אָמלעט״ פון גאַנצע דריי אייער; אָנגעשמירט די פּוטער אויפן ברויט — דיקער ווי שטענדיק, און אַריינגעלייגט דריי שטיקלעך צוקער אין גלאָז קאַווע, הגם מיט צוויי — האָט זי אַליין געזאָגט — איז שוין זיס ווי „ליפּעך״.

— דאָס עס איך אים אָנלערנען, דעם לײַדאַק מײַנעם — האָט זי איינגעטענהט מיט זיך — שטעל זיך נאָר פאָר, אַ מענטש זאָל אָפּזיין פיר יאָר אין אַ לאַנד — און וואָס האָט ער דערגרייכט? זאָל ער, חלילה, קראַנק זיין אין „סעזאָן״, מעג ער איינפּאַקן די „נאָגעס״ און יאַזדאַ, צוריק אַהיים...

אָפּגערעדט זיך פון האַרץ, איז איר פלוצטאַלבן געוואָרן קאַלט. זי האָט זיך איינגעהילט אין ראָזעווען וואָלענעם שאַל — איר אייגענע אויס־אַרבעטונג — און געגאַנגען אַ קאַפּיטשקע זיך אָנוואַרעמען אויפן פערטן שטאָק אַרויף, צום „פּוריער״.

דאָס צימער נומ. 35 איז געווען קלענער ווי חיהלעס. דערפאַר איז דאָרט געווען ביי טאָג ליכטיקער, ווייל דאָס פענצטער איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער גאַס אַרויס.

מסיע לאַנגמאַן, אַ שמאָל קורץ יידל, מיט אַ בערדל אויף דער שפּיץ גאָמבע ווי אַ שוואַרץ לאַטקעלע, איז געשטאַנען מיט אַ צוואַנג ביי אַ ברעט, וואָס איז געלעגן אויפן טיש, און אַרויסגעריסן די טשוועקעס פון די שוין אויסגעטריקנטע שטיקלעך פוטער. דאָס ווייב, אַ דיקע, אַ העכערע פאַרן מאַן, איז געזעסן ביי דער מאַשין און אַרומגעניייט די צוגעשניטענע קעלנער. זי האָט געהאַלטן אין איין בלאָזן מיט די אויסגעקיילעכטע גראָבע ליפּן, ווייל

די האָר פון פוטער האָבן זיך כסדר געריסן צו אירע ברייטע נאָזלעכער און צום צעשויבערטן קאָפּ האָר.

— באָן־סואַר — האָט זי געשלעפּט דעם ענטפער.

דער מאַן האָט גראָד צעבויגן אַ טשוואָק, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו דערהערן, אַז ס'איז וועמער אַריינגעקומען.

— נו, ס'האָט זיך שוין אָנגעהויבן ביי אייך ? — האָט חיהלע גלאַט אַזוי אַ פרעג געטאָן זיך אַוועקשטעלנדיק ביי דער צענטראַל־באַהייצונג.

— גייט שוין, גייט, אויך מיר אַ „סעזאָן", אַזאַ יאָר אויף היטלערן — האָט מאַדאַם לאַנגמאַן אַריינגעניִיט דעם ענטפער — ערשט היינט נאָך מיטאָג אַריינגעקריגן צוויי טעג אַרבעט, דאַרף מען פון זיך יאָגן די נשמה.

דער מאַן האָט שוין געהאַט אויסגעגלייכט דעם טשוואָק, האָט ער אויך אַריינגעפּאַקט אַ וואָרט מיט אַ הייזעריק קול :

— אַז בסך־הכל איז מען אַ האַלבן סעזאָן געשטאַנען און געפּוצט די מאַשין. און ערשט אָ, איידער וואָס, איידער ווען, איז שוין פּסח, וועט מען ווידער ווערן אויס קאַפּעלוש־מאַכער, ביז אַרום אויגוסט־צייט ; דאָס איז געזאָגט געוואָרן ווען ? אַז ס'עט זיין „סעזאָן", און טאָמער נישט ? — איז ער געבליבן שטיין מיט דער צוואַנג אין דער הייך, ווי ער וואָלט וועלן מיט איר אַרויסרייסן אַן ענטפער.

אין שטוב האָט געשטונקען מיט פעל. אויפן גרויסן אייזערנעם בעט זענען געלעגן פּעקלעך סחורה, אַ העמדל, שטיקלעך קרייד, טשוועקעס און ברעטלעך, קלענערע און גרעסערע, באַקלאַפּט מיט נאַסן פוטער. דערנעבן אין ווינקל איז געשטאַנען אַ קליין ווייס בעטעלע, פון וואַנען ס'האָט אַרויסגעקוקט אַן אַכט־יאָריק קעפּל.

מאַדאַם חיהלע האָט פיינט אַזוי צו שטיין, ווי אַ מרוק, רופט זי זיך אָן :

— וואָס זשע וועט פאָרט זיין ? מסיע לאַנגמאַן, איר לייענט דאָך עפּעס די „זשורנעלער". מיין מאַן זאָגט, אַז ס'עט זיין אַ מלחמה.

— אַ מלחמה, מיט וועמען אַ מלחמה ? — צעלאַכט ער זיך — אַז בסך־הכל ליגן זיי איצט אַלע מיטן קאָפּ אין דר'ערד, וואָס באַדאַרפט איר

מער, אַפילו אַמעריקע גנבֿ, מיט אַלע צוגלייך!... גייט שוין, איר ווייסט עפּעס אין וויפל געלטער דאָס באַדט זיי אַריין אַזאַ מעשה? איז ווי זשע וועלן די איצט נעמען אַזוי פיל געלט, פרעג איך אייך, האַ?

— זאָל דיר נישט דאַרן דער קאָפּ פאַר זייערטוועגן, — האָט דאָס ווייב אָפּגעשטעלט דאָס נייען און זיך אויסגעדרייט צום מאַן — „ט'אָן פּע פּאַ", אויף אַזעלכע זאַכן עט זיך שוין געפינען.

— גיי רעד מיט ווייבער פּאָליטיק... מאַך ליבערשט אַ ביסל באַ־וואַרקע, עפּעס ברענט מיר אויפן האַרץ פון נאָך דער וועטשערע אָן.

*

בינעם האָט אַרויסגעייענדיק פון נומ. 16 פאַרלאָשן דאָס ליכט, נאָר בלומע האָט נישט געקענט איינשלאָפן. דאָס בלוט האָט זיך געריסן איבער די ברעגן. די נאַכט האָט זיך געפּלאָנטערט אין אירע האָר...

זי האָט זיך פאַרטראַכט וועגן בינעמען, געזוכט עפּעס אַ נאָענטערן געפיל צו אים, און נישט געפונען.

די קראַנקייט האָט פאַרטויבט אירע פאַרלאַנגען. טייל מאָל זיצנדיק ביי אַ בוך, פלעגט זי מיט אַ מאָל אויפהייבן די אויגן; ווי גלייכגילטיק זי איז צו אַלץ געוואָרן — און מיט כעס פאַרמאַכט דאָס בוך.

איצט האָט זי זיך דערמאָנט בינעמס ווערטער:

— איר זענט דאָך נישט די איינציקע...

זי האָט אין דער מינוט דערפילט אַ האַס צו אים. זי האָט געהאַסט זיינע געזונטע באַרוועסע רייד.

— האָב איך דען נישט געפּרוווט אַקטיוויזירן זיך אין געזעלשאַפט־לעכער אַרבעט? אָבער די קראַנקייט מיינע שטעקט אין מיר ווי אַ שפּילקע און דערווייטערט מיך פון געזעלשאַפטלעכן לעבן, אויף טעג, אויף וואָכן...

זי האָט מיט אַ מאָל פיינט געקריגן איר ביישלעפערין, זי איז אַראָפּ פון בעט, פאַרשלאָסן די טיר און פאַרהאַנגען דאָס פענצטער מיט דער בעטדעקע.

נאָך צוועלף איז אסתר צוריקגעקומען. זי האָט זיך אויסגעטאָן אין דער פינצטער און אַריינגעקראָכן אין בעט אַריין ווי אַ קעצל.

בלומע האָט זיך צו איר אויסגעדרייט, געפרעגט:

— ביסט געווען אויפן רעפעראַט? און וואָס פאַר אַ נייעסן האָט זי דאָרטן דערציילט, זאָשקע?

— זי האָט גערעדט וועגן די געשעענישן אין שפּאַניע.

— זי וואָלט בעסער געמעגט עפענען אַ ביכל, איידער צו האַלטן אירע וואַסערדיקע רעפעראַטן.

— וואָס ביסטו שוין ווידער אויפגערעגט, בלומע? זאָשקע האָט גראָד זייער פיין גערעדט, און זייער זאַכלעך.

— יאָ, פיין און זאַכלעך — האָט בלומע געלאַכט קרום — אפשר פאַר דיר...

אסתר האָט זיך אויפגעזעצט און שטרענג אויף איר אַ קוק געטאָן.

— אויב דו פילסט זיך נישט גוט, לאָז נישט אויס צו קיינעם דיין האַרץ, גיי אַריין צו אַ דאָקטער.

— כ׳בין נישט קראַנק! כ׳בין נישט קראַנק! — האָט זיך בלומע צעשריגן מיט אַ פאַרטרערט קול.

דאָס געוויין האָט זיך אָנגעקלאַפּט מיט אַ קורצן שלוכצן אין די שויבן פון פענצטער.

אסתר האָט זיך צוגערוקט צום ווינקעלדיקן מיידל און זי געזוכט איינצונעמען:

— פאַרשטיי, בלומע, זאָשקע איז אַן אַרבעטערקע, און אויב זי האָט זיך דערהויבן צו אַ געוויסער גייסטיקער הייך, דאַרף מען דאָס באַגריסן — און נישט אַרונטעררייסן.

בלומע האָט זיך שטיל צוגעהערט און געענטפערט נאָך אַ סיפּן שווייגן:

— יאָ, ביסט גערעכט, אסתר, גערעכט.

און אין אַ ווײַלע אַרום:

— דו ווייסט, אסתר, איך וואָלט אַזוי געוואָלט זיין געזונט, אָט צום ביישפּיל ווי זאָשקע... וואָס וואָלט מיר דעמאָלט געפעלט? — זי האָט גע־רעדט אַזוי לאַנג, לאַנג, ביז די ווערטער זענען ביסלעכווייז איינגעשלאָפן אויף אירע ליפּן.

*

די גנעדיקע דאַמע פון ראָטשילד־קאָמיטעט צו העלפן די יידיש־דייטשע פליכטלינגע, איז נאָך אַ מאָל געקומען נעמען „אויסקונפטן" איבער דער פרוי הערמאַן. דאָס מאָל איז זי אַריין אין דער „עפּיסעריי" צו עליע־מאָטיען, וואָס האָט זיך געפונען צוויי טויערן פון „האָטעל מאָדערן".

עליע־מאָטיע האָט פונקט געהאַלטן די רעכטע האַנט אין אַ פעסל הערינג, וואָס איז געווען „אויס ריינקייט וועגן" אַרומגעוויקלט מיט אַ „פּאַריזער היינט". איבער אים איז געשטאַנען אַ ברייט ווייבל, וואָס האָט אין אים כסדר אַריינגערעדט:

— גיט מיר נאָר אַ שמאַלץ־הערינג, נישט מיט קיין רויגן, מיין מאַן האָט נישט ליב קיין רויגן, גיט מיר אַ מילך־הערינג, מיט אַ מילך...

ווען עליע־מאָטיע האָט זיך אָפּגעפּאַרטיקט מיטן ברייטן ווייבל, האָט ער „אויס ריינקייט וועגן" זיך אָפּגעווישט די רעכטע האַנט אין פּאַרטעך, וואָס ער האָט געטראָגן, און זיך אַוועקגעשטעלט אויסהערן די גנעדיקע דאַמע מיטן פעטן, געל־באַוואַקסענעם פּנים.

— צי ער קען מאַדאַם הערמאַן, די פון „מאָדערן"? וואָס ווינט אויפן דריטן? אַ שיינע מעשה, ווער דען זאָל זי קענען? פון ערשטן טאָג אָן איז זי זיין קליענט.

די פרוי האָט זיך אַלץ פאַרצייכנט, זיך אַ סך מאָל אַנטשולדיקט, געדאַנקט און אַוועקגעגאַנגען.

*

פרוי הערמאַן, אַ דאַרע, מיט שוואַרצע טיפע אויגן, איז אין פרי־מאָרגן אַרויפגעגאַנגען די טרעפּ, מיט אַ קיישל קאַרטאָפל. אין קאָרידאָר,

אויפן דריטן שטאָק, איז געשטאַנען מאַדאַם רעכעלע און אָנגעצאַפּט אַ קריג וואַסער.

— וואָס מאַכן זי וואָלס, פרוי הערמאַן? — האָט רעכעלע זיך דערפרייט.

— זי הערן דאָך — האָט די „בערלינערין” אַראָפּגעשטעלט דאָס קישל אויף דר'ערד — שוין צוויי מאָנאַטן ווי איך האָב זיך געוואָנדן צום „יודישן קאָמיטעט”, מ'זאָל מיר אויסבאָרגן אַ קליינע סומע געלט צו קויפן אַן אָפּגענוצטע מאַשין. איך קען נייען קינדער־הייזלעך, וואָלט איך דערווייל אָנגעהויבן עפּעס צו טאָן.

רעכעלע האָט אויסגעהערט צושאָקלענדיק מיטן לאַנגן ביינערדיקן פּנים און צום סוף זיך אָנגערופן:

— זי וויסן, צו די אַלע צדקה־פּושקעס איז בעסער אָנצוקומען נאָך תכריכים, איידער נאָך אַ לעבעדיק שטיקל ברויט.

— זי פאַרשטיין, מיט פיר קליינע קינדער, ווי לאַנג קען מען אַזוי זיצן און אויפעסן די לעצטע פּאָר פעניג?

— אַוודאי פאַרשטיי איך — האָט מאַדאַם רעכעלע פאַרבויגן אַ שפּיץ פון אַ שמייכעלע — ווען די גאַנצע וועלט וואָלט אַזוי פאַרשטאַנען ווי איך, וואָלט אפשר געווען וויניקער רשעות אויף דער וועלט. אַוודאי, ס'איז טאַקע ביטער, און וואָס דער סוף וועט זיין — ווייסט איין גאָט. זי וויסן? — האָט זיך צוגערוקט נענטער — מ'זאָגט, אַז היטלער האָט געגרינדעט דאָ, אין פּאַריז, אַן אָרגאַניזאַציע, זי הערן, אַן אָרגאַניזאַציע!...

אין דער זעלבער צייט איז ביי רעכעלען אין שטוב פאָרגעקומען אַ סיכסוך צווישן דעם 18־יאָריקן זון און דעם טאַטן.

— מער ווי אַכט שעה וועל איך אַ מינוט נישט אַרבעטן!

— וואָס הייסט דו וועסט נישט? — האָט זיך אַ הויל קול געקייקלט איבער דער פּאָדלאָגע.

דער זון איז געזעסן ביים טיש און אַרומגעקלאַפּט אַ לעדערנעם טאַש. דער טאַטע האָט זיך אַרומגעדרייט אַ באָרוועסער אין שטעקשיך, זיך אַלע ווילע צעהיסט, פאַרוואָרפנדיק די לאַנגע געלע האַנט איבער די פּלייצעס.

— אוי... אוי...

ער האָט זיך פאַרשטעקט צווישן דעם טיש און דעם בעט און גענומען אַרומקלעפּן שפּיגעלעך צו די דאַמען־טאַשן.

— משהל, וואָס הייסט פונקט ביז זיבענע?...

— אַ מינוט נישט לענגער! — האָט דער זון געענטפערט פעסט, און דער אויסדרוק פון די ווערטער האָט זיך צעלייגט אַרום די ליפּן, ווי דאָס ראַזיר־מעסער איז שוין עטלעכע מאָל געהאַט אַדורכגעגאַנגען. — מ׳דאַרף אָרגאַניזירן דאָס פאַך, פאַרשטייסט, טאַטע?

— אָרגאַניזירן — שמאָרגאַניזירן, וואָס איז ביי מיר, אַ פאַבריק? משהל, געדענק! האָסט זיך שוין גענומען חברן מיט די ווילדע יונגען, געדענק דעם טאַטנס רייד!...

דער זון האָט אָפּגעוואָרפן פון זיך דעם טאַש און איז אויפגעשפּרונגען.

— טאַטע, כ׳זאָל נישט מער הערן אַזעלכע רייד, הערסט, טאַטע! אַז נישט, נעם איך שוין מיינע כלים און גיי זיך אַרבעטן אין דרויסן!

דער טאַטע האָט אַרויסגעשלעפּט די פּאַטשיילע פון דער הויזן־קעשענע און אַריינגעשפּיגן.

— וואָס האָב איך עס אים אַזוינס געזאָגט? קוק עס נאָר אָן!... יאָ, שיין נחת, נישטאָ וואָס צו רעדן... האָסט אויסגעהאָדעוועט קינדער, יאַנקל קאָרנוואַסער, איז איינס בעסער פאַרן אַנדערן, ס׳וואַרט שוין אויף דיר א שטול אין גן־עדן.

משהל האָט אויפגעהויבן דאָס פּנים, ווי ס׳האָט זיך געזבוכקעט אַ שמייכעלע.

— וואָס האָסטו געוואָלט, טאַטע, אַז דיינע קינדער זאָלן זיין אַזעלכע יידעלעך ווי דו ביסט? זאָלן קרעכצן, שפּייען און זאָגן גם־זו־לטובה?

— מאַ, וואָס זאָל איך דיר שוין ענטפערן? כ׳ווייס, צ׳זענט אַלע די זעלבע עזות־פּנימער, צ׳האָט אָנגעכאַפּט גאָט ביי דער באָרד און צ׳מיינט, אַז אים וועט איר אייביק אַזוי האַלטן — האָט ער זיך ווידער צעהוסט און אַריינגעשפּיגן אין דער פּאַטשיילע.

— אָבער פון דעסטוועגן, אַרבעטסט דאָך נישט ביי קיין פרעמדן... וואָסי, ס׳איז דען אַ גאַנץ יאָר „סעזאָן״?

אין הויז שטייט נאָך אַלץ רעכעלע מיט דער „בערלינערין״.

— ווי מיינען זיי, היטלער עט ווערן די כפרה, האַ, פּרוי הערמאַן? זי קומען דאָך עפּעס פון יענע מקומות.

פון פערטן שטאָק דערטראָגן זיך פּלוצעם עטלעכע געשרייען, זיי קייקלען זיך איבער די טרעפּ ווי פאַרלוירענע קאַרטאָפּלעס.

— ששש — צעשניידט רעכעלע די ליפּן מיט אַ פינגער, אויפ־הייבנדיק די גרויע אויגן צום בעליק — זי הערן, פּרוי הערמאַן? ששש... זי וויסן ווער דאָס איז? דאָס איז דער לערער, אַ העברעיִשער לערער איז ער... נישטאָ קיין שלום־בית צווישן פּאָרפאָלק, נאָר מ׳שלאָגט זיך, אימער שלאָגן זיי זיך. — זי האָט אַפילו געוואָלט זאָגן, „מ׳קריגט זיך״, נאָר אַזוי ווי דאָס וואָרט האָט איר נישט געקלונגען „עכט דייטש״, האָט זי עס פאַרטוישט מיט „שלאָגן״.

דורך דער האַלב־אָפענער טיר פון מאַדאַם רעכעלעס צימער קריכט אין קאָרידאָר אַריין אַ ריח פון צוגעברענט פלייש. זי פאַרציט מיט דער נאָז:

— המ... ביי וועמען ברענט שוין ווידער?

מיט אַ מאָל טוט זי זיך אַ כאַפּ און נעמט לויפן מיט דער קרוג וואַסער.

— שוין, שוין, כ׳האָב שוין געהאַט אַ גוטע חתונה...

*

דאָס צימער נומ. 39 שטיקט זיך אין טונקלקייט. אַ וואַרעמער בעט־ריח הענגט אין דער לופטן ווי אַ פלאַכטע.

דער לערער שלום בוימוואָל זיצט אויפן ראַנד פון בעט מיט די צוויי באָרוועסע פיס אויף אַ שטול און שמירט זיך די „אָטשיסקעס״ מיט אַזאַ ספּעציעל שמירעכץ. מיט זיינע לאַנגע בלייכע פינגער באַטאַפּט ער די „אייגעלעך״ אַזוי פאָרזיכטיק, קוים וואָס ער רירט זיי אָן; דאָס פּרובירט ער אויס וועלכע פון זיי עס זענען שוין צייטיק צו דערפילן דאָס אַלטע „סאָלינגען״־מעסערל.

— איי... איי... — קרעכצט ער מיט לאַנגע צווישן־פויזעס.

דאָס גאַנצע נאַכט־שענקעלע איז אַרומגעשטעלט מיט פלעשלעך פון אַלערליי גרייסן — רפואות פאַר די הינעראויגן. דער לערער פאָלגט די עצות פון זיינע פריינד און ביי נאַכט, פאַרן שלאָפן גיין, פּרובירט ער אַלע מאָל אַ ניי היילמיטל.

דאָס ווייב אין בעט קען שוין נישט איינליגן, זי זעצט זיך אויף, די צעפּלאָשעטע האָר הענגען אַראָפּ איבער די אַקסלען, איבער די כעספּולע אויגן, און מיט די נאַקעטע אָרעמס וואַרפט זי אין דער לופטן:

— וואָס מאַכסטו מיר אָן אַ „פּאַרמעסע” אין שטוב? קוקט צ׳אים נאָר אָן, מיין פאַרזאָרגער. שמינטיליגענט! כ׳וועל נעמען אַלע פלעשלעך און זיי אַרויסוואַרפן אין מיסט אַריין! — אַזוי שרייט זי שוין זינט זי איז געקומען קיין פּאַריז. נאָר דערפון פאַלט נישט אַראָפּ דער שטויב אויף די פלעשלעך — זיי שטייען נאָך אַלץ אויף זייער אָרט.

איצט זיצט שוין דער לערער אין די שקאַרפּעטקעס און באַטראַכט די שיך מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן. אַ מאָל זענען די שיך געווען געל, אָבער די צייט האָט זיי געמאַכט אויף טייל ערטער שוואַרץ, אָדער אָפּ־געריבן, פאַרבלאָז. זיי זענען ברייט, געשוואָלן, און די „אָטשיסקעס” האָבן זיך אָפּגעחתמעט פון דער דרויסן־זייט, נאָר ס׳מאַכט נישט. דער לערער טוט אָן די אויסגעריבענע געטרעס און שטעלט זיך אַוועק אויסוואַשן דאָס מויל.

דאָס ווייב אין בעט שטעכט נאָך זיינע באַוועגונגען מיט אירע אויגן. מיט אַ מאָל צעשיט זי זיך מיט רייד:

— שמינטיליגענט! וואָס וועט זיין דער סוף? זיך איינגעזייפּט מיט אַ שיין שטיקל סחורה! אַ שוסטער האָב איך געקערט צו נעמען, אַ קאָוואַל, אַ פּראָסטן יונג! וואָלט איך דאָך כאָטש געהאַט פּרנסה.

שלום בוימוואָל הערט יעדן אין דער פרי דעם זעלבן קאָנצערט, דערפאַר האָט ער זיך שוין צוגעוווינט, אַז ס׳טוט אים אַפילו נישט אַ זאַטשעפּע, און אַזוי ווי ער האָט נישט קיין פּאַסטע צו די ציין, שווענקט ער דאָס מויל מיט פּראָסטע וואַסער, אַ פערטל שעה אויפן זייגער. ער קערט איבער דעם קאָפּ אויף אַ הינטער, און דאָס וואַסער כאָרכלט זיך אין זיין האַלדז איינגעמענדיק די גאַנצע שטוב.

— כּכּכּכּ... כּכּכּכּכּ...

— וואָס האָב איך פון דיר, וואָס? — רעדט דאָס ווייב ווייטער — גיי, האַק שטיינער און ברענג אַהיים ברויט!

דער לערער טוט זיך אָן דעם שטייפן, נישט זייער קלאָרן קאָלנער, קוקט מיט די קורצזיכטיקע אויגן אויפן קעמל, וואָס שלעפט אַרויס זיינע אַרויספאַלנדיקע האָר, בלאָזט אָפּ דעם שטויב פון מאַנטל, פון קאַפּעליוש און גייט אַרויס מיט רויִק־געמאָסטענע טריט.

אויף דער גאַס דרייט ער אַ פּאָר מאָל אויס דעם קאָפּ: צי ס'האָט זיך נישט צוגעקלעפּט אַ שטרוי אָדער אַ שטיקל שמוציק פּאַפּיר צום קנאַפּל. ער צענעמט די פינגער פון דער רעכטער האַנט און זוכט, צי ס'איז דאָרטן נישט געבליבן קיין האָר פון קעמל.

אַזוי גייט ער ביז צו דער קאַפע „ביוראָ טאַבאַק”. דאָרט טרעפט ער שוין אַ ביסל יידן: „גרינע”, וואָס זענען ערשט נעכטן אַראָפּ פון „גאַר די נאָר”, „איינגעבירגערטע”, וואָס זענען אַרבעטסלאָז, „מאַרשאַנעס”, וואָס מאַכן נישט היינט אין דער פרי די „מאַרשע”, און סתם מענטשן, וואָס שטייען מיט די הענט פאַרלייגט אויף הינטן און קוקן מיט גלעזערנע אויגן צום דרויסן.

— וואָס זשע וועט פאָרט זיין דער סוף?...

טייל שפּילן שוין אין דאָמינאָ, אַנדערע מאַכן אַ דערדל אָדער שמועסן וועגן ענינים. דער לערער שטעלט זיך אַוועק ביי די לעצטע. ער הענגט אַריין ביידע אויערן אין רעדל אַריין, צעפינטלט זיך מיט די אויגן קוקנדיק אויף זיינע ווייסע נעגל און וואַרפט אַריין אַ קול, ווי פון תנ"ך אַרויס:

— פּונקט ווי די רוימישע אימפּעריע איז זיך צעפאַלן, אַזוי וועט אויך אונטערגיין היטלערס ממשלה.

דערנאָך בעט ער ביי עמעצן דעם „פּאַריזער היינט”, קוקט איבער די פּאָליטישע נייעסן — דאָס איבעריקע אינטערעסירט אים נישט — און זעצט זיך אַוועק אין אַ ווינקל.

טייל מאָל גליטשט ער זיך אַרויס אומבאַמערקט און גייט אַריין אין דער אַקעגנאיבערדיקער קאַפע, זאָגט אַ וואָרט וועגן די פּאַלעסטינער געשעענישן, וועגן וואָס ער האָט פריער געלייענט און פאַררוקט זיך אין אַ זייט.

אַרום פיר נאָך מיטאָג גייט ער אויף אַ לעקציע צו אַ רייכן בעקער, ווו ער לערנט מיט צוויי יינגלעך עברי. ווען דער בעקער קומט אַרויף פון קראָם עסן אָוונטברויט, זיבן אַ זייגער, טרעפט ער נאָך דעם לערער. ער גייט אים אַנטקעגן ווי ס׳פּאַסט פאַר אַ ייד אַזאַ ווי ער, וואָס איז דער אייגנ־טימער פון אַ גרויסער מאָדערנער בעקעריי מיט אַ שפּאָר ביסל געלט, ערגעץ אין אַ געזיכערטער באַנק.

— „סאַ וואַ" פאַניע לערער! — זעצט ער זיך אַראָפּ ווי אַ זאַק מעל און ציט אויס אַ האַנט איבערן טיש — נו, דאָס יונגוואַרג „אַוואַנסירט", האַ? נישט קיין שלעכטע „קעסטלעך" האָט עס, האַ?... (דאָס מיינט ער די קעפּלעך פון די קינדער).

פריער, ווען שלום בוימוואָל האָט אָנגעהויבן צו געבן די לעקציעס, פלעגט ער זיך אויפהייבן ווען דער באַלעבאָס איז אַריינגעקומען. נאָר איין מאָל האָט שמחה וויינמאַן אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויף זיינס אַן אַקסל און אים איינגעלאַדן צום עסן:

— בלייבט, פאַניע בוימוואָל, אירט מיר האַלטן קאָמפּאַניע, הע, הע, הע... די יידענע איז געבליבן אונטן ביי דער „קעס". היינטיקע צייטן קען מען זיך דען פאַרלאָזן אויף פרעמדע הענט, האַ, ווי מיינט איר? די גנבים זענען געוואָרן קלוג — דער באַלעבאָס אויך, הע, הע, הע...

— יאָ, — האָט דער לערער געענטפערט זיך באַטראַכטנדיק די ווייסע נעגל — דער מענטשלעכער עגאָאיזם וואַקסט צוזאַמען מיט דער קולטור.

דער בעקער האָט געקנייטשט די אויגן און זיך געשטאָפּט די נישט־ראַזירטע באַקן.

— אַ קלוג וואָרט, פאַניע לערער, הע, הע, הע... עגאָאיזם... קולטור...

פון דעמאָלט אָן איז שוין דער לערער שטענדיק פאַרבליבן אויף נאַכט־מאָלצייט. וואָס אַן אמת, האָט ער געגעסן בלויז איין מאָל אין טאָג, און דאָס איז טאַקע געווען דאָ, ביי שמחה וויינמאַן. ער האָט געקריגן נישט קיין שלעכטן אַפּעטיט, וואָס האָט זיך כמעט אויסגעגלייכט מיטן בעקערס.

די טיי איז געווינלעך געווען דער „טשוואַק" פון גאַנצן מאָלצייט. שמחה וויינמאַן האָט מכבד געווען דעם לערער מיט אַ פּאַפּיראָס, און אויס

דאַנקבאַרקייט וועגן, האָט דער לערער דערפילט, אַז ער דאַרף עפּעס זאָגן, אָדער אַרויספירן אויף אַ שמועס.

— אייגנטלעך, שטייט דאָך אויף אונדז לערער די וועלט... דאָס דערציִונגס־וועזן, די פּעדאַגאָגיק...

דער בעקער האָט געזופּט די טיי מיט רעש און אַרויסגעלאָזט די הייסע פּאַרע גלייך אויפן לערער אַרויף.

— פאַרזוכט אַ קיכעלע, פאַניע בוימוואָל, ס׳איז מיין אייגענע מלאכה — האָט ער צוגערוקט דעם קלאָש צום גאַסט.

— אייגנטלעך, די פּסיכאָלאָגיע פון דעם קינד — האָט דער לערער ווייטער געצויגן, נאָר דער בעקער איז אים אַריינגעפאַלן אין דער מיט:

— כ׳האָב איך געוואָלט פרעגן, פאַניע לערער, איר זענט דאָך עפּעס אַ מענטש מיט אַנדערע געדאַנקען... דעם עלטערן זון מיינעם וויל איך מאַכן פאַר אַ דאָקטער, ווי מיינט איר, האָ?

דער לערער האָט געהאַלטן אין מיטן באַטראַכטן אַ קיכעלע, האָט ער אויפגעהויבן די וואַסערדיק־גרויע אויגן און געענטפערט מיט אַ האַלב מויל:

— המ... יאָ, די ראָל פון דעם דאָקטער אין דער געזעלשאַפט ווערט אַלץ נויטווענדיקער.

דער בעקער האָט אָבער געוואָלט ברייטער אויפקלערן זיינע געדאַנקען, האָט ער ווידער איבערגעהאַקט דעם לערער.

— איר פאַרשטייט מיך, פאַניע בוימוואָל, איך בין מיר אַ פּראָסטער בשר־ודגים. איך וויל, אַז מיינע קינדער זאָלן לעבן און זאָלן זיין מענטשן, ס׳זאָל זיין מיט וועמען צו גיין צום טיש.

אַזוי ציט זיך ביי זיי דאָס געשפרעך, ביז דאָס ווייב שרייט אַרויף פון קראָם:

— אפשר וועט שוין זיין דאָרט גענוג געגאָדערט? „מאָנס אַלאָר״! קום אַראָפּ צו דער „קעס״!

*

שפּעט ביי נאַכט גייט שלום בוימוואָל צוריק פון קאָפע „וואַר־שאַווסקי״. אַרום איז שטיל, אַז מ׳הערט דאָס קלאַפּן פון די לאַמטערן־זייגערס. זיין שאָטן שלענגלט זיך מיט אַ רוּיִקער געמאָסטנקייט.

— אייגנטלעך, וויפל באַטרעפט דען אין גאַנצן אַ וויזע קיין ארץ־ישראל? — רעדט ער צו זיך אויפן קול — נו יאָ, וויפל טאַקע?...

ווען ער קומט אין שטוב אַריין, לייגט ער אַוועק אַ קיילעכדיק ברייטל מיט אַ פּאָר פראַנק דראָבנעס אויפן טיש. דאָס ווייב האַלט אין מיטן אויסען־דיקן עטלעכע קליידלעך, באַגעגנט זי אים מיט אַ געשריי:

— שלימזלניק! האָסט שוין אויסגעשנאָרעט ביי דיין בעקער אַ ברייטל? גיי טראָג עס אים אָפּ, כ׳וויל עס נישט! כ׳וויל עסן פון אַרבעט, הערסט, פון אַרבעט!

דער לערער טוט זיך רויִק אויס, ציט אַראָפּ די שקאַרפּעטקעס און שטעקט אַריין די פיס אין אַ שיסל וואַרעם וואַסער.

— אַה... אַה — צעקרעכצט ער זיך פון גרויס תענוג.

3

אין דער פרי איז בלומע אַרויסגעגאַנגען זוכן אַרבעט. זי האָט געהאַט אַן אַדרעס פון אַ לאַנדסמאַן אַ „שטיקל פּאַטראָן", איז זי צו אים אַוועק.

די אַטעליע האָט זיך געפונען אין אַ קליין קיכל. ביי דער מאַשין האָט גענייט דער באַלעבאָס אַליין. זיין פרוי, אַ קליינע און אַ גראָבע, אין די הויכע חדשים, איז געזעסן און אַריינגענייט „דובלעס" אין דאַמען־מאַנט־לען. האַרט לעבן איר איז געשטאַנען אַ קינדער־וועגעלע, פון וועלכן ס׳האָט אַרויסגעקוקט אַ שלאָפנדיק קעפּעלע. אַן אייוועלע, וואָס האָט גלייכצייטיק געדינט פאַר אַ קעכל, איז געשטאַנען אין אַ ווינקל אַקעגן דער טיר, רויט פון היץ. אַ לאַנגע רער, ווי אַ שוואַרצער געבויגענער אָרעם, האָט אַרומ־גענומען די שטוב פון וואַנט צו וואַנט.

— וואָס זאָגט איר עפּעס צו אונדזער פּאַריז? — האָט דער לאַנדס־מאַן אַרומגעפירט זיין שוואַרצן בליק איבער דער שטוב, און אין זיינע גריבלדיקע באַקן האָט זיך צעלייגט אַ קנייטש פון איראָניע.

ווען בלומע האָט אים געזאָגט, אַז זי האָט נישט קיין אַרבעטס־פּאַפּירן, האָט זיך דער באַלעבאָס גענומען קווענקלען:

— ער דאַרף אַפילו איצט אַ „קו דע מען" אויף עטלעכע וואָכן, נאָר אָן פּאַפּירן וויל ער זיך נישט איינשטעלן.

— איר ווייסט דאָך, דאָס דראָט מיט אַ שיינע פּאָר טויזנט פראַנק שטראָף.

בלומע איז אַראָפּ. אין דרויסן איז געשטאַנען אַ פעברואַר־טאָג — לייכט פאַרנעפּלט, דורכגעפלאָכטן מיט זון־פעדעם.

אויפן וועג אַהיים איז איר אומגעריכט אַנטקעגנגעקומען ח'טע זאָשקע.

— וואָס זעט מען דיך נישט, בלומע? — האָט דאָס הויכע געזונטע מיידל געפרעגט מיט אַ קלינגנדיק קול — דו ביסט אויסגעקליבן געוואָרן אין דער קאָמיסיע צוצוגרייטן די פייערונג צום „פּרויען־טאָג".

בלומע האָט אָנגעקוקט זאָשקעס רויטע באַקן, דעם געזונטן שמייכל און אירע אויגן, און דער האַס פון נעכטן ביי נאַכט איז צוריקגעקומען אין איר.

— ביסט נישט געזונט, בלומע? ביסט אַזוי בלאַס.

— וואָס פאַלט דיר איין, זאָשקע? — האָט זיך בלומע אויפגעצוווּנגען אַ געלעכטערל און דערביי זי נאָך שטאַרקער געהאַסט — איך גיי ערשט פון אַ „פּלאַץ".

— שוין לאַנג ווי דו אַרבעטסט נישט? — האָט דאָס קלינגענדיקע קול געפרעגט.

בלומען האָט זיך אויסגעדוכט צו הערן אין דער פראַגע אַ טאָן פון מיטלייד. זי האָט געוואָרפן אַ שאַרפן קוק אויף איר און אויסגעצויגן די האַנט צו געזעגענען זיך.

אַהיימקומענדיק, האָט זי אסתרן נישט געטראָפן. זי האָט זיך אַוועקגעוואָרפן אויפן בעט. אין די אויערן האָבן נאָך אַלץ געקלונגען זאָשקעס פראַגן.

מאַדאַם חיהלע איז אַריינגעקומען געוווּיר ווערן צי ס'איז עפּעס „אַרויסגעקומען".

— איר ווייסט, וואָס ס'איז מיר איינגעפאַלן? — האָט זי געזאָגט — פאַר וואָס זאָלט איר נישט פּרובירן אַרויסצונעמען הויזן „אויסצוקאָנטשען"? מ'קען טאַקע נישט ווערן „באַגלאָקט" דערביי, אָבער פאַרן מויל קען מען

זיך נאָך „זאַראַביען״. וואַרטן זי צו ביז מיינער עט קומען, וועט ער אייך באַזאָרגן מיט עטלעכע אַדרעסן.

זי האָט זיך אַוועקגעשטעלט ביי דער צענטראַל־באַהייצונג מיט די הענט אויף הינטן, איין פוס פאַרלייגט אויפן צווייטן, און נאָך עטלעכע מינוטן שווייגן:

— מאַדמאַזעל, איר קומט דאָך עפּעס אין מיין מאַנס קרייזן, פאַר וואָס זאָלן זי זיך נישט איינליבן אין אַ בחור און שטעלן אַ חתונה? דאָרט דאַרף מען דאָך נישט האָבן קיין נדן. ווי הייסט עס ביי זיי דאָרט? „פריי ליבע״. כ׳לעבן, דאָס וואָס מ׳קען אויפטאָן אין צווייען, קען מען טאַקע נישט מאַכן אַליין.

אַרום דריי נאָך מיטאָג איז אסתר געקומען מיט אַ קליין ביסל אַרבעט. זי האָט זיך גענומען צוגרייטן דאָס מיטאָג. בלומע האָט קוים עפּעס באַרירט. ביי דער טיי האָט זיך אסתר פּלוצעם דערמאָנט:

— כ׳האָב דערהאַלטן אין דער פרי אַ בריוו פון בעלגיע.

— פון בעלגיע — האָט בלומע גלייכגילטיק נאָכגעזאָגט.

— פון ח׳טע פרידאַ. זי האָט געקריגן אַ בריוו פון פוילן, שרייבט מען איר, אַז חבר וואָלף איז צוריקגעקומען פון טשעכאָסלאָוואַקיע, ער מוז אַריין אין אַ סאַנאַטאָריע.

בלומע האָט אַ לייכטן ציטער געגעבן. די אויגן האָבן זיך פאַרשלאָסן און בילדער זענען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן.

— וואָלף... וואָלף... — האָט זיך דער נאָמען געקרישלט אויף אירע ליפּן, ווי אַלט טינק.

און מיט אַ מאָל האָבן גענומען קאַפּען אויף איר ווערטער, ווי הייסע טראָפּנס:

— זאָג בלומע, האָסט אים ליב געהאַט... דעמאָלט אין בעלגיע?...

אַ שטילקייט.

— ווי אַזוי איז דאָס געווען, בלומע?...

אויף אַן אַקעגנאיבערדיק פענצטער פון דער גאַס האָט זיך געדראַפּעט אַ שטיקל זון. דער הימל האָט זיך אָפּגעשפּיגלט מיט פעברואַר־בלוי.

אין צימער האָט זיך געהערט דאָס שאָרכן פון אסתרס פלעכטן די

לאַנגע לעדערנע פּאַסיקלעך. בלומע איז געלעגן אויפן בעט. אַ טויבער וויטיק האָט זיך אויסגעשפּרייט איבער איר.

*

אין צימער נומ. 30 איז געווען פאַרשטעקט צווישן בעט און טיש יאַנקל קאָרנוואַסער. ער האָט געהוסט און געפּוצט מיט אַ שטיקל ביבעלע־פּאַפּיר די שפּיגעלעך פאַר די דאַמען־טאַשן. ס'איז שוין געווען אַ שטיק נאָך דער „קאָלאַציע". רעכעלע איז אַריינגעגאַנגען צום שניידער לייב טאָמאַ־שעווסקי באָרגן אַ פּרעסאייזן.

אין שטוב איז געשטאַנען אַ זויערע וואַרעמקייט פון אויסגעפּרעסטע מאַנטלען. דער שניידער האָט נאָך געשוויצט פון פּרעסן. ער איז געזעסן צעלייגט מיטן אויבערשטן טייל קערפּער ביים טיש, אויף וועלכן ס'זענען נאָך געשטאַנען די כּלים פון נאָכן עסן. די אַרבל פון העמד זענען געווען אַרויפגעשאַרצט, דורך דעם צעקנעפּלטן קאָלנער האָט אַרויסגעקוקט די ברוסט, באַוואַקסן מיט האָר און מיט טראָפּנס שווייס, די שוואַרצע טשופּרינע איז געשטאַנען איבערן קליינעם שטערן.

נעבן אים איז געזעסן האַלב דרימלדיק דאָס ווייב. אירע צוויי נאַקעטע הענט זענען אַראָפּגעהאָנגען גלאַנציקע, ווי גראָבע וואַלגער־העלצער.

— לייב, וואָס זיצסטו נאָך, לייב — האָט זי זיך אַלע מאָל אויפגע־כאַפּט — דאַרפסט דאָך מאָרגן „ליוורען", לייב...

נאָר לייב האָט זיך נישט גערירט, ווי נישט אים מיינט מען, און זיך געגראַבלט מיטן קליינעם פינגערל צווישן די ציין.

ווען רעכעלע איז אַריינגעקומען נאָכן פּרעסאייזן, האָט זיך לייב אויפ־געהויבן און געזאָגט אי צום ווייב, אי צו רעכעלען:

— מ'איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש... לאָמיר זיך אַריינכאַפּן אַ ביסל צו אייער מאַן...

ביי יאַנקל קאָרנוואַסער אין שטוב ווערט לייב אויס שניידער. דאָ אַהער קומט ער שמועסן וועגן אַלעם אין דער וועלט, אַ חוץ פון זיין אַרבעט.

— נו, וואָס זאָגט איר עפּעס צו די יאַפּאָנטשיקלעך, האַ?... דאַכט זיך קליינע מענטשעלעך, וואָס?

נאָר יאַנקל קאָרנוואַסערס געדאַנק האָט נישט אַזעלכע לאַנגע פּיס, אַז ער זאָל קענען אומעטום אָנשפּאַרן; ביי אים איז זיין שטוב פּונקט אַזוי גרויס ווי די וועלט, רופט ער זיך אָן:

— אַ מאָל פלעגט מען זאָגן, נחת פון קינדער, אָבער היינט, היינט איז גאָרנישטאָ! איר זאָלט זאָגן אַ האָר — צעהיסט ער זיך און שפּייט אַריין אין דער פּאַטשיילע — היינט איז נישטאָ קיין טאַטע, נישטאָ קיין מאַמע — נישטאָ קיין קינדער...

לייב טאָמאַשעווסקי דערמאָנט זיך מיט אַ מאָל, אַז ביים עסן, קוקנדיק אַזוי אויף אַן אַלטן „פּאַרי סואַר", האָט ער געזען אַ פאָטאָגראַפיע מיט אַן אויפשריפט, וואָס ער האָט גראָד זייער גוט פאַרשטאַנען, און ער זאָגט:

— איר'ט געזען די פּרעסט אין ניו־יאָרק? האַ, האַ, האַ... כ'וואָלט עס אין מיין לעבן נישט געגלייבט, אַז אין אַזאַ שטאָט ווי ניו־יאָרק, זאָל פאַלן אַזאַ שניי. 40 טויזנט מענטשן רייניקן די גאַסן, הערט נאָר!...

דערויף ענטפערט יאַנקל קאָרנוואַסער:

— כ'בעט אייך זייער, זייט אַזוי גוט און זאָגט מיר, צי דאָס איז נישט אַ מאָל אַ פלעק — טראָגט ער אים אונטער אַ שפּיגעלע — עפּעס איז ביי מיר די ראיה לעצטנס אַ ביסל קאַליע געוואָרן.

אין טיר האָט ווער אָנגעקלאַפּט. דער שכן פון פערטן, דער טריקאָ־טאַזשניק, איז געבליבן שטיין אויפן שוועל.

— כ'בעט אייך זייער, מאַדאַם קאָרנוואַסער, זייט אַזוי גוט אויף איין מינוט צו מיין פרוי, עפּעס פילט זי זיך נישט גוט — און איידער ער האָט נאָך געהערט אַן ענטפער, איז ער אַראָפּ פון די שטיגן מיט די הענט און מיט די פּיס.

*

די טיר פון נומ. 41, האָט זיך געעפנט בלויז אויף אַ העלפט, ווייל די טריקאָ־מאַשין האָט איר נישט געלאָזט ברייטער זיך עפענען.

פריידקעלע, אַ שוואַרץ געלאָקט ווייבל, מיט נאָך כמעט מיידלשע בעקלעך, איז געלעגן מיט אַ נאַס טיכל אַרום דעם ווייסן שטערן.

— וואָס פלוצטאַלבן? — האָט רעכעלע זיך אַוועקגעשטעלט אי־בערן בעט.

דער דאָקטער איז אָנגעקומען. ער איז געווען בייז, וואָס ביי דער טיר האָט ער זיך אַוועקגעריסן אַ קנעפּל פון מאַנטל. דערפאַר האָט ער שוין נישט געזאָגט קיין „באָן סואַר" און געוואָרפן אַ בייז אויג צו דער מאַשין.

ער האָט זיך אויסגעפרעגט, באַטראַכט און נישט געגלייבט די ענט־פערס. דער האַלדז איז געווען ריין, אַלזאָ, קיין גריפּע איז עס נישט — ווי די קראַנקע האָט אים אונטערגעזאָגט — אָבער די צונג איז געווען פאַרברענט פון היץ. ער האָט זי ווידער באַטראַכט, דאָס מאָל אויפמערק־זאַמער, און ווען ער איז דערגאַנגען, אַז זי האָט זיך געמאַכט אַן אַבאָרט, האָט ער גלייך געהייסן דעם ווייס־געוואָרענעם מאַן טעלעפאָנירן אין שפּיטאָל אַריין אין זיין נאָמען, אַז מ׳זאָל זי שוין צונעמען.

דערנאָך האָט ער זיך רויִק אַריינגעלייגט די 50 פראַנק אין טאַש אַריין, האָט עטלעכע מאָל געשטופּט די טיר מיט דער קני, געפּרוווט צי זי וועט זיך ברייטער עפענען און ער איז אַוועק מיט אַ ברום.

*

בינעם האָט, גייענדיק אין ביבליאָטעק אַריין, אויך געטוישט בלומעס ביכל. זי האָט אים געהייסן פאַר זיך נעמען „די ביאָלאָגישע טראַגעדיע פון דער פרוי". אַז ער איז צוריקגעקומען, האָט ער אַוועקגעלייגט דאָס ביכל מיט אַ לייכטן שמייכל. בלומע האָט עס באַמערקט.

— איר לאַכט פון מיר, וואָס?

— ליידער — האָט ער געענטפערט — צום באַדויערן גייט אין אייך פאַרלוירן אַ מענטש, וואָס וואָלט אָן שום ספק געקענט ברענגען נוצן דער אַרבעטער־זאַך.

בלומע האָט געשוויגן אַ ווײַלע, דערנאָך האָט זי זיך אָנגערופן:

— ווען כ׳בין אַלט געווען 14 יאָר, האָט איך געטראַכט: ווען איך וואָלט געווען אַ מאַן און נישט קיין פרוי... איצט טראַכט איך אויך דאָס

זעלבע... אפשר וואָלט טאַקע געווען אַנדערש — זי האָט אָפּגעהאַקט, שטיל געבליבן אַ רגע און ווייטער אָנגעהויבן:

— איר ווייסט דאָך, בינעם, אין בעלגיע בין איך געווען זייער אַקטיוו אין דער באַוועגונג, כ׳בין דערפאַר דריי מאָל געווען אַרויסגעשיקט און אָפּגעזעסן דריי חדשים אין תפיסה. אָט, גיט אַ קוק דאָ אויפן טיש, כ׳האָב אָנגעשריבן אַן אַרטיקל פאַר דער וואַנטצייטונג אין צוזאַמענהאַנג מיטן „פרויען־טאָג״. אָבער איר קענט מיך נישט פאַרשטיין, איר זענט אַזוי האַרט... צי זענט איר דען שטענדיק דער זעלבער אין אייער לעבן? קיינער פון אונדז ווערט נישט געבוירן קיין רעוואָלוציאָנער.

בינעם האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אומגעדולד און געביסן דעם שמייכל פון זיינע ליפּן.

— פאַרשטייט, מיר טאָרן אָבער נישט טראַכטן מיט אַזעלכע גע־דאַנקען ווי איר. דער ערשטער אויסדרוק פון אונדזער לעבן דאָ, אונטער דער הערשאַפט פון קאַפּיטאַליזם, איז קעמפן! דערפאַר זענען אייערע רייד אַן איבעריקער באַלאַסט פאַר אונדז.

אירע באַקן האָבן זיך רויט צעצונדן, די אַפּלען זענען אַרומגע־שפּרונגען אין די אויגן־לעכער. עס האָט אין איר אַ פלייץ געטאָן אַ טייך מיט ווערטער, אָבער זי האָט אויסגעשפּיגן בלויז עטלעכע:

— איך בין קראַנק... איר ווייסט, וואָס ס׳הייסט זיין קראַנק? ניין, איר ווייסט נישט! איר האָט קיין מאָל נישט געלעבט מיט אַזאַ געפיל! וואָס וועט איר פאַרשטיין? האָט איר שוין אַ מאָל געפונען זיך האַרט ביי אַן אָפּגרונט און געטראַכט, אַז יעדע רגע קענט איר אַהין אַריינפאַלן?

און ווידער האָט איר דאָס טויבע געפיל פון פאַרצווייפלונג מיט־געריסן. זי האָט שטיל אַרויסגעמורמלט:

— גייט, גייט...

*

אסתר איז אַהיימגעקומען אַ צופרידענע און זיך גלייך אַריינגערוקט אין בעט אַריין. בלומע האָט דערפילט איר וואַרעמקייט, וואָס האָט געשטראָמט מיט לעבן. זי האָט זיך געוואָלט צעשרייען:

— גיי אַרויס! טראָג זיך אָפּ פון דער שטוב!

נאָר אסתר האָט מיט אַ קול, וואָס איז פול געווען מיט מיידל־פרייד, זיך פאַרטרויט פאַר בלומען:

— דעם צווייטן מאָנאַט וועלן מיר שוין גיין צוזאַמען וווינען... ווי געפעלט ער דיר, בלומע?

און נאָך אַ ווײַלע שווייגן, האָט זי צוגעגעבן:

— דו ווייסט, בלומע, איך שוואַנגער...

4

צוויי טעג זענען פאַרביי.

אין נומ. 41 איז געשטאַנען דער טריקאָטאַזשניק אין מיטן שטוב. אַרום אים, אויפן דיל, האָבן זיך אַרומגעוואַלגערט צוגעוויקלטע און אויפגעוויקלטע שפּולקעס וואָל, פון אַלערליי קאָלירן. דאָס בעט איז געווען אויפגעבעט, צעקנאָדערט. פון אונטער דער טריקאָ־מאַשין האָט זיך אַרויסגעזען אַ „לענגל" פון אַ רויט זשאַקעטל, אַ נאָכגעהאָנגענס מיט צוויי געוויכטער. אויפן טיש איז געלעגן אַ צעשניטענער הערינג לעבן אַן אויפגענייטן „פּילאָווער"...

די טיר איז געשטאַנען האַלב אָפן און פון הויז זענען אַריינגעקראָכן גערעדערייען פון שכנים:

— אַזוי יונג, אַזוי יונג.

— ערשט איין יאָר נאָך דער חתונה.

— און פון וואָס, זאָגט איר, טאַקע פון דעם אַבאָרט?

אַלע ווײַלע איז צוגעקומען עמעץ אַנדערש צו דער טיר, אַריינגעשטעקט אַ שטיקל נאָז, אַן אַלטע גאָמבע, אָדער אַ באַזילבערטן צויט האָר.

— אַזוי יונג, אַזוי יונג...

*

אין דעם זעלבן פאַרנאַכט זענען צו בערנאַרד וואָלינער אַריינגעקומען צוויי יונגעלייט מיט אַ זאַמל־ליסטע פאַר די „רויטע הילף". מאַדאַם

חיהלע האָט זיי געעפנט די טיר. זי איז אַפילו אַ בעלן געווען צו וויסן, וואָס פאַר אַ נייע „סאָסיעטע" דאָס איז, נאָר געענטפערט האָט זי אַזוי:

— מ׳קען אייך שוין, די קאָכלעפל! כ׳אָ נישט! מיין מאַן איז נישטאָ אין דער היים.

פון דעסטוועגן האָט זי אַן אויפרוף יאָ געגומען און אַזוי ווי זי קען נישט לייענען — זי אַליין זאָגט, אַז קענען, קען זי דווקא יאָ, אויף צו פיקעניש אַלע שונאים, נאָר ס׳קומט איר אָן אַ ביסל „שווערלעך" — האָט זי אים אַוועקגעלייגט אויפן טיש, צווישן די טעלער און גלעזער.

ווען בערנאַרד איז אַהיימגעקומען, האָט ער געפונען דעם אויפרוף שוין היפשלעך פאַרפלעקט מיט קאַווע. אַזאַ זאַך האָט ער שוין נישט געקענט איבערטראָגן און ער האָט זיך אָנגעגאָסן מיט כעס:

— אַזעלכע זאַכן טאָר מען נישט פאַרפלעקן! אַזעלכע בלעטלעך לייענט מען איבער ווי ס׳קער צו זיין, מ׳ציט אַרויס די געהעריקע קאָנסעקווענצן און מ׳גיט עס אַ שכן, ער זאָל עס אויך איבערלייענען, פאַרשטייסט?! דאָס רופט זיך: פירן פראָפּאַגאַנדע.

— דו לערן מיך אַ ביסל וויניקער און ברענג ליבערשט אַהיים אַ ביסל מערער געלט — האָט זיך חיהלע אַוועקגעשטעלט מיט פאַרלייגטע הענט אויפן בויך.

— קליינבירגערין! האָסט זיך כאָטש מיט עפּעס באַשטייערט?

— אַוודאי, כ׳האָב זיי געזאָגט, אַז ביסט נישטאָ אין דער היים.

— בהמה! — האָט שוין בערנאַרד נישט געקענט אויסהאַלטן — האָסט זיי געדאַרפט געבן כאָטש איין פראַנק, כאָטש אַ האַלבן.

— קוקט אים נאָר אָן! בערעלע, דער גוי האָט זיך שוין צעצונדן אין דיר? וואָסי, ס׳וואָלט געפּאַסט, אַז כ׳האָב געזאָגט אַ ליגנט — ביסט דען געווען אין דער היים?...

— אוי, זי פאַרשטייט דאָך גאָרנישט, וואָס מ׳רעדט צו איר! וויפל איך האַק אַריין אין איר, און זי פונקט ווי אַ שטיין...

חיהלע האָט נישט געענטפערט, געכאַפּט דעם שאַל און אַוועק צו אַ שכנה זיך אָנוואַרעמען אַ ביסל.

אין אַ וואָך אַרום, אין אַ זונטיק־פּאַרמיטאָג, איז אַ בחור מיט אַ מיידל אַרומגעגאַנגען אין אַלע שטובן פון „האָטעל מאָדערן" און געטיילט בלעטלעך פון סינדיקאַט, וואָס האָבן גערופן:

„זיך קעגנשטעלן דעם קריזיס און דעם פאַשיזם אין וווּקס!"

„פאַר גלייכע אַרבעטסרעכט פון אַלע אימיגרירטע אַרבעטער!"

„פאַר איינפירן דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטסטאָג!"

דער „פוריער" יצחק לאַנגמאַן האָט געהאַלטן אין מיטן אויסקלאַפּן אַ פעל, האָט ער נישט געהאַט קיין צייט צו דערהערן, אַז ס'איז זוער אַריינגעקומען. ער האָט געקלאַפּט זייער שטאַרק, מיט צוויי לאַנגע דינע שטעקלעך. דאָס ווייב איז פונקט געשטאַנען אין דעם שטיקל שטיבל, וואָס האָט געדינט פאַר אַ קיך און פאַרזוכט אַ לעפל הייסע פּישיויך. דאָס אַכטיעריקע מיידעלע האָט זיך געשפּילט מיט אַ שוואַרץ קעצל אויפן בעט און איינגעחזרט די לעקציעס אויפן קול:

— „סט. לואי איז געווען דער בעסטער פון אַלע קיסרים, ער איז געשטאָרבן אין 1270 אין טוניס..."

אַז דער „פוריער" האָט שוין נישט געהאַט מער קיין כוח צו קלאַפּן, האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו די אַריינקומער, גענומען אַ בלעטל, און האַלטנדיק מיט דער האַנט די ברילן אויף דער שפּיץ־נאָז, האָט ער געגעבן אַ לייען אויפן קול די ערשטע פּאָר שורות און זיך אָנגערופן:

— נו, וואָס זשע ווילט איר?...

דערנאָך האָט ער געגעבן אַ לייען די לעצטע פּאָר שורות און צוקומענדיק צו דעם „אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג" האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ צו דער זייט פון קעכל:

— יאָכוועט, הערסט יאָכוועט?... קום נאָר אַריין אויף אַ רגע.

דאָס ווייב איז צוגעקומען.

— די מענטשן ווילן, אַז מ'זאָל נישט אַרבעטן מער פון אַכט שטונדן... כע, כע, כע... מיטביידע הענט! מיט ביידע הענט! — האָט ער זיך אָוועקגעשטעלט פאַרן ווייב — איך גיב אייך אַוועק די גאַנצע פאַבריטשאַרניע מיט אַלע קאָפּ־דאַרענישן, אַבי כ'זאָל זיך פאַרדינען מיינע 300 פראַנק די וואָך פאַרן הויזגעזינד, כע, כע, כע...

ער האָט זיך אַרומגעדרייט מיטן געלעכטערל איבער דער שטוב.

— איר הערט יונגערמאַן, איר הערט מאַדמאַזועל? דער פּלאַן איז אַ גאָלדענער פּלאַן, אַ שטיק ברילִיאַנט... אלא, וואָס דען? ס'איז נישט פאַר אונדז יידן...

דאָס ווייב וואָס איז געווען מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פאַרן מאַן, האָט אַריבערגערעדט איבער אים:

— איר פאַרשטייט, ווען אונדז וואָלטן געווען געאַרבעט אַ גאַנץ יאָר, איז מאָ, איז קען מען זאָגן: דאָס וואָס דו האָסט נישט היינט אויס־געפּאַרטיקט — וועסטו דערקאָנטשען מאָרגן, אָבער ווען מ'אַרבעט בלויז „קעלקע מואַ", זי פאַרשטייען? קיין שום נעהאָרע, אַ שטוב דאַרף צו האָבן! דעם האָטעלניק דאַרף מען באַצאָלן ענדע וואָך, דאָ ווערט מיר אַ קינד נישט געזונט — גלייבט מיר, אָט גיט אַ קוק, אַזאַ ענגשאַפט, אַלץ אויף איין אָרט, און פאַר די לונגען איז עס דען געזונט?...

דער מאַן האָט זיך ווידער צעלאַכט און איז אונטערגעשפּרונגען:

— איר הערט דאָך, דער פּלאַן איז אַ גאָלדענער פּלאַן, אַ שטיק ברילִיאַנט... נאָר נישט פאַר אונדז יידן...

*

ענדלעך האָט די „בערלינערין" געקריגן אַ בריוו פון „יידישן הילפסקאָמיטעט", אַז זי זאָל זיך פאָרשטעלן „מיט אַלע נייטיקע פּאַפּירן".

מיטן בריוו אין דער האַנט איז זי אַריינגעפאַלן אין נומ. 30.

— זי זען... זי זען...

מאַדאַם רעכעלע האָט זיך אַוועקגעזעצט עצהן די „בערלינערין":

— נעמען זי מיט אינס קינדער, זי פאַרשטייען מיך?... דיזע הערן פון קאָמיטעט האָבן גראָססע קעשענעס מיט קליינע הענטלעך — מיט קינ־דער איז עפּעס אַנדערש, זי פאַרשטייען, וואָס כ'מיין?...

צו מאָרגנס אין דער פרי איז פרוי הערמאַן אויפגעשטאַנען מיט גאַנצע צוויי שעה פריער ווי שטענדיק.

אין דרויסן האָט זיך שוין די נאַכט אָנגעהויבן אויסצוטעפּען. דער טאָג איז שוין אַרומגעקראָכן אויף די שפּיצפינגער. פרוי הערמאַן האָט

געוועקט די קינדער און זיי האָבן אונטערגעהויבן פאַרווײנטע פּנימלעך. די מאַמע האָט זיי געוואַשן און געפּוצט, באַקליידט אַלע פיר קעפּלעך מיט ווייסע בערעטן, באַקנעפּלט די פיר ברוסטלעך אין גראַנאַטענע פאַלטנדלעך.

ווען זיי זענען שוין אַלע געגאַנגען אויף דער גאַס — איינס קלענער פאַרן אַנדערן מיט אַ פּאָר צענטימעטער — האָבן זיי געגלעקלט מיט די קולכלעך:

— מאַ, ס׳וועט זיין אַ ווייסער בער?

— און העלפאַנטן, מאַ?

— איך וויל זען אַ ווילדן חזיר, מאַ!

די מאַמע האָט זיך מיט אַ מאָל אויך פאַרגעסן און געמיינט, אַז דאָס גייט זי איצט מיט די קינדער שפּאַצירן אין בערלינער „טיערגאַרטן" אַריין.

*

נאָך מיטאָג איז די „בערלינערין" ווידער אַריינגעקומען אין נומ. 30.

— נו — איז איר מאַדאַם רעכעלע אַנטקעגנגעגאַנגען.

— זי הערן — האָט פרוי הערמאַן געענטפערט מיט אַ טונקל פאַר־טרערט קול — 40 פראַנק האָבן „זיי" מיר געגעבן.

— אַ טפו זאָלן „זיי" ווערן — האָט רעכעלע אויסגעשפּיגן — און וויפל דאַרף קאָסטן די מאַשין?

— 15 הונדערט פראַנק. כ׳האָב זיך שוין אָנגעפרעגט אין אַ געזעלשאַפט.

— וואָס האָב איך אײַנען געזאָגט, פרוי הערמאַן?... צו די דאָזיקע צדקה־פּושקעס איז בעסער אָנצוקומען נאָך תכריכים איידער נאָך אַ לע־בעדיק שטיקל ברויט. דיזע הערן פון קאָמיטעט האָבן גראַססע קעשענעס מיט קליינע הענטלעך... אַ טפו זאָלן „זיי" ווערן!

*

בלומע האָט ווידער געפלאָכטן, צוזאַמען מיט אסתרן, די לאַנגע לעדערנע פּאַסיקלעך. זי האָט געאַרבעט אַ האַלבן טאָג אין בעט, די צווייטע העלפט איז זי געזעסן ביים פענצטער, מיט צעוואָרפענע האָר, אין איר

אַלטן ראָזן „פּעניואַר". די פינגער האָבן לאַנגזאַם געאַרבעט. טייל מאָל זענען די אויגן געווען פאַרמאַכט, טייל מאָל האָבן זיי געקוקט אויף די לעדערנע פּאַסיקלעך און גאָרנישט געזען. אויסער טיי האָט זי גאָרנישט גענומען אין מויל אַריין. זי האָט נישט אויסגערעדט צו קיינעם קיין וואָרט.

מאַדאַם חיהלע איז אַריינגעקומען יעדן נאָכמיטאָג און געגעבן עצות:

— מאַדמאַזעל, פאַר וואָס זאָלט איר נישט ליבערשט אַרויסנעמען קנעפּלעך צו נייען?

— אפשר וואָלט איר געפּרוווט אַרויסנעמען לעכלעך צו שלייפן?

בלומע פלעגט אויפהייבן די אויגן מיט פרעמדקייט און נישט ענטפערן.

נאָך דער אַרבעט האָט זי זיך צוריק אַריינגערוקט אין בעט אַריין. זי האָט געבעטן אסתרן צו פאַרלעשן דאָס ליכט פאַר איר אַוועקגיין. די פינצטערניש פלעגט דאַן בלייבן ליגן ווי אַ שטריק אויף איר האַלדז.

ווען אסתר איז צוריקגעקומען, האָט זי אַרומגענומען בלומען ווי אַ קלייך שוועסטערל, געפרעגט מיט האַלב־מיידל, האַלב־מוטער־קול:

— זאָג, בלומע, וואָס פאַר אַ נאָמען זאָל איך עס געבן?... דאָס יאַטל אָדער די יאַטעכע...

5

צוליב דעם, וואָס זיי האָבן נאָך נישט געקענט דערליידיקן מיט דער וווינונג, האָט אסתר נאָך געדאַרפט צוּוואַרטן אַ שטיקל צייט אויפן צוזאַמענציען זיך מיט איר חבר. זי איז דערווייל געבליבן וווינען מיט בלומען.

מערץ איז שוין אַריבערגעשפּרונגען אין זיין צווייטער העלפט און אָנגעיאָגט דעם יונגן אַפּריל. די זון האָט יעדן טאָג געוואַרעמט דעם דאַך און די קוימענס פון „האָטעל מאָדערן". די פענצטער האָט מען שוין ביסלעכווייז געעפנט. מ'האָט געעפנט מיט פאָרזיכטיקייט, ווי מ'וואָלט מורא געהאַט צו פאַרקילן די שטובן מיט דער צו פרישער לופט. די איינוווינער האָבן פּלוצלינג גענומען דרייען מיט די נעז:

— עפּעס פּילט זיך אין שטוב....

מ׳האָט זיך אָפּגענומען פאַר אַ גאַנצן ווינטער און געגומען אַרויס־לייגן צום ליפּטערן באַפּישטע קינדערישע שעניקלעך, אָפּגעצויגענע רויטע קישנס און באַפּעדערטע גרויע איבערבעטן.

דעם „פוריערס״ ווייב, וואָס איז מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פאַר׳ן מאַן, האָט געשריגן צו איר מיידעלע:

— סוזאַן, גיי אַ טראָפּן אַראָען אויף דער גאַס, גיי כאַפּ אַ ביסל פרישע לופט...

אין דעם דאָזיקן טאָג האָט בלומעס מאָגן גאָרנישט געקענט פאַר־טראָגן און אַלץ צוריקגעגעבן.

צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען בלומע איז אַראָפּגעקומען אויפן גאַס, איז פאַרן „האָטעל מאָדערן״ געשטאַנען אַ רעדל מענטשן. מיט לאַנג־אויס־געצויגענע פּנימער און מיט אַרויסקריכנדיקע אויגן האָבן זיי געקוקט אויף דעם צעשפּאָלטענעם קאָפּ פון לערער שלום בוימוואָל, וואָס איז אַראָפּ־געשפּרונגען פון זיין פענצטער אויפן פערטן...

די זון איז שוין דעמאָלט געשטאַנען אין דעם הויכן בלויען אַפּריל־הימל. פון ערגעץ אַ פענצטער האָט זיך דערטראָגן דאָס פּישטשען פון אַ פייגעלע אין אַ שטייג. אויפן בולוואַר האָבן זיך שוין די ביימער צערעדט מיט זייער קנאָספּן־לשון. בלומע איז געווען אויפן וועג צום שפּיטאָל.

# יידן אויפן בעלוויל

(סקיצע)

גיך־גיך, אַזוי שנעל ווי ער עסט, האָט יאַנקל קאָרנוואַסער אַריינ־געכאַפּט דאָס ביסל שלאָף. אַ ווײַלע איז ער געבליבן זיצן אויפן ראַנד בעט; דאָס פּנים מיטן אייביק פאַרשמייעטן שטיקל באָרד, איז שוין געווען פאַרזאָרגט, אָנגעברוגזט אויפן טאָג אַרבעט, וואָס שטייט אים פאָר... די האָטעל־שטוב איז פאַרלייגט מיט מאַן־ווייב בעט, מיט די קינדערס אייזערנע בעטלעך; פון אַלע זייטן טראָגט זיך אויף אים אַן אָטעם פון שלאָף, פון פאַרהאָרעוועטקייט — זיין פלייצע ווערט קרומער, דער קאָפּ גליטשט זיך לענג־אויס דער ברוסט־אַראָפּ, אָט — און ער וועט אַ פאַל־געבן אויפן פאַל. נאָר ער קריכט גאָר אַוועק צום פענצטער, הענגט אַרויס דעם קאָפּ איבערן ענגן הייפל, באַטראַכט דאָס פירקאַנטיקע שטיקעלע הימל, ביז ער זאָגט צו זיך אַליין, אַז רעגענען וועט נישט באַלד, לכל־הפחות קען ער נאָך אַריינכאַפּן אַ שפּאַצירל פאַר דער אַרבעט.

אָפּצודאַוונען גייט יאַנקל קאָרנוואַסער אַרויף אויפן לעצטן שטאָק פון האָטעל, וווּ ער אַרבעט מיטן זון, אין אַ קליין דאַך־צימערל.

דערנאָך טוט ער אָן דעם אַלטן, שוואַרצן קאַפּעלאַטש (געקויפט ספּע־ציעל פאַר אויסלאַנד), און טראָגט זיך אַראָפּ זייער געלאַסן, אָפּשטעלנדיק זיך כאַפּן דעם אָטעם אויף יעדער טרעפּ; מיט אַ סך פאַרגעניגן, ווי עפּעס אַ גוטן, זיכערן רעצעפּט — ציט ער דעם אָטעם. ווער יאָגט אים דען? בסך־הכל איז עס דאָס איינציקע מאָל אין מעת־לעת, ווען ער נעמט אַרויס דאָס נאָזטיכל זייער פּאַמעלעך, גיט עס אַ טרייסל אין דער לופטן, גלייך ס׳וואָלט געווען פריש צוזאַמענגעפּרעסט, און אַ פּאָר מאָל נאָך אַנאַנד ווישט ער די

נאַז. דאָס אָפּגעטאָן, פאַרלייגט ער בײדע הענט אויפן רוקן, ברומט זיך אונ־טער אַ זמרל, שטיל, מיט כוונה — אַז קײנער יאָגט אים נישט!

אויפן ערשטן שטאָק קלאַפּט ער אָן אין נומער 5.

— ר׳ מענדל?

— שוין, שוין! — ענטפערט אַ װײך קולכל פון אינעװײניק.

מענדל זילבערמאַן קומט טאַקע באַלד אַרויסצוטשאַפּען: אַ יידעלע, באַשאָנקען מיט אַ פאַרמעגן קרעכצן. באַרירט ער דאָס פאַרשטויבטע, װײסע בערדל — אַ קרעכצעלע; דערמאָנט ער זײנע 58 יאָר — איז דאָך פשוט אַ מצוה אונטערצוקרעכצלען; רעדט ער װעגן דעם זון, דעם טריקאָטאַזשניק, בײ װעמען ער אַרבעט אַלס שפּולער — קען ער זיך נישט אײנהאַלטן פון אַן אױ, װײ...

— װי שפּעט עט שוין, אַ שטײגער, זײן, ר׳ יאַנקל?

— מסתמא אַרום זעקס!

— פּשש... װי לאַנג, אַז כ׳האָב געהערט קלינגען דרײַע?... ס׳לױפט דאָך ממש, װי אויף גומענע רעדער, אין דעם פּאַריזש!...

— װאָדען, ס׳איז, מײנט עך, אין דער הײם?

— אין דער הײם... אין דער הײם... אײ, אײ, די יאָרן לויפן אַזוי...

אויפן גאַס שטעלן זיך די שכנים אָפּ: אײנער צוליב אַ הוסטל, דער אַנדערער — ס׳כאַלאַטל צו פאַרקנעפּלען.

— ר׳ יאַנקל, אפשר כאַפּט מען זיך אַריבער צום גאָרטן, אַז ס׳איז שוין יאָ דאָ צײט?

יאַנקל קאָרנװאַסער פאַרגעסט נישט, אַז זיבן דעם זײגער מעג ער שוין לאָזן אין גאַנג די מאַשין, דער עולם אין האָטעל שלאָפט שוין נישט.

— דאָ איז אײך װײניק, ר׳ מענדל? גאָרטן!... דאָ האָט איר אויך בײמער, דאָ באַלד...

אויפן בולװאַר־בעלוויל זעצן זיך בײדע אַװעק. זילבערמאַן לײגט אַרויס אויפן שויס אַ פּושקעלע טיטון, הײבט אָן פאַרדרײען אַ פּאַפּיראָס און טאַפּט אויס דעם הימל פון אַלע זײטן: ס׳איז אים אַ װײטיק, װאָס די היצן האַלטן אָן. דעם גאַנצן זומער שוין, אַז ער איז אָן אַרבעט.

— װאָס זשע האָט איר געװאָלט, ס׳זאָל בוידעם־קלאָץ אַראָפּ אַ

פראָסט! — פאַרדריסט עס קאַרנוואַסערן, ווייל אַ דאַנק די היצן האָט ער נאָך עפּעס אַרבעט: די לייכטע שמאָנצעס פאַר די פּליאַזשעס מאַכט ער.

מענדל זילבערמאַן פאַררייכערט געלאַסן ס'פּאַפּיראָסל, שטופּט אַרויס דאָס ערשטע קנוילעכל רויך מיט אַ קרעכצעלע.

— איר וועט אפשר פאַרדרייען? — פרעגט ער אויס געוווינהייט זיין שכן, הגם יענער ענטפערט שטענדיק: דער דאָקטער האָט אים נישט געהייסן.

דערויף שטעלט זיך אַריין אַ שווייגן.

קאַרנוואַסער פילט דאָס פרישע פרימאָרגן־ווינטעלע נישט בלויז אויפן פנים, נאָר דער עיקר — טיף אין זיך. ער וואָלט געקענט שווערן, אַז אַרום האַרץ ווערט אים גרינגער. ווען יעדן ביי נאַכט, נאָך דער אַרבעט, ער זאָל קענען אַריינכאַפּן אַ ביסעלע פרישקייט!

אין דער גראָער שטילקייט פון בולוואַר הערט זיך דאָס פאַרבייפליען פון אַ פייגעלע, וואָס פאַרלירט אַ פּישטש; עמעצער עפנט אַ פענצטער און טרייסלט אַראָפּ דעם שלאָף פון יילעך; און די וועגענער, וואָס לויפן אָן איבערן ברייטן ברוק, זענען נאָך אַזוי איינציק, אַז זייער ביסל גערויש ווערט צעשטויבט אינעם אַרום און מאַכט פולער די שטילקייט.

יאַנקל קאַרנוואַסער איז נישט געוווינט צו זיצן גלאַט אַזוי, צוליב פאַרגעניגן: ווען ער זעצט זיך אַנידער, באַפאַלט אים די מידקייט פון אַלע יאָרן און ער מוז איינשלאָפן. אַצינד האָט ער טאַקע מורא דערפאַר. זיבן דעם זייגער קען מען דאָך שוין לאָזן אין גאַנג די מאַשין, דער עולם שלאָפט שוין נישט!

פאַררעדט ער דעם שלאָף:

— וואָס זשע וועט פאָרט זיין, ר' מענדל? אַבי מ'איז געלאָפן אין דער וועלט אַריין!... אין דער היים האָט מען זיך איינגערעדט, אַז ערגעץ אַנדערש איז יאָ דאָ פרנסה. ני שוין, מיין באַדאַרף מען נישט, איז מען געלאָפן ווי די משוגעים! נייך, ר' מענדל, ס'איז שלעכט, ביטער... און וואָס בלייבט מיר שוין פון דער גאַנצער האָרעוואַניע דאָ? מ'איז דען עפּעס אַ מענטש? אַ פערד איז מען, און פאַרטיק! טאָמער ווייסטו נישט, צי ס'האָט מיר געפעלט אין טאָפּ אַריין זייער עלקטריע מיט זייער מעטראָ... ווער

באַדאַרף דאָס ? מ׳קען דען אַנידערלייגן דעם קאָפּ אויפן קישן ער זאָל נישט צעפּלאַצט ווערן ? וואָס זשע טויגן מיר דאָרט די נאַרישקייטן ?... ר׳ מענדל, ס׳עט שוין זיין אפשר צייט צו שטעלן פּיס ?

— דעם ערשטן ציגאַרעט ערשט פאַרדרייט... נאָך צייט, צייט...

— אַזוי צי אַזוי — רעדט ווייטער קאָרנוואָסער — פריער אָדער שפּעטער ט׳מען איינפּאַקן ס׳פּעקל און — היידאַ ! פּאַריז איז אַ גרויסע שטאָט, דאַכט זיך, אַ, ר׳ מענדל ? אַ גאַנצע מדינה, אַ גאַנצער קעסל ! פון דעסטוועגן וויל איך צו וועמען זיך אַריינכאַפּן אַ שמיס געבן וועגן יידישע ענינים, אָדער גלאַט אַזוי, כ׳ווייס דאָרט וואָס, מ׳איז דאָך נישט מער ווי אַ מענטש, איז טאַקע לאַ אויף די גאַנצע פּראָצענט — שטאָ צו וועמען !... ערשט ווידער רוקט זיך אונטער די זיקנה... איר הערט, ר׳ מענדל, אַמאָליקע צייטן, כ׳באַדאַרף גאָרנישט זוכן ביי יענעם — ביי מיין טאַטן, עליו השלום, אויף דער עלטער, האָבן מיר, די קינדער, אים אויסגעהאַלטן פון אַלף ביז תו מיט אַלעמדינג, וואָס איר ווילט נאָר הערן און געדענקען... אָבער היינטיקע צייטן, ר׳ מענדל ? דאַכט זיך, איר ווייסט עס גלייך מיט מיר : אַ טאַטנס אַ וואָרט האָט עפּעס אַ ווערט ? איין זון מיינער איז אַ קאָ־מוניסט, אָפן גערעדט ; און די טאָכטער איז בעסער ?... אַז דער גאַנצער בחור, עפּעס מער פון אַכצן יאָר, שטרייקט מיטן אייגענעם טאַטן. שריי איך : בהמה ! וואָס בין איך, אַ פרעמדער ? אַ פאַבריקאַנט ? אַז מ׳גיט מיר אַליין ווייניק, צאָל איך דיר אויך ווינציקער, דאַכט זיך, פאַרשטענדלעך, אַ, ר׳ מענדל ? איז אָבער — ניין, ער וויל דערפון נישט הערן אַזוי די גרויס... איך זאָל זיך אַוועקשטעלן און אויך שטרייקן, אַזוי וויל ער און פּטור ! שריי היינט, שריי מאָרגן : כ׳בין דאָך נישט קיין יינגל, און צו אַלע צדות נאָך — אַן „עטראַנזשער״... איי, ר׳ מענדל... אויסגעריסן געוואָרן פאַר זייערטוועגן, געשוואָלן געוואָרן פאַר זייערטוועגן...

מענדל זילבערמאַן שאָקלט צו אויף אַלעם מיטן קאָפּ, פּיפּקעט פאַר־מעלעך דאָס דאַרע פּאַפּיראָסל און קוקט מיט ווייטיק אויפן בלענדיקן קנויל ליכט, וואָס ברעכט זיך דורך אַ וועג פון הינטער די וואָלקנס... אַ זומער מיט היצן זיך אָנגעזעצט אויף זיינע אַלטע ביינער !

דער בולוואַר בעלוויל הייבט ביסלעכווייז אָן אויפצולעבן : ס׳באַ־

ווייזט זיך דער בייגל־הענדלער מסיע ציגלער, באַהאָנגען מיט צווייִ קיישלעך געבעקס, וואָס שלעפּן, דאַכט זיך, אַראָפּ דעם גאַנצן געשטעל זיינעם; ער לויפט מיט טשאַפּלינישע טריטעלעך און רעדט אין זיין שוואַרץ בערדל אַריין:

— דריי פרישע בייגל פאַר אַ פראַנק!...

קאַפע־גאַרסאָנען וואַשן שוין דעם טראָטואַר אַרום די קאַפעען און שטעלן אַרויס שטולן מיט טישלעך. פעקלעך מענטשן טראָגן זיך פון דער מעטראָ־סטאַנציע, וואַרטן אויף אַן אויטאָבוס... אַ סירענע לאָזט אַרויס אַ קווּיטש, פאַרגייט זיך אַלץ העכער, ראַשיקער און ווערט מיט אַ מאָל איבער־געפאַרן פון אַן אָניאָגנדיקן לאַסטוואָגן...

קאָרנוואַסער שפרינגט אויף:

— שפעט! דער טאָג הייבט שוין אָן צו לויפן, אַ פאַרכאַפּעניש!...

אויפן וועג צום האָטעל קרעכצט אויס מענדל זילבערמאַן, אַז זינט דאָס ווייבל איז אין שפּיטאָל, איז ער שוין אויס מענטש געוואָרן; אַז זיין זון, דער טריקאָטאַזשניק, וואָס מער אַרבעטער ער נעמט אַריין, ערגער ווערט ער אַפילו צום אייגענעם טאַטן...

— ווי מיינט איר, ר׳ יאַנקל — הייבט ער אָן אויסטייטשן וועגן געשעפט, וואָס ער טראַכט שוין אַרום גאַנצע דריי יאָר — מ׳זאָל אַריינ־לייגן אַ ביסל הויזן, עטלעכע מאַרינאַרקעס, אַ ווייבעריש מענטעלע....

וואָס נענטער יאַנקל קאָרנוואַסער קומט צו דער שטוב, וויינציקער באַנעמט ער אַ פרעמדנס מעשיות. אַלץ לויפט ביי אים, ער האָט נישט קיין צייט צו פאַרלירן: אָט, נאָך אַ רגעלע און ס׳קלינגט אויס זיבענע...

— אַ גיטן, אַ גיטן! — שטופּט ער עטלעכע פינגער אין שכנס האַנט אַריין.

מענדל זילבערמאַן קען אים נישט נאָכלויפן אויף די טרעפּ, דער־יאָגט ער אים מיט אַ ווערטעלע:

— אַ גאָלדן געשעפט, ר׳ יאַנקל... גיט אַ קלער!

# מ ר י מ ל

1

שימעלע ברוסק, אַ קליין, אָפּגעקוועטשט יידל, איז ווי דאָס רוב יידישע אימיגראַנטן — אַ שניידער. מיט גרויס פאַרשטענדעניש אַרבעט ער און דער עיקר — מיט זאָרג פאַרן מאָרגן: אַ ביסעלע דערעסט ער נישט, אַ קאָפּעטשקע דערשלאָפט ער אויך נישט; פאַרפאַלן, נישט אייביק איז מען יונג!

מיטן ערשטן טאָג־ווונק רייסט ער אָפּ דעם שלאָף פון די אויגן־הייטלעך און נעמט זיך אַרויסיאָגן די נאַכט־שווייגעניש פון שטיבל: שטעלט צו אַ טשייניק טיי אויף דער גאַז־מאַשינקע, וועקט דאָס ווייב, רייסט די קאָלדרע פון דער פופצניאָריקער טאָכטער און צעוואַרפט רייד:

— היידאַ, גענוג געשלאָפן!...

און אַז דאָס מיידל שפּאַצירט ערגעץ אַרום מיט אַ חלומל, און אַז דאָס ווייב האָט סתם נישט דערהערט, הייבט אָן שימעלע ברוסק צו פּאָכען מיט די קורצע, ברייטע הענט.

— ני!... צ׳מיינט עץ שטייט איין אויף „שאַנזעליזע״!...

ווען ער איז אַוועק פון פּוילן, מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָט דאָס ווייב פאַרקויפט די קישנס פון בעט אַרויס, געלאָזט זיך אַרויסנעמען דעם גאָלדענעם צאָן, וואָס מ׳האָט איר נאָך אַלס כלה־מיידל אַריינגעשטעלט (אַ געשאַנק פון אַ רייכן פעטער, אַ סגולה צו געפעלן), און אַזוי אַרום צונויפגעשלאָגן אויף די הוצאות. אַ שיין שטיקעלע צייט האָט זיך שימעלע אַרומגעוואַלגערט איבער אייראָפּעס הויפּטשטעט, ביז ער איז שטיינגע־בליבן אויפן בעלוויל. אַוודאי איז דאָס נישט געווען זיין פּלאַץ צו נייען



יאָסל צוקער אין 1927

מענטעלעך פאַר פאַריזער „געפּאַרבטע ליפּעלעך”. ווען דאָס מזל וואָלט אים דעמאָלט געווען אַנדערש צוגעשפּילט, וואָלט ער זיך שוין היינט פאַררעכנט אַלס אַמעריקאַניעץ!

ווייל דורך די פּאָר יאָר, וואָס ער געפינט זיך דאָ, האָלט ער נאָך אַלץ ביים זעלבן, ווי אין די ערשטע פּאָר טעג: באַוווּנט אַ פאַרקאָפּטשעטע האָטעל־שטיבל, ווו מען קען זיך קוים איבערדרייען; דאָס בעט שטייט לעבן דער ניי־מאַשין, דאָס קיכל איז ביי דער טיר, וואָס מ׳טאָר נישט צו ברייט עפענען; די דריי בענקלעך זענען פאַרלייגט מיט סחורות און פאַרשטופּט אין די ווינקלען; אויפן בעט שלאָנדערן זיך אַרום האַלב־אויסגעענדיקטע מאַנטלען, פּודעלעך קנעפּ מיט שטיקעלעך זייף־קרייד; אַפילו דאָס טישל, וואָס האַלט אין איין אַרומפּאָרן איבערן שטיבל, איז אויך באַלעגערט מיט שניידערשע צודאַטן. אַרבעט טאַקע שימעלע ברוסק פאַר די נידעריקסטע פּרייזן און האָט דערפאַר צו טאָן אַ פול יאָר. ער האָרעוועט, דאָס ווייב האָרעוועט, די טאָכטער — אַלע מאַכן „גאָטס שטונדן”: ניינע ביי נאַכט הייבט ערשט אָן ביי זיי צו טאָגן.

און טאַקע צוליב דעם האָט שימעלע געהאַט אַזוי פיל צו טאָן מיט זיין שכן חיים, ווען ער האָט געגעבן אַ צונאָמען „רויטער”.

חיים — ווייסן אַלע פון האָטעל — האָט אַדורכגעמאַכט דאָס לעבן „אויף דער אייגענער האַנט”, אויסגעווען אַ וועלט, געאַרבעט ביי וואָס אַ מענטש קאָן נאָר אָנרופן. היינט צו טאָג דרייט זיך חיים אַרום מערסטנס אַרבעטלאָז, נישט געקוקט אויף זיינע אַלע פאַכן. און אין אַ גרויסער פאַבריק וועט מען אים דאָך נישט אַריינגעמען. ערשטנס, איז ער אַן אויסלענדער; און צווייטנס — דאָס איז אויך נישט קיין סוד — האַלט ער זיך אויף אומלעגאַל אין לאַנד. איין נס, וואָס ער איז נישט קיין באַווייבטער, הגם די דרייסיקער ליגן שוין ווייטלעך הינטער אים.

דערפאַר איז חיים אַ לעבעדיקע צייטונג. פון אים דערוויסט זיך דער האָטעל וועגן אַלע נייעסן. אוי, זידלט ער די וועלט!

אויף אַלע גרויסע מיטינגען און דעמאָנסטראַציעס — ווייסט מען — גייט ער. צו די שכנים קומט ער דערנאָך מיט אַ נייעם באַגאַזש רייד, טייטשט אויס יעדן איינעמס געדאַנקעלע:

— מיר זענען אויך מענטשן, וואָס ווילן געניסן פון דער פרייער צייט! איינער האָט אַ קינד, וויל ער זיך דערמיט שפּילן; איינער האָט אַ מיידל, וויל ער מיט איר גיין שפּאַצירן. הערסטו אַ מעשה!... — זיין קורצע, ברייטע פיגור, דער צעפּלויגענער קאָפּ האָר, די שאַרף־ווערנדיקע אויגן — אַלץ אין אים, דוכט זיך, וואַרפט דעמאָלט מיט אַרגומענטן.

— אויף מיין וואָרט, ווי ער רעדט צו דער זאַך — האָט מען אים געקלאַפּט איבער די פּלייצעס.

אויף שימעלע ברוסק אָבער האָבן קיין שום רייד נישט געווירקט.

— ביי מיר זעקסע איז שוין פון לאַנג טאָג! — האָט ער זיך אַוועק־געשטעלט מיט אַ פול מויל רייד פאַר חיימען — קומט נאָר אַהער, ר׳ ייד...

— מיט אַ ר׳ ייד ווינציקער!

— זאָל זיין ר׳ מיסיע, ווער הייסט אייך זיין טאָג און נאַכט אָן אַ שטאָך אַרבעט? — גיט שימעלע אַ כיקע אַרויס און מיט די פיס אַ דריי דאָס רעדל.

— ווער?... — קרימט אים חיים נאָך — די קאַפּיטאַליסטן, אין זייערע טייערע ביינדעלעך אַריין!

אַזוי פלעגט עס צוגיין די ערשטע צייטן. איצט, ווען נאָר ס׳מאַכט זיך אַ געלעגנהייט, קומט חיים אויסלאַכן דעם שניידערלס פלענער וועגן אַרויפאַרבעטן זיך. ער געפינט פאַר אים די שפּיצלדיקסטע ווערטעלעך.

לאה, שימעלעס ווייב, וואָס איז מיט אַ שטיק העכער פאַרן מאַן, אַ פול־פּנימדיקע, אַן אויפגעלאָפענע פון אַריינשטאָפּן אין זיך טרוקן ברויט מיט קליסקעס, ווייל ס׳קאָסט אַמביליקסטן און זעטיקט אַממערסטן — פלעגט נישט פאַרמיידן איינצוהאַלטן איר מאַן:

— אין אַ שיין הויז האָב יעך מיך אַריינגעצויגן. יידן זאָלן זיך אַזעלעכע אַנטיסעמיטניקעס, אַזעלכע נישט־פאַרגינערס, האָסטו געזען זאָ וואָס? נאָר די אויגן קריכן זיי פון די קעפּ, הלמאי אַ ייד האָט אַרבעט.

*

גאָר באַזונדערס איז חיימען אַ שאָד געווען דאָס מיידל ביי שימעלע ברוסק. ער האָט נישט געקענט צוזען, ווי זי וואַקסט אַ קראַנקע, אַ בלאַסע,

מיט רויען פֿאַרשטאַנד. און יעדעס מאָל, טרעפנדיק מרימלען אויף די שטיגן, צי אויף דער גאַס האָט ער געפרעגט:

— וואָס טוט איר אין די אָוונטן? אין די פֿרייע טעג? נאָר מען אַרבעט?...

זי פלעגט אויפהייבן צו אים אירע גרוי־שטויביקע אויגן, פייכטלעך־רויטלעכע פון צו פיל אָנשטרענגונג, און זיי באַלד אַראָפּגעלאָזט.

— איר זענט יונג, איר דאַרפט געניסן פון לעבן!...

פון קיינעם האָט מרימל נישט געהערט אַזאַ גוט קול, אַזעלכע וואַרעמע רייד, וואָס האָבן זיך געשנירלט אַרום איר האַלדז, ווי אויסגעוואַרעמע קרעלן...

אין שטוב האָט דער טאַטע, די מאַמע, צו איר גערעדט, ווען ס׳איז נאָר געווען צו שרייען; און געשריגן האָבן זיי אָפט, אַז זי איז אַ זגראַבנע מאַדמאַזעל — אַזאַ יאָר אויף די שונאימס קעפּ!

— אַ מיידל זאָל נישט אַליין איינפאַלן עפּעס צו טאָן אין דער ווירטשאַפט — איז געווען דער מאַמעס טענה — ווערט דאָך קיין מאָל נישט זיין קיין באַלעבאָסטע צו דיין מאַן! — און זי געשטופּט צו די טעפּ, צוגרייטן דאָס עסן, אויסוואַשן שטיקלעך וועש און פרעסן מענער־העמדער.

דער טאַטע פון זיין זייט האָט זי געשלעפּט צו די מאַנטלען, געיאָגט זי, ווי אַ פרעמדן אַרבעטער:

— דאָ איז נישט אין דער היים! דאָ גייט אָן אַ ווערטל: גוט און שנעל, טאָמער נישט — האָרעוועט מען אָפּ ס׳גאַנצע לעבן און האָבן האָט מען אַ קרענק!

ווען מרימל איז אַלט געוואָרן 12 יאָר, האָט שימעלע ברוסק זיך איבערגערעדט אויפן געלעגער מיטן ווייב:

— וואָס ווילסטו פון איר מאַכן? שרייבן האָט זי זיך שוין אויסגעלערנט!

לאה האָט נישט געוווסט וואָס צו ענטפערן. פון איין זייט האָט זי דערפילט מיט איר פראַקטישן שכל, אַז דער מאַן איז גערעכט; און פון דער אַנדערער זייט — האָט דאָס מוטערלעכע איר אונטערגעזאָגט, אַז די טאָכטער איז נאָך יונג צום זעצן זיך אַרבעטן. באַזונדערס איז זי עפּעס

גאָרנישט געראָטן אין דער מאַמען אַריין: נישט זי גייט און נישט זי פּאַלט...

— וואָס איז דאָס שווייגעניש אויף דיר? — האָט ער פּלוצעם אַרויס־געשריגן — האָסט אַריינגענומען אַ שווייגעניש און פּטור!... וואָס ווילסטו פון איר מאַכן, אַ שמענדריק־געלערנטע? אַ פּיאַנינע? אַ פידל?!...

לאה האָט אַפילו געפּרוּווט, ווי אַלע מאָל ביי אַזעלכע קריגערייען, זיך לאַשטשען צום ברוגזן מאַן, שטופּן זיך מיט איר פוללייביקייט, נאָר שימעלע האָט זיך אָוועקגעדרייט מיט אַ ברום:

— ביסט אַ נאַרישע יידענע!

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער באַלאַגערט די שטוב מיט זיין כראָפּעריי.

צו מאָרגנס אין דער פרי, ווען מרימל האָט זיך געגרייט אין שול אַריין, איז שימעלע אויפגעשטאַנען פון דער אַרבעט, זייער געלאַסן אַרונטער־געשטופּט די שול־טעקע מיטן רעכטן פוס אונטערן בעט, אָנגענומען דאָס מיידל ביי ביידע אַקסלען און זי אַוועקגעזעצט אויף אַ טאַבורעטקע לעבן זיך, ער האָט זיך געצווונגען, אַז זיין קול זאָל אַרויסקומען ווייכער:

— פון היינט אָן גייסטו נישט מער אין „עקאָל" אַריין! — און באַלד דערויף אַריינגעשטעקט אַ גאָדל מיט פּאָדעם צווישן אירע פינגער. די פּאָר געפּטרטע מינוטן האָט ער גלייך גענומען דעריאָגן. די אַרבעט איז געפלויגן אונטער זיינע הענט.

מרימל איז געבליבן זיצן אין גאַנצן אַ פאַרגליווערטע... און ווען די ערשטע רגעס זענען אַדורך, האָט איר קינדערישער פאַרשטאַנד פּלוצעם אַלץ באַנומען און איר קול האָט זיך צוזאַמענגעצויגן ביז צום פאַרפּעלן אָטעם. אירע אויגן האָבן זיך איבערגעצויגן מיט אַ נאַסן גלאַנץ...

אין דרויסן איז דעמאָלט פול געווען מיט אַפּריל־בלוי. אויפן ברייטן שול־הויף שטייען שוין דיביימער מיט גרינע, אויפגעשלייפטע קנאָספּעלעך און די זון הענגט איבער זיי, אַזאַ גרויסע שוין, אַזאַ וואַרעמע... און אַזוי פיל אויסגעוואַשענע קולעכלעך האָפּצן אַרום איבערן הויף... זי, מרימל, זיצט דאָ אין שטוב, ווו אַלץ איז גרוי, אָן לופט.

אַלץ האָט זיך מיט אַ מאָל געענדיקט פאַר איר, מיט איין וואָרט

נאָר: „פון היינט אָן גייסטו נישט מער אין „עקאָל" אַריין"... פון היינט אָן הייסט זי שוין אַ גרויסע, אַ דערוואַקסענע!... און מער וועט זי נישט שפּרינגען מיט אַ שטריק; און מער וועט זי נישט כאַפּן אַ באַלעם; און מער וועט זי נישט זינגען אויף דער לעקציע געזאַנג; און — הערן דאָס שטאַרקע קול פון גימנאַסטיק־לערער: „איינאָטעמען! — אויסאָטעמען! ען, דע, טרואַ, קאַטר!"... און זי וועט נישט מער לערנען וועגן לעבן פון די געוויקסן פון די חיות. — זי האָט עס דאָך אַזוי ליב! זי וואָלט געוואָלט, אַז גייענדיק אין דער גאַס, זאָל זי געפינען אַ גרויסן פּאַק מיט געלט, וואָלט זי קיינעם נישט אויסגעזאָגט — קיינעמען! אויפגעזעצט זיך אויף אַ שיף און אַוועקגעפאָרן ערגעץ אין אַ ווילד לאַנד אַריין. דערנאָך וואָלט זי אַלץ באַשריבן אין די ביכער...

שימעלע ברוסק האָט אַריינגעשטאָכן אַ בליק אין מרימלען.

— ני!... קלערסט אַריין, צי דאָס געשעפט לוינט זיך דיר? ביסט שוין גענוג דערוואַקסן, שקאָשע! אַז וועסט נישט אַריינכאַפּן אין די יינגערע יאָרן, כל־זמן מ׳געפינט זיך ביי די כוחות, וועסטו נאָכער האָבן וואַסער מיט קדחת — נישט קיין ברויט!

איבער מרימלס בלאַסע בעקלעך האָבן זיך טרערן געיאָגט און איבערגעיאָגט...

*

ס׳קומט שבת, פּראַוועט שימעלע ברוסק רו־טאָג, הגם אין גאַנצן האָטעל זענען די יידן שוין פון לאַנג צעקריגט מיט גאָט — האָבן זיך גאָר אָפּגעקליבן דעם זונטיק. אויפן ווייבס טענות: „ביסטאָך אין אויסלאַנד, דאָ איז עפּעס אַנדערש!"... ענטפערט שימעלע מיט אַ האַלב מויל: „כל־זמן כ׳וווין נאָך אין איין שטיבל, קען איך זיך פאַרגינען אָפּצוהיטן ס׳יידישקייט".

איז טאַקע אין דעם טאָג די מאַשין איבערגעדעקט מיט עפּעס אַ גע־לעכערט טישטעך, דאָס טישל, אַן אָפּגערוימטס פון די שניידערשע צודאַטן, שטייט אין מיטן שטוב אַרומגערינגלט מיט דריי בענקלעך; עס שמעקט מיט מייערן־צימעס און מיט געהאַקטע פיש. אין דעם טאָג נעמט זיך שימעלע

ברוסק אָפּ פּאָר אַ גאַנצע וואָך: שלאָפט ביז אַ שטיק אין מאָרגן אַריין און שנאָרכט אונטער געלאַסענער, מיט הנאה. דערלעבן, אויף אַ פעלד־בעטל, וואָס ביי טאָג איז עס צוזאַמענגעלייגט, שלאָפט די טאָכטער, זי שנאָרכט אויך אונטער, אָבער נישט אַזוי ווי דער טאַטע — פאַמעלעכער, בלאַסער; שימעלעס — קומט אַרויס מיט גלויבן אין זיך, מיט פאַרשטענדעניש פאַרן מאָרגן; דער טאָכטערס — איז נעבעכדיק, געמישט מיט עפּעס אַ חלומל...

די ערשטע כאַפּט זיך אויף דעם טאָג לאה. אין אירע הענט שטייט איין די גאַנצע פינאַנץ־פירונג: זי איז די דעה־זאָגערין, וועלכע גאַרן מ'זאָל קויפן — בעסערן אָדער געמיינערן; צי דער מאַן דאַרף זיך גיין שערן, אָדער אונטערוואַרטן נאָך אַ וואָך. זי איז אויך אַ זעלטענע בריה צו מאַכן פון „גאָרנישט" אַ מיטאָג און זיך אַזוי אָנעסן, אַז באַלד נאָכן ערשטן טעלער באַלעקט זי די גראָבע שטיקלעך ליפּן און צעקרעכצט זיך מיט אַלע זיבן גלות־טענער:

— אוי ווי מיר, האָב יעך מיך אָנגעגעסן!...

נאָכן מיטאָג קומען געוויינלעך די געשרייען. מרימל וויל זיין וואָס ווייטער פון שטוב, פון טאַטע־מאַמע, זי וויל אַריינגיין אין „סינעמאָ" (יעדן סענט, וואָס זי רייסט אַרויס פון די עלטערן, וואַקסט אויס צו אַ נקמה־אַקט ביי איר). אָבער לאה וויל זי ליבערשט מיטנעמען צו טאַנט דאָראַ.

— נאַ, ווילסט געלט? פייגן וועסטו קריגן! — שרייט זי אויף דער טאָכטער — אַ מאַדמאַזעל אין דיין עלטער דאַרף קומען צווישן מענטשן, ביסטאָך שוין אַ כלה־מויד!

די ערשטע צייטן פלעגט איר די מאַמע נאָכגעבן אָן דעם טאַטנס וויסן, נאָר ווען זי האָט איינגעזען, אַז אויפן מיידל פאַלן די יאָרן בלאַסע, האָט זי מיט איר אָפטער געוואָלט באַזוכן די טאַנט דאָראַ, ווייל דאָרט זענען געווען צוויי יונגעלייטלעך — „פאַרדינערס, לאָמיר שוין האָבן אַזאַ יאָר!" — וואָס האָבן געהאַקט אַ גראָבן פראַנצויזיש און געקענט גוט טאַנצן. די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט „קוזין מאַרי" האָבן זיי געמאַכט, באַווייזנדיק זייער שטאַרקייט: געקוועטשט זיך די הענט, די פינגער און אויסגעפירט אַ באָקס־מאַטש, פון וועלכן טאַנט דאָראַ האָט באַזונדערס אָנגעקוואָלן:

— פירן זיך ווי אמתע פראַנצויזן! „פּאַ ווּרע", מאַדאַם לאהלע?

— וואָדען !... וואָדען !... מיין מיידל, זעען זי, איז נאָך נישט דרייסט, אָבער מ׳קען זיך אויף איר פאַרלאָזן — אוי, מען קען !... — און צוליב עפּעס האָט זי גענומען דערציילן אַן אַ שיעור וועגן די פעיִקייטן פון איר טאָכטער.

נאָכן באָקס־מאַטש האָבן די יונגעלייטלעך אַנגעשטעלט דעם גראַמאָ־פאָן, געלאָזט אין גאַנג אַ מאָדע־וואַלץ און איינגעלאַדן „קוזין מאַרי״ צום טאַנצן. אַזעלכע געזונטע, אויסגערוטע זענען זיי געווען, האָבן געלאַכט מיט שווערע געלעכטערס און נישט אויפגעהערט זיך איבערצווואַרפן מיט ביליקע וויצן. זייערע מענלעכע בליקן האָבן געבריט מרימלען איבערן גאַנצן לייב.

מער ווי דאָס דאָזיקע מאָל איז שוין מרימל נישט געקומען צו טאַנט דאָראַ.

— גרויסער נאַר ! — האָבן יעדן שבת אָפּגעהילכט דער מאַמעס גע־דיכטע רייד — יעך אין דיין עלטער בין שוין געשטאַנען אין שידוכים, ווייסטו פון דעם ?

שימעלע ברוסק האָט זיך נישט געמישט צו זיין טאָכטער. אויסער דער אַרבעט. געזונט איז זי ? געלט אויף אַ דאָקטער דאַרף מען נישט אַרויסוואַרפן ? — דאָס איבעריקע גייט אים נישט אָן.

שבת נאָכן עסן שפּאַרט ער זיך צו אויפן געלעגער און ביזן איינ־שלאָפן, טראַכט ער איבער דער וואָך פאַרדינסט. ער רעכנט אַזוי לאַנג, ווי ס׳וועט אויסמאַכן „רייך אָפּשפּאָרעכץ״, אַז דער מוח ווערט אים באַקלעפּט מיט נולן און ציפערן און ער שלאָפט איין.

אַרום פינף פאַר נאַכט קריכט ער אַראָפּ צום פענצטער, צו די טעפּ עסנס, וואָס לאה האָט דאָ אויסגעשטעלט, ווייל אויף דעם אָרט איז אַמקילסטן. ער גיסט אָן אַ טעלערל פּישיויך און עסט מיט ברויט. דערנאָך טוט ער אָן דעם שוואַרצן, אָפּגעבליאַקעוועטן קאַפּעליוש און גייט אַראָפּ צו משה שוויי־צער, זיינס אַ לאַנדסמאַן, אַ מאַנופאַקטור־הענדלער.

ווען שימעלע איז נאָך געווען אַ „גרינער״, האָט ער געפלעגט צו פאַרברענגען די שבת־פאַרנאַכטן אין קאַפע „לעאָן״, געשמועסט פּאָליטיק מיט בערדלדיקע יידן, דערוווּסט זיך עפּעס אַ נייעסל פון דער היים און בכלל זיך אַראָפּגערעדט פון האַרץ. דערביי האָט ער געפלעגט צוטרינקען

אַ קאַפּע־קרעם, אָדער קנאַקן ניסלעך פון קעשענע אַרויס, געקויפט ביי דער פּאַטענטירטער ניסלעך־הענדלערין „דאָס קליינע ווייבעלע״.

היינט שמעקט ער נישט מער אַריין אין קאַפּע „לעאָן״. ס'איז נישט פאַר אים! דאָס איז גיכער פאַר מענטשן אָן אַ היינט און אָן אַ מאָרגן, אַרבעטסלאָזע אימיגראַנטן דאָרט, וואָס האָבן רעדער אונטער די פיס — נאָר זיי האַלטן אין איין אַרומפאָרן. מאָדנע ברואים, כ'לעבן!...

ביי שימעלע ברוסק איז שוין פון לאַנג דאָ אַ געדאַנק צו גיין אַרבעטן פאַר זיך, מיט אייגענע שטאָפן, אַריינציען זיך אין אַ גרעסערן לאָקאַל און אַוועקזעצן „מענטשן״. דערפאַר גייט ער צו זיין לאַנדסמאַן, קומט זוכן נייע געזעלשאַפט, דורכברעכן אַ טיר צו דער וועלט. און אין איין וועגס שוין גיט ער אים אָנצוהערן, אַז ער קלייבט זיך ווערן גאָר אין גיכן זיינס אַ סטאַלער קונה...

2

מרימל האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב אַ פאַרשלאָסענע. איר פּנים איז געוואָרן מיט יעדן טאָג בלאַסער, דער האַלדז האָט זיך עטוואָס געבויגן ביים גיין, גלייך דער קאָפּ וואָלט פאַר אים געווען אַן איבערלאַסט; שטילער זענען געוואָרן אירע טריט, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט אויפצוּוועקן דעם אייגענעם קערפּער.

זי איז געזעסן אויפן ראַנד פון בעט און גענייט. דאָס מיטאָג האָט דער טאַטע אַריינגעכאַפּט ביי דער מאַשין זיצנדיק. מרימל האָט געגעסן אויף איר פּלאַץ — אויפן ראַנד פון בעט, און די מאַמע איז איבער די טעפּ געשטאַנען מיט אַ טעלער אין האַנט.

— ווייטער! ווייטער! — האָט שימעלע אונטערגעטריבן — די ווייזערס גייען נישט צוריק.

און באַלד איז געוואָרן נאָכן מיטאָג. די מאַשין האָט איינגענומען דאָס שטיבל, אַזש די שויבן האָבן אונטערגעציטערט.

טייל מאָל פלעגט די שטוב אויפכאַפּן אַ ווייטן קלאַנג פון אַ ראַדיאָ־סטאַנציע. צו מרימלס אויערן פלעגט זיך צוטוליען אַ נאָטקע פון אַ מעלאָד־

יע. אירע אויגן האָבן זיך, פאַרטראַכטע, אויפגעהויבן: די מעלאָדיע האָט זי דערמאָנט אין דער שול־לעקציע פון געזאַנג; אין דעםברייטן שול־הויף מיט די אין רייען אויסגעשטעלטע ביימער — אַזוי פיל פייגעלעך זינגען אַראָפּ פון צווישן די בלעטער. זי, מרימל, מיט נאָך עטלעכע חברטעס לויפן צו צו אַ הויף־ווינקעלע — זייערס אַן ערטעלע — איינע הייבט אונטער די אַנדערע און מען קוקט אַריבער דעם קליינעם מויערל, ווו אויף יענער זייט איז די יינגל־שול...

דעם טאַטנס קול האָט זי אַ קניפּ־געטאָן:

— וואָס האָסטו זיך שוין ווידער פאַרגאַפיעט, מיין פּרנסה־געבערין?

ווי געוויינלעך, האָט אויך די מאַמע צוגעלייגט אַ וואָרט:

— אַז כ׳ווייס אָסור נישט אין וועמען זי איז „פּאָדאָבנע“. יעך אין אירע יאָרן בין שוין פון לענגסט געוועזן אַ „סטאָלע פּאַניענקע“.

— ס׳איז דען אַ וואונדער? — איז שימעלע קיין מאָל נישט שולדיק געבליבן אַן ענטפער — צו עסן האָט עס, אַרבעט זוכן דאַרף עס נישט, צו וואָס זשע זאָל דער קאָפּ אַרבעטן? וואַקסט ער אַ גלאָמפּ.

מרימל האָט זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצושרייען. דער אַראָפּ־געשלונגענער כעס פלעגט פאַררייכערן דעם בליק פון אירע אויגן. ס׳האָט זיך איר געדוכט, אַז די שטוב ברענט, די מאַשין ברענט, די שטאָפן ברענען...

לאַנגע נעכט, ווי שוואַרצע רידלעס, האָבן אויסגעגראָבן ליימיקע טעג, אַלץ ענלעכע איינער צום אַנדערן. מרימל איז געוואַקסן, זיך געעלטערט און ס׳איז מיטגעוואַקסן דער האַס צו אַלעם, וואָס אַרום איר.

ס׳זענען אָנגעקומען נעכט, ווען זי האָט נישט געקענט צומאַכן קיין אויג. די פינצטערניש איז געלעגן אַ שווערע און דער ריח פון גאַז, פון אויסגעפּרעסטע מאַנטלען איז, ווי אַ וואַנט, געשטאַנען פאַר מרימלען. די מידקייט האָט זיך פון איר אָפּגעטאָן, פול מיט וואַכזאַמקייט איז זי געלעגן צום מינדסטן גערויש. זי פלעגט זיך פאָרשטעלן אַ חתונה־געהאַטע. איר מאַן איז אויך אַ שניידער, ער אַרבעט אויך טאָג און נאַכט, ער טענהט אויך דאָס אייגענע: „פּאַריז איז נישט אין דער היים, דאָ גייט אָן אַזאַ ווערטל — שנעל און גוט! טאָמער נישט, אַרבעט מען אָפּ ס׳גאַנצע לעבן

און האָבן האָט מען אַ קרענק״ און אין די רו־טעג האָלט ער אין איין שלאָפן פונקט ווי דער טאַטע; זי, מרימל, איז אַ מאַמע, דריי פּיצלעך קינדער וואַל־גערן זיך אַרום איר אויף דר׳ערד, ווי ביים שכן שלמה בייטלמאַכער. די קינדער שרייען, וויינען: איינס האָט זיך אונטערגענעצט, איינס וויל שלאָפן, איינס איז הונגעריק... זי האָט זיך פאַרגראָבן אונטער דער קאָלדרע און איינגעשלאָפן מיט אַ האַרטן שלאָף.

ווען זי פלעגט איצט טרעפן חיימען אויף די טרעפּ, האָט זי ליב געהאַט אים איבערצופרעגן וועגן פאַרשידענע קליינינקייטן, אַזעלכע קליי־ניקייטן, וואָס פאַראינטערעסירן נאָר דעמאָלט, ווען מ׳פילט יענעם מענטשן פאַר באַזונדערס נאָענט.

ביי דער אַרבעט פלעגט זי קוקן צו דער טיר, אויב ער קומט נישט אַריין. זי האָט געהאַט אַ פאַרלאַנג אים צו זען, הערן אים רעדן און אין האַרצן געוואָלט, ער זאָל יעדן טאָג אַריינקומען, ער זאָל אַ סך אָנשרייען אויפן טאַטן, אויף דער מאַמען...

*

אָפט מאָל, ווען מרימל גייט אָפּטראָגן די אַרבעט, פאַלט אויס די מיטאָג־שעה. די שטאָט ווערט איבערגעשניטן פון אַלע זייטן דורך סי־רענע־פייפן. דער טאָג לויפט אַרום, קלינגט, הוזשעט, אַ טראָמביע פון אַ לאַסט־אויטאָ פאַרפלאָנטערט זיך מיטן הירזשען פון אַ פערד, רייסן זיך ביידע אַרום, שרייען איבער איינס ס׳אַנדערע, ביז אַ פּאָליציי־פייפל מישט זיך אַריין און שטעלט ביידן אָפּ. מחנות אַרבעטער, מענער און פרויען, יינגלעך און מיידלעך, לויפן מיט נאָך הייסע מאַשין־באַוועגונגען אין די גלידער, איבעריאָגן איינער דעם אַנדערן. מרימל ווערט מיטגע־שווענקט. אירע טריט גלייכן זיך אויס מיט זייערע האַסטיקע טריט. אָט דערזעט זי אַ פרייען דורכגאַנג — גיט זי זיך אַ וויג־אַדורך... זי אַרבעט אין אַ גרויסער פאַבריק... ביי נאַכט קומט זי אין קלוב אַריין אויף פאַר־זאַמלונגען... זי לייענט ביכער פון דער ביבליאָטעק... יאָ, זי האָט שוין אַ סך געהערט וועגן די אַלע זאַכן: חיים דערציילט עס איר.

אַ לענגערע צייט פלעגט זי זיך פאַרלירן אין די גאַסן. זי האָט זיך אָפּגעשטעלט באַטראַכטן יעדעס שפּילצייג־געשעפט.

וואָס לענגער זי איז געשטאַנען ביי די שויפענצטער, גרעסער איז געוואָרן איר פאַרגעניגן, אַז דער טאַטע וועט זיך בייזערן, וואָס עס דויערט אַזוי לאַנג; און די אַרבעט־אַרויסגעבער וועלן אויך שרייען, אַז מ׳ברענגט זיי קיין מאָל נישט אָפּ די מאַנטלען צו דער באַשטימטער צייט... און אפשר זאָל מען זי איבערפאָרן, אַריבערגייענדיק דעם ברוק? די סחורה זאָל צעפליקט ווערן אויף פיצפּיצלעך און איר אַליין זאָל מען דאַרפן אָפּ־פירן אין שפּיטאָל אַריין אויף חדשים... די מאַמע זאָל קומען יעדן טאָג מיט אַ פרישׁ געוויין... דער טאַטע וועט קומען און פטרן צייט... און אפשר איז גאָר בעסער זי זאָל אומקומען צוזאַמען מיט די מאַנטלען?...

*

דער דראַנג צו זיין וואָס ווייטער פון דער שטוב האָט מרימלען — אין די אָפּרו־טעג — אָממערסטן געצויגן צום ביטשאָמאָן־פּאַרק, וואָס איז געלעגן אין אַ זייט פון בעלוויל.

די זאַפטיקע גרינקייט פון די ביימער, דער לויטערער בלוי פון הימל, האָבן אין אירע אויסגעוואַרעמטע באַגערן געמאַכט ציטערן אָן אומרו.

זי פלעגט זיך אַוועקזעצן אויף שעהען־לאַנג לעבן סטאַוו, אונטער דער הענג־בריק, און אויסטונקען אירע בליקן אין דעם מילך־גרינעם וואַסערל, ווו ס׳האָבן זיך געגליטשט אין איין באַוועגונג פּאָרלעך שוואַנען. און שפּעטער, ווען די נאַכט האָט שוין געצערטלט די גרעזער, איז נאָך מרימל לאַנג געבליבן זיצן, ווי זי וואָלט געוואַרט אויף עפּעס.

טייל מאָל האָט זי אַוועקגעוואַנדערט איבער די גאַסן און בולוואַרן. דער משוגענער רעש פון אַרום האָט נישט עקזיסטירט פאַר איר. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ בריק איבער דער סען און געקוקט אָן אויפהער אין פּיאָלעט־גרינעם וואַסער אַריין. ערגעץ ווייט, צופוסנס דעם אייפל־טורעם, האָט זיך די זון אַראָפּגעלאָזט אין אַ פייערדיקן שפּיל, צעוואָרפן אירע קופערנע האָר, געררייצט פּאַריז מיט איר פּורפּור־נאַקעטן לייב און

מיט די הייסע, דורשטיק־צעוויגטע ליפּן... די כוואַליעלעך האָבן זיך גע־שפּילט מיט אירע האָר און געקושט איר לייב און פאַרגאַרט זי אין גאַנצן צו זיך אַראָפּ, אין זייער טייך־בעט אַריין... און מרימלען פלעגט אויפן זינען קומען חיים. ער האָט אַזעלכע שוואַרצע, געקרייזלטע האָר... די קרייזלען זענען ענלעך צו אָט די כוואַליעלעך פון דער סען... און זיין קול איז אַזוי ליבלעך... ער האָט אַזעלכע טונקעלע אויגן, וואָס זענען ענלעך צו אָט דעם טייך...

ס׳איז פאַרבייגעשוווּמען אַ דאַמפּער מיט מוזיק, יינגלשע קולות האָבן געטאַנצט מיט מיידלישׂ געלעכטער... מרימלען איז אַ היץ באַפאַלן, זי האָט זיך גיך גענומען דערווייטערן. די באַלעבטע גאַסן, די רוישיק־באַלויכטענע און רוישיק־צעשפּילטע, האָבן נישט געקענט אויפבינדן דעם קנופּ טרערן, וואָס האָט זי געוואָרגן.

דערנאָך, אויפן געלעגער, האָט זי מיט די הענט געצערטלט דאָס אייגענע לייב.

*

איין מאָל, נאָך עטלעכע טעג פון נישט זען חיימען, איז מרימל גע־בליבן שטיין הינטער זיין טיר. ס׳איז פּלוצעם געוואָרן אַזוי שטיל אין גאַנצן האָטעל, אַז זי האָט דייטלעך געהערט דאָס האַסטיקע קלאַפּן פון איר האַרץ.

ווען זי איז אַריין אין צימער, איז דאָס ערשטע, וואָס האָט אַ פלאַם געטאָן פאַר אירע אויגן — געווען אַ געשטאַלט פון אַ זיצנדיקער פרוי. מרימלס אַלע חושים זענען פאַרפולט געוואָרן מיט אָט דער געשטאַלט; זי האָט נישט געקענט מאַכן אַ טריט ווייטער פון דער טיר.

— קומט צו נענטער, שעמט זיך נישט! — האָט אַ באַקאַנט קול, אַן אויסגעוואַרעמטס, זי אָנגענומען ווי מיט אַ האַנט און צוגעפירט צום בעטל — זייט באַקאַנט מיט מיינער אַ גוטער חברטע.

מרימל האָט זיך דערפילט נאָך קלענער אַקעגן דער פרעמדער, וואָס איז געווען העכער פאַר איר, אַ פולע, מיט אַ קורץ־אונטערגעשוירענעם

קאָפּ שוואַרצע האָר, גלאַטיק־צוגעקעמטע; די ווייסע פּיקענע בלוזקע אירע, מיט די לאַנגע, געפּאַסטע אַרבל מיט דער באָרדאָ־בינדע, האָט רייפער געמאַכט איר ווייבלעכקייט.

ס'איז מרימלען מיט אַ מאָל ענג געוואָרן אין דעם צימער. איר צונג האָט זיך געפּלאָנטערט: דאָס האָט זי פאַרשטאַנען, אַז ער איז אַוודאי נישט געזונט; אַז אייגנטלעך האָט זי אים בלויז געוואָלט פרעגן, צי ער נייטיקט זיך אין עפּעס?

זי האָט גערעדט צעצויגן, כמעט זילבנווייז, און אַז אירע אויגן האָבן זיך אויפגעהויבן, איז עס געווען אַ בליק צו וואַרפן צו דער פרעמדער... יענע האָט זיך ווידער געזעצט אויף איר אָרט, לעבן בעט, און געקוקט אין אַ ביכל אַריין.

— חיים, מיר וועלן שוין נישט מער לייענען, ווי? — האָט זי געפרעגט, ווען מרימל איז אַנטשוויגן געוואָרן. איר קול איז געווען אַ קלינגענדיקס, מיט אַ פאַרשטעקט לאַכעלע, האָט געגלעט, אָבער אין מרימלס אויערן האָט זיך עס אַריינגעריסן מיט אַ געבייזער און געשטאָכן...

מרימל האָט געהאַט ליגן אין קעשענע פון איר בלוזקע אַ קלעצעלע פּאָדעם מיט אַ נאָדל פאַר חיימען. די קנעפּ פון זיין מאַרינאַרקע זענען שטענדיק גרייט אַראָפּצופאַלן... אַנומלט האָט זי ביי אים געזען אַ ריס אונטערן אָרעם... און וואָס גייט דען איר איצט אָן אַפילו זיין צימער? זי האָט זיך געגרייט אַריינצוכאַפּן אין אַ פרימאָרגן די שויבן אויספּוצן, די פּאָדלאָגע איבערצווואַשן מיט וואַרעם זייף־וואַסער...

זי הערט נישט, וואָס חיים רעדט צו איר. און מיט אַ מאָל געפינט זי אַן אויסרייד. זי פאַרמאַכט גיך די טיר הינטער זיך און לאָזט זיך לויפן די טרעפּ אַראָפּ, פאַלט אַריין אין שטוב, שטעלט־אויף איר פעלדבעטל (דער טאַטע איז שוין געשלאָפן, די מאַמע איז ערגעץ געווען ביי אַ שכנה), און אַז זי איז שוין איבערגעדעקט מיט דער קאָלדרע ביז איבערן קאָפּ, ברעכט זי אַרויס אין אַ שטיל, העשענדיק געוויין...

*

דעם גאַנצן מאָרגנדיקן טאָג האָט מרימל געליטן פון אַ קאָפּ־ווייטיק. די באַקן האָבן איר געהיצט. די שווער־געוואָרענע אויגן־הייטלעך האָבן אַלע ווײַלע פאַרשפּאַרט דעם וועג פאַרן בליק.

— קוק עס נאָר אָן! — האָט שימעלע ברוסק איבערגעשריגן די מאַשין — אַרבעטערינע מײַנע!...

מרימל האָט, ווי שטענדיק, אָפּגעשוויגן.

ביים מיטאָג האָט זי פאַרזוכט אַ לעפל עסן און אַוועקגערוקט פון זיך דעם טעלער.

— ביסט מיר שוין אפשר, צו אַלע גליקן, נישט געזונט אויך? — איז די מאַמע צוגעלאָפן און גענומען טאַפּן איר דעם קאָפּ.

שימעלע, דאָס מויל פאַרפּאַקט מיט ברויט, האָט אויסגעדרייט אַ שטיק באַק מיט אַ צוזאַמענגעצויגן אייגל. און אַז ער האָט דערזען דעם ווייב איינגעצן אַ האַנטעך אין קאַלטן וואַסער און צוטראָגן עס צו דער טאָכטערס קאָפּ, האָט ער אויף גיך גענומען קייען דאָס ברויט, נישט געקענט אויס־וואַרטן, ביז אַלץ וועט אַראָפּגעשלונגען ווערן און מיטגעקייעט עטלעכע ווערטער:

— מאַך איר נאָר נישט פאַר חולהוואַטע!

— נישטאָ אַ געזינטערע זאַך, ווי אַ קאַלטער קאָמפּרעס — האָט זי געענטפערט דעם מאַן און דערמיט אויך איינגענומען דאָס מיידל, וואָס האָט דעם קאָפּ אָפּגעקערט.

שפּעטער, ווען אַלע האָבן שוין צוריק געאַרבעט, האָט די מאַמע, אויף שטום־לשון, פון מאָל צו מאָל, אַ פרעג־געטאָן דער טאָכטער: צי ס'ווערט איר בעסער? מרימלען, פאַרקערט, האָט זיך געדוכט, ווי אַ פייער וואָלט זי אַרומגענומען... פאַר אירע אויגן האָבן זיך געדרייט משונהדיקע פאַרבן... זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז אַלץ זינקט מיט איר אין אומגעהויערע טיפענישן...

*

— שימע! גיב נאָר אַ קוק! — איז די מאַמע אויפגעשפּרונגען און אַ לאָז געטאָן זיך צו מרימלס בעט.

שימעלע ברוסק כאַפּט זיך אויף.

— האַ! וואָס... וואָס איז דאָרט ?...

פּאַר זיינע אויגן שאָטנט זיך עפּעס שווערס, עפּעס פינצטערס. און ווען די טיר גיט זיך אַ פּאַרהאַק, לויפט ער איר נאָך.

— אַהער! אַהער קום, זאָג איך!... — לאָזט ער זיך נאָך איר אויף די טרעפּ, אין די אונטערוועש.

מרימל פילט שוין אויף זיך זיינס אַ האַנט... אָבער זי גיט אים אַזאַ שטויס צוריק, אַז ער ציט זיך אויס אין זיין גאַנצער לענג... און זי לויפט איבער די גאַסן, פאַרפּלאָנטערט זיך אין ווייטע, אומבאַקאַנטע קוואַרטאַלן... דער פרימאָרגן נעמט זי אַרום מיט סירענע־פייפן... מרימל זעצט זיך אַוועק אויף אַ בולוואַר־באַנק, אָפּצוכאַפּן דעם אָטעם. אַרום איר וויגן זיך פאַרביי פאָרן הענט, פאָרן פּיס; איבער איר שווענקט דער הימל פון זיך אָפּ די איבער נאַכט ברודיק־געוואָרענע וואָלקנדלעך און די זון צעקעמט שוין אירע לאָקן... עפּעס אַן אַלט ניגונדל, נאָך פון די ערשטע שול־יאָרן, קושט אירע ליפּן...

זי האָט ווידער גענומען גיין, זי האָט געוואָלט זיין וואָס ווייטער, וואָס ווייטער...

# פ אָ ל

אסתרן — אַ מתּנה

1

פּאָל, אַ נייניעריקער, האָט אַן אַלטן בליק אין די אויגן, נישט־קינדישע, שפּיציק אָנגעברוגזטע ליפּן און אויסגעצויגענע בלאַסע בעקלעך.

די מאַמע זאָגט ביי יעדער געלעגנהייט:

— אַזאַ גרויסער יונג, ווי דו!...

פּאָלס מאַמע האַנדלט מיט געבעקס, וואָס זי צעטראָגט איבער יידישע עמיגראַנטן־וואַרשטאַטלעך אין דער פרי און פאַרנאַכטלעך. מיטאָג־צייט כאַפּט זי זיך אַריין אין אַ שפּייז־געוועלבל אויפן בעלוויל און איר פאַרשעמט קול שאַרט זיך אַריין צווישן קונים־געטומל: „אַ פרישינק בייגעלע? אַ שטיקעלע קעזקיכל?"

דעריבער, ווי פרי פּאָל כאַפּט זיך נישט אויף, טרעפט ער שוין נישט דער מאַמען.

מיט אַ סך, אַ סך טעג צוריק, איידער זי האָט אָנגעהויבן האַנדלען מיט די „גוטע זאַכן", האָט זי אים געפּלעגט אויפוועקן מיט אַ קוש אין די אויגן, און ווען זי האָט אים דערלאַנגט דאָס גלאָז קאַווע, איז פון אויבן שטענדיק אַרומגעשווומען אַ „פּעלץ". היינט איז גאָר אַנדערש: דער טאַטע גייט נישט מער צו דער אַרבעט, און כמעט יעדן פרימאָרגן לויפט־אויס די קאַווע אויפן גאַז, דער גאַנצער „פּעלץ" גייט פאַרלוירן... אַז דער טאַטע האַלט שטענדיק אין מיטן רוימען, איז דען אַ וווּנדער? אָבער אונטערצויאָגן פּאָלן — דאָס פאַרגעסט ער נישט! אַלע פּאָר מינוט וואַרפט ער אַ בליק צום זייגער און צום זון:

— וועסט פאַרשפּעטיקן, זאָג איך!

און ווען דער קליינער האָלט שוין די שול־טעקע אונטערן אָרעם:

— וואַלגער זיך נישט אַרום אין די גאַסן!

דאָך האָט פאָל ליב דעם טאַטן. ער האָט ליב צו קוקן אויף זיינע שווערע באַהאָרטע הענט מיט די גראָבע אָדערן; ער האָט ליב צו באַרירן מיט זיין גלאַטיק געזיכטל דעם טאַטנס האַרט פנים און פאַרקנייטשן בשעת־מעשה די בלאָסע ליפלעך אויף אַ וויטיקלעך שמייכעלע:

— איי... עס שטעכט...

מיט פאַרגעניגן באַטראַכט ער דעם טאַטן, ווי זיינס אַ קינד:

— זאָג, פאַפאַ, אַוווּ טוט דיר וויי?

דעם טאַטנס אָרעם הילן איין דעם זונס קעפל:

— ווער האָט דיר דאָס געזאָגט, אַז כ׳בין קראַנק?...

— פאַר וואָס זשע אַרבעט נישט דער פאַפאַ?

— אַמאָל, אַז כ׳האָב נישט געאַרבעט, בין איך טאַקע נישט געזונט געווען, נאָר היינט...

דעם טאַטנס קול איז ווי אָנגעזאַפּט מיט שטויב, קריכט שווער, ווי ס׳וואָלט זיך באַקלאָגט.

פאָלן איז זייער שווער צו פאַרשטיין די רייד און אַ טרויער נעמט אים אַרום אויפן טאַטן.

— פאַפאַ, ווען וועל איך שוין זיין אַ גרויסער?

זיין גלאַט געזיכטל טוליעט ער צום טאַטנס האַרטן פנים, און אַזוי ווי דער טאַטע, שווייגט ער לאַנג, שווייגט ער ערנסט.

*

פאַר נאַכט, ווען פאָל פאַרטיקט זיך אָפּ מיט די לעקציעס, לויפט ער אַקעגן דער מאַמען. אין גאַס שטעלט ער זיך נישט אָפּ מיט קיינעם פון זיינע חברים, צו מאָל אַ רייך־באַלויכטן שויפענצטער מיט שפּילצייג ליגט אים דעמאָלט נישט אין זינען.

די מאַמע שטייט, ווי געוויינלעך, פאַר אַ יידישער קאַפע, מיט עטלעכע איבערגעבליבענע געבעקסן אין קיישל. שוין פון דער וויטנס זעט פאָל,

ווי זי שטופּט איר סחורה יעדן פֿאַרבייגייער, נאָר קיינער האָט נישט קיין צייט. זיי לויפֿן, לאַכן, שמועסן איינער מיטן אַנדערן, קוקן אויף פֿאָטאָ־גראַפֿיעס אין צייטונגען. פֿאָלן דאַכט זיך אויס צו הערן זיין מאַמעס בעטנדיק קול. ס׳באַפֿאַלט אים אַ כעס צו די אַלע גלייכגילטיקע דורכגייערס. מיט איין שפּרונג האַלט ער שוין דאָס קישל מיטן געבעקס.

— קום אַהיים, מאַמאַ, ביסט מיד!

ביים אָנבליק פֿון קינד פֿאַרשווינדט איר מידקייט. ער איז דער אויס־לייזער פֿון איר פֿאַרביטערונג; די האַרטע קאַנטן פֿון איר פּנים ווערן פֿאַרווייכט פֿון מאַמע־פֿרייד. זי הילט אים איין אין אירע אָרעמס, ווי אין שאַלן.

— ני... קלייב דיר עפּעס אויס פֿון קישל. האָסט עס, דאַכט זיך, נישט פֿיינט?...

אָבער אַציַנד טראַכט פֿאָל וועגן די נייע הייזלעך, וואָס מ׳האָט אים צוגעזאָגט אויפֿן פֿרילינג. אַ קיכל באַדייט אַ פֿראַנק — און אַ פֿראַנק איז דאָך אַ שאָד! און ער זאָגט:

— קום שוין אַהיים, מאַ!

— און דאָס? — ווייזט זי אויפֿן איבערגעבליבענעם געבעקס — מאָרגן ׳עלעך עס דאַרפֿן פֿאַרקויפֿן פֿאַר העלפֿט געלט.

— טאָ גיי דערווייל צוגרייטן ס׳עסן, מאַמע, און רו זיך אָפּ די פֿיס...

און פֿאָל גייט פֿון קאַפֿע צו קאַפֿע, שטעלט זיך אַוועק פֿאַר די דאָמינאָ־און בילאַרד־שפּילער, פֿאַרשטעקט זיך צווישן די מענטשן־רעדלעך — זיינע בלאַסע בעקלעך נעמען אויס, יידן קויפֿן מער אויס רחמנות, איידער צוליב אַ קיי.

גיך יאָגן זיינע פֿיסלעך אַהיים. איין האַנט טראָגט דאָס ליידיקע קישל, איין האַנט ליגט אין דער קעשענקע, ווו די מטבעות קוועלן אַרום. זיין האַרץ פּויקט צו, פּויקט צו... און די אָנגעצונדענע לאַמטערנס איילן פֿאָרויס: „מאַכטס אַ וועג! מאַכטס אַ וועג!"

פֿאָל ווערט אַמשפּעטסטן אַנטשלאָפֿן. אין דער געדיכטער פֿינצטער־ניש פֿון שטיבל גראָבט זיך דער מאַמעס פֿאַרמאַטערטער אָטעם. אויף זיין געלעגער באַוועגט זיך דער טאַטע אָן אַן אויפֿהער: פֿריִער, ביים טיש, האָט

ער אויפגעוויקלט אַ פּלאַן — אָפּקויפן אַן איבערגענוצטע מאַשין, וועט ער פּרובירן אַהיימנעמען עפּעס געניייעכץ. נו, און אויסלערנען זיך אומצוגיין מיט דער מאַשין? — דאָס זאָל שוין זיין זיין לעצטע זאָרג!

פּאָלס געדאַנק איז אויך מיט עפּעס פאַרנומען: קאָן דאָך דער פּאַפּאַ פאָרן אין אַן אַנדער לאַנד אַריין, ווו ס'איז דאָ אַרבעט פאַר אַלע מענטשן גלייך...

*

די שול־חברים האָבן אַ צונאָמען פאַר פּאָלן: „פּיפּי" — קליינטשיק מיידעלע. זיי רופן אים אַזוי, ווייל כמעט קיין מאָל שפּילט ער זיך נישט מיט זיי, און דעם דאָנערשטיק־טאָג, ווען מ'איז פריי פון שול, און קינדער גייען געוויינטלעך אין קינאָ אַריין — טרעפט מען זיך אויך נישט.

— באָן זשור, פּיפּי! — באַגעגנט מען אים, ווען ער באַווייזט זיך אויפן שולהויף.

פּאָל שעמט זיך מיט דעם צונאָמען. ס'טוט אים וויי... גרויסט ער זיך אין די חברימס אויגן:

— נאָך אַ פּאָר מאָנאַטן און כ'וועל פאַרלאָזן דעם „עקאָל" (שולע), כ'וועל גיין אַרבעטן אין א פאַבריק! אַלע וואָך וועל איך אַהיימברענגען געלט...

— און דיין פּאַפּאַ, וואָס טוט? — פרעגט מען אים שוין זייער ערנסט.

— ער איז אַרבעטסלאָז.

— פאַר וואָס?

— ווייל... ווייל ר'איז אַן אויסלענדער...

— האָט ער שוין איין מאָל מזל! — שפּרינגט ווער פון די קינדער אַרויס — וועט ער דאָך נישט באַדאַרפן גיין אין קריג אַריין!

— דו — אויך נישט, הע, פּאָל?

דער קרייז אַרום פּאָלן ווערט ענגער. אויגן — ערנסטע, וואָס באַדויערן, פילן מיט, הענגען זיך אָן אויף אים.

— אָבער מיר — פּלאַצט אויף אַ געשריי פון צופיל פרייד — מיר

וועלן אַלע ווי איינער גיין שלאָגן דעם „באָש“ (אַ זידל־וואָרט אויף דייטשן).

— איכ׳ל זיין אַן אַוויאַטער!

— און איך וועל מאַכן אַזעלכע גאַזן!

— פּאָל, דו וועסט נישט גיין פאַרטיידיקן דיין פאָטערלאַנד?

אַ צעמישטער שטייט פּאָל צווישן די אַלע העלדן. ער קען זיך בלויז באַרימען מיט איינס: „כ׳וועל גיין אַרבעטן אין אַ פאַבריק!“

און ווען ער קומט אַהיים, פרעגט ער:

— פּאַפּאַ, וועלכעס איז מיין פאָטערלאַנד?

די פּלוצעמדיקייט פון דער פראַגע צעטומלט דעם פאָטער. מאָדנע, ער, דער עטלעכע און דרייסיק־יעריקער האָט זיך נאָך קיין מאָל נישט פאַרטראַכט וועגן דעם. אינעם לאַנד, וווּ זיינע עלטער־עלטערן זענען געבוירן געוואָרן און וווּ ער אַליין איז געוואַקסן, האָט מען אים געהאַלטן פאַר אַ פרעמדן, אָנגעיאָגט אויף אים כלערליי געזעצן, אים געטריבן מיט פּאָגראָמען... איז ער געלאָפן איבער גרענעצן, אויפצוזוכן אַ ווינקעלע „היים“. ער קען פונקט אַזוי לויפן קיין אַמעריקע, אַרגענטינע, צי גאָר קיין אויסטראַליע...

פון טאַטן קריגט פּאָל נישט קיין ענטפער. קומט ער צו דער מאַמען.

די מאַמע איז פאַרטאָן אין קעכל, זי גרייט צו דעם מיטאָג אויף מאָרגן.

— האָסט שוין נישט, זע איך, אין וואָס אַריינצוקלערן, ווי׳סט שוין אפשר נעמען אַ ביקס און אויסשיסן די וועלט?... גרויסער יונג! נעם ליבערשט די באַרשט און קער אויס.

אין שולע דערפילט פּאָל די מחיצה צווישן אים און זיינע חברימלעך אויף שריט און טריט. טייל מאָל, ביים שפּילן זיך, פאַרלירט ער אַ וואָרט אין יידיש.

— וואָס? — ווערט אַ געלעכטער — וואָס איז דאָס — כינעזיש?

און שפּילן שפּילט ער זיך אויך אַנדערש ווי זיי: אומגעלומפּערט אין די באַוועגונגען, ס׳קול — אַלט, פאַרהויכט, דאָס געלעכטער איז ווי געמאַכט, כדי נישט אָפּצושטיין פון די אַנדערע, לאַכט ער.

— בלייבסט ?... — לייגט מען אים פאַר מיט אַ סך אָנצוהערענישן אויף קונדסערייען, אַרויסגייענדיק פון שול.

אָבער דער טאַטע האָט דאָך אָנגעזאָגט: „וואַלגער זיך נישט אַרום אין די גאַסן!" און פאָל ווייסט, אַז שיך דאַרף מען שוינען.

און אין דער היים וואַרט דאָך אויף אים אַרבעט: די קאַרטאָפל אָפּשיילן — דער טאַטע שיילט צו גראָב! און אונטערהייצן דאָס קעכל, וואָרעם דער טאַטע מוז האָבן שטיקלעך קין אויף צו מאַכן פייער. פאָל קען איינהייצן מיט צוויי ברעקלעך האָלץ־קויל — און ס׳פלאַקערט!

*

פאָל האָט פיינט דעם ווינטער. נאָר עס רעגנט! דעם טאַטן טוען די פיס וויי און עס שטעכט אים אין די זייטן. פון איר האַנדל קומט אַהיים די מאַמע אַ דורכגענעצטע. זי הוסט אַ סך, און וואָך ביי וואָך שטעלט איר באַנקעס די יידישע שכנה. גלייך ווי זי קומט אַהיים, די מאַמע, צעלייגט זי דאָס אָנגעטועכץ אויף אַ בענקל און פאַרקריכט אין בעט אַריין. ווו מ׳זאָל איר נישט אָנרירן, טוט איר וויי. אין האַנדל גייט עס נישט — קאָנקורענטן האָבן זיך געיאָוועט פון אַלע זייטן, געקומען צו לויפן פון היטלער־לאַנד... די כוחות קאַפּיען אויס, און איידער אַזאַ פינצטער לעבן...

אירע שטילע קרעכצן ווערגן דעם טאַטן. ס׳איז אים אַ חרפּה, וואָס ער, דער מאַן, איז געפאַלן צו לאַסט זיין פרוי.

פאָל קען זיך נישט קיין אָרט געפינען. די שטילקייט, די אָנגעצויגענע שטילקייט מאַטערט אים. ס׳ווילט זיך אים שטאַרק אַרויסוויינען, וויינען פאַרן טאַטן, פאַר דער מאַמען, וויינען פאַר זיין אייגענער אומבאַהאָלפנקייט, אָבער ער שעמט זיך.

די מאַמע רופט דאָך אים נישט אַנדערש, ווי: „גרויסער יונג!"

*

דערפאַר האָט פאָל אַזוי ליב דעם זונטיק. אין דעם טאָג איז ער שוין אויף זיכער אַ „גרויסער".

די מאַמע רוט אין בעט פון דער וואָך אַרבעט, בלויז דעם מיטאָג צוגרייטן כאַפּט זי זיך אַראָפּ.

אויך דער טאַטע נוצט אויס דעם טאָג און בעט דעם שכן, ער זאָל אים גוט איינרייבן די פּלייצעס.

איינער אַליין דרייט זיך פּאָל אַרום איבער דער שטוב, היט אָפּ ס׳פּייער אין אייוועלע, קאָכט אויף טיי, און ווען ער גייט אָנצאַפּן אַ ביסל וואַסער צום קראַן אויף די טרעפּ, געדענקט ער אָנצוטאָן דאָס וואָלענע שאַליקל.

קווענקלט די מאַמע פון זינדעלע — איר גאַנץ פאַרמעגן — און הילט אים איין אין אירע וואַרעמע אָרעמס. דער מאַמעשיס קושן זענען זיס — פּאָל פאַרמאַכט די אויגן און גיט זיך אונטער אירע צערטלערייען: אַ וועלט שווימט אים אַנטקעגן אויף אַ זילבערן שיפעלע, באַהאַנגען מיט מיליאָנען־מיליאָסן פייערלעך פון אַלע קאָלירן. דער מאַמעס קושן זענען טראָפּנס האָניק אויף זיינע שפּיציק־אָנגעברוגזטע ליפּלעך. אַזוי קליין ווערט ער אין אירע אָרעמס, ווי אַ ניי־געבוירענער...

— מאַ, דערציילסט מיר קיין מאָל נישט קיין מעשהלע — מאָנט ער — מאַ, דערצייל...

זי וואַכט אויף: אַ הימל אָנגעשוואָלן מיט וואַסער קוקט אַריין... זי וואָלט געדאַרפט קויפן אַ פאַראַסאָל... אין דער לינקער זייט פּלייצע שטעכט איר מער ווי אין דער רעכטער... ווי ער זעט שוין אויס, דער מאַן!... און דער קליינער יונג, אַ קלאָג איז צו נ׳איר קאָפּ!

זי האָט דערהערט:

— מאַ, דערציילסט מיר קיין מאָל נישט קיין מעשהלע!

— אוי, טייער קינד, לאָמיך כאַפּן אַ דזשים... מאָרגן איז שוין ווידער מאָנטיק...

איבער דער שטוב ליגט שוין אויסגעשפּרייט אַ גראָע שטילקייט. דאָס אָנגעוויינטיקטע אָטעמען פון טאַטן, דאָס פאַרמאַטערטע אָטעמען פון דער מאַמען טרעפן זיך צונויף, בלייבן ערגעץ זיצן אין דער לופטן, ווי טענות צו דער וועלט...

פּאָל קריכט אַריין אין טאַטנס שיך, אין די לאַנגע הויזן, פאַרוואַרפט

דעם טאַטנס בינדע אַרום זיין דאַר, נאַקעט העלדזל, טוט אָן דעם טאַטנס קאַפּעליוש אויפֿן שטעקן פֿון דער באַרשט און פֿאַרנייגט זיך פֿאַר אים:

— באָן זשור, מסיע! כ׳בין אַ „שאָמער״ (אַרבעטסלאָזער), איך האָב אַ פֿרוי מיט אַ קינד... צי האָט איר נישט פֿאַר מיר אַ פּאָסטן? כ׳בין זייער אַ גוטער פּאַכמאַן, איר וועט זען...

דאָ מאַכט פּאָל נאָך דאָס שווערע קול פֿון סטרוזש:

— ווער זענט איר? — פֿרעגט דער באַרשט־שטעקן — אַן אויסלענדער? איז האָב איך נישט פֿאַר אייך קיין אַרבעט!

פּאָל, בעטנדיק:

— אָבער איך מוז דאָך עסן! אַנישט קען איך דאָך שטאַרבן.

דער באַרשט־שטעקן, שטרענג:

— גיי דיר אין דיין לאַנד אַריין!

— אָבער אין מיין לאַנד האָב איך דאָך אויך נישט קיין אַרבעט.

דער באַרשט־שטעקן, מיט אַ געשריי:

— גייסט אַוועק? אַנישט רוף איך אַ פּאָליציאַנט!

פּאָל פֿאַרבײַלט די הענטלעך, זיינע אייגעלעך כעסן זיך אָן.

— דו, הונט מיט אויערן, נאַ! — שליידערט ער אים אַ שוך.

אין בעט וועקט זיך דער טאַטע:

— ווער איז דאָרט?

— גאָרנישט, פּאַפּאַ, איך בין עס...

*

נאָכן מיטאָג קומען געוויינלעך צו גיין די איינציק־נאָענטע לאַנדסלייט: מסיע טוביה מיט זיין ווייבל.

פּאָל האָט ליב מסיע טוביהן און מסיע טוביה האָט ליב פּאָלן: ער הייבט אים אויף ביזן סופיט, לאָזט אים אַראָפּ אויף זיינע אַקסלען און זינגט אונטער:

— אַ שעפּסעלע, אַ שעפּסעלע צו פֿאַרקויפֿן.

ער מיאַוטשעט, ער בילט, קריכט אויף אַלע פֿיר און זייער ביידנס

געלעכטער שפּרינגט איבער דער שטוב, ווי באַלעמלעך, שטעקט אַלעמען אָן מיט אַ הייטערקייט. ביז ריוועלע, וועלכע לאַכט קיין מאָל נישט — אירע קראַנקהאַפט־פאַרשנירטע ליפּן קנייטשן אויס אַ קוים־קוים שמייכעלע — רופט זיך אָן:

— טוביהלע, ׳עסט שוין האָבן געגוג זיך נאַריש געמאַכט!

דעם מאַנס שטיפעריש אָנגעבלאָזענע טשופּרינע, זיין ברייט פּנים, וואָס קוועלט מיט טאַטע־פרייד (צום פרעמדן קינד!) מאַכט בלוטיקן איר עקרה־ווונד...

דעמאָלט גייט מסיע טוביה צוריק אַריין אין זיינע פערציק אומע־טיקע יאָרן.

די לאַנדסלייט טרינקען אויס צו עטלעכע גלעזער טיי, מ׳טוישט זיך אויס מיט נייעסן פון דער „היים״; וועגן באַקאַנטע, וואָס ווילן קומען צו פאָרן; וועגן קרובים, וואָס האָבן זיך איינגערעדט, אַז מ׳שאַרט דאָ גאָלד אין די גאַסן.

דער טאַטע נעמט אַראָפּ פון שענקל דעם גראַמאָפאָן, שטעלט אָן אַן אַלט לידל, וואָס צינדט אָן אין די מענטשן אַ בענקשאַפט נאָך די וויטע היימישע ערדן, ווו זייער וויגעלע איז געשטאַנען.

פון יענער זייט פענצטער שווייגן די בעלווילער געסלעך נאָך דער וואָכעדיקער האָרעוואַניע. אין שטוב ליגט אויסגעשפּרייט די זונטיק־רו און האָרכט זיך איין, וואָס די מענער דערציילן פון די צייטן, ווען זיי זענען געווען אויף דער לער און געפלעגט אַריינכאַפּן פעטש, ווייל ס׳האָט זיך זיי פאַר־גלוסט איינצושפּאַנען צוויי פליגן אין איין שטרוי. די פרויען, ווידער, זענען שוין ביי צוועלף יאָר געווען „מאַמעס״ מיט אַלע פּיטשעווקעס: געניאַנטשעט דעם מייסטערס פיר־פינף קינדערלעך, געקאָכט סאַגאַנעס עסן און געוואַשן פּאָדלאָגעס.

ביסלעכווייז שאַרט זיך דער זונטיק אַרויס פון שטיבל, און די נאַכט, אַ וואָכעדיק־שווערע, דעקט צו די מענטשן, ווי מיט אַן ערדענער שטאַרץ.

— טיען! — הייבט זיך מיט אַ מאָל אויף מסיע טוביה — מ׳דאַרף דאָך שוין ווייטער לויפן צו דער „מוליאַרקע״!

נאָך זייער אַוועקגיין ווערט פּוסט און קאַלט. די מאַמע שלאָפט איין.

דער טאַטע בלייבט זיצן אין דער פֿינצטער לעבן איזועלע, אין וועלכן ס׳טליען נאָך די לעצטע פֿיצלעך קויל. אַ שוואַכער, רויטלעכער אָפּשיין וואַרעמט זיך אויף זיין שויס.

אַ דינטשיק רעגנדל קלאַפּט אין די שויבן. ערגעץ־ווו וויינט אַ קאַץ ביי אַ פֿאַרמאַכטער טיר. אַ לאַנגער רוף פֿון אַ לאָקאָמאָטיוו לעכערט דורך די פֿינצטערניש, ביז צו פּאָלס אויער.

וווהין פֿאָרט איצט אַ באַן? — די באַן פֿאָרט זוכן דאָס לאַנד, וווּ אַלע טאַטעס אַרבעטן, וווּ די מאַמעס קענען שיינע מעשהלעך דערציילן.

דאָס קינד קריכט אַראָפּ פֿון געלעגער, צום אייוועלע לויפֿט עס צו.

— פּאַפּאַ, וועסט זיך פֿאַרקילן...

דער טאַטע שוויגט אַזוי שווער, אַזוי אומעטיק.

איבער דער שטוב לויפֿט אַרום אַ קעלט. פּאָל טוליעט זיך צום פֿאָטער, גלעט אים מיט זיינע וואַרעמע פֿינגערלעך די האַרטע באַקן, און מיט אַ מאָל דאַכט זיך אים, אַז דעם טאַטנס אויגן טרערן, ער ציטערט אויף.

— כ׳וויל נישט זאָלסט זיין טרויעריק! קום שלאָפֿן!

אָן איין וואָרט לאָזט זיך דער עטלעכע און דרייסיק־יעריקער פֿירן פֿאַר דער האַנט פֿון דעם זעקס־יעריקן. פּאָל העלפֿט אים אויסטאָן די שיך און דעקט אים גוט איין מיט דער קאָלדרע, דערנאָך פֿאַרשטעקט ער זיך אַליין ביי זיין זייט.

— פּאַפּאַ, ס׳קאָסט אַ סך געלט אַ מאַשין?

— פּאַפּאַ, ווען וועל איך שוין זיין אַ גרויסער?

דער טאַטע און דער זון האָבן זיך געומען טוליען איינער צום אַנדערן.

2

די ערשטע פֿרילינגטעג האָבן אויפֿגעזונט.

אַ האַלב פֿענצטער שטייט כסדר אָפֿן. פֿרישע, שמעקעדיקע ווינט־לעך שפּרינגען אַרום איבער דער שטוב און טשעפּען מיט פּאָלס צעשוי־

בערטע בלאָנדע לעקעלעך, טשעפּען מיט די נאַסע שטיקלעך וועש, וואָס די מאַמע האָט אויף אַ שטריקל צעהאָנגען פון ווינקל צו ווינקל.

די שטוב האָט פון זיך אַראָפּגעשאָקלט דאָס אייוועלע מיט דער לאַנגער, שוואַרצער רער, די ווינטער־מלבושים אויפן הענגער איבער דער טיר. די פּאָדלאָגע שיינט פון נצחון, וואָס זי האָט אָפּגעהאַלטן ביים פּאַר־טרייבן די פּאָדעשווע־צייכנס און חנדלט זיך מיט איר קלאָר האָלץ־לייב.

אין די אויסגעפּוצטע שויבן, וועלכע שפּיגלען אָפּ דעם יום־טוב־בלאָען הימל, זעט פּאָל אַרומשווימען פאַנטאַסטישע געשטאַלטן, וואָס רופן אים אין ווייטע ווייטן אַריין און זינגען אויס מעשהלעך־געזאַנגען.

און אין שטוב איז פול מיט זייף־ריחות און מיט נאַפטאַלינע. די מאַמע פּאַרפּאַקט אין דער גרויסער, אָפּגעקראָכענער וואַליזע די לעצטע ווינטער־שפּורן. פון אַ שטול־פּלייצע העלט שוין אַראָפּ דעם טאַטנס זומער־דיקע הויזן; אָט האָט אַ ווייס העמדעלע מיט קורצינקע אַרבעלעך זיך צעקושט מיט פּאָלס שמאָלטשיקער פּלייצעלע — „שוין אַזוי לאַנג נישט געזען זיך!" און אַלס ענטפער גלעטן דעם קינדס פינגערלעך דאָס ווייכע, מיט נאַפטאַלינע שמעקעדיקע שטאָפּל... די מאַמע האָט אויף זיך אַרויפ־געצויגן אַן אַלט בלאָ קלייד און פון איר שוואַרצן גרעק אויסגעפלאָכטן צוויי לאַנגע, שווערע צעפּ. באַטראַכט זי זיך אין שאַנק־שפּיגל, מאַכט אַ טראָט אַהער, אַ טראָט אַהין; אויף די האַרטע קאַנטן פון איר פּנים, אין די פּיין־טיפענישן פון אירע אויגן, האָט זיך אויסגעשפּרייט די שטילע פרייד פון אירע כלה־יאָרן.

פּאַר נאַכט גנבענען אַראָפּ די ליבע ווינטעלעך אַ פּאָר שטראַלעכלעך זון פון הימל און לייגן זיי אַנידער אויפן טיש, ווי אַ בוקעטל רויטינקע פעלד־בלימלעך.

פּאָל קוקט אַרויס דורכן פענצטער. הויך איבער די דעכער טויכן אויף מעשה־געשטאַלטן אויסגעסטראָיעט אין די רייכסטע הימל־קליידער. זיי רייטן אויף ריזיקע פיש פון רעגנבויגן־קאָליר, און פּאַר זיי שווימען לייבן, וואָס טראָגן אויף זייערע פּורפּורנע רוקנס נאַקעטע, ראָזע קינדערלעך מיט בלאָנדע לאָקן און מיט טרומייטערלעך אין מויל.

פּאָל ווערט באַרוישט פון דער הימלישער מוזיק. ער געדענקט נישט

מער אין די נייע הייזלעך, די טיר עפנט זיך אַליין פאַר אים אויף, די פינצטערע פינף שטאָק טרעפּ זענען איין שפּרייז. די גאַס לויפט אים אַנט־קעגן מיט אַ פול מויל געלעכטער. פאַל גיט זיך אַ הייב אין דער לופטן, פאַרלייגט צוויי פינגער אויף דער צונג און מיט אַ שטורמישן פייף טראָגט ער זיך אַוועק.

*

צווישן די קוימענס און דעכער האָט זיך די זון יעדן טאָג צעבראָכן און אויסגעשיט איר גאָלדן פאַרמעג אין די גאַסן. אָבער די מענטשן האָבן זיך נישט דערמיט געפרייט, זיי האָבן עס געשאָלטן. די בעלווילער געסלעך האָבן געשוויצט. אַ דומפּיקייט איז אויפגעגאַנגען פון אַרויסגעלייגט בעט־געוואַנט צום לופטערן און פון די פּראָשקעס קעגן פליי און וואַנצן. דער ברוק האָט געגלאַנצט מיט אַ סמאָלע־שווייס. פון די לעכצנדיק־אויפגעריסענע פענצטער, ווי פון קראַנקע מיילער, האָט געשפּאַרט אַ זויערקייט.

פאַל האָט פאַרלוירן ס׳ביסל אַפּעטיט, די שול־פעריען האָבן זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן. ער איז געגאַנגען באַגלייטן אַ קאָלעגע צו דער באַן.

— כ׳ל דיר ברענגען אַ לעבעדיק זומערפייגעלע ׳עסט זען, פאַל!

— דו האָסט שוין געזען אַ גליוווערעמל?

— אפשר טויזנט מאָל! ביי נאַכט, אַז ס׳איז גוט פינצטער, לייכט דאָס... און דו פאָרסט גאָרנישט אויפן דאָרף?

דער רעש פון וואָקזאַל האָט זיך געוויקלט אַרום פאָלן ווי שטיקער געלעכטער. זיין האַרץ האָט אַזוי געקלאַפּט קוקנדיק אויף די מחנות קינדער, וואָס זענען איינגעשטיגן אין וואַגאָנען, באַהאָנגען מיט רייפן, מיט ראָווערן, מיט הושטאַווקעס און לאַנגע, גלאַנציקע פישפאַנג־שטעקלעך. דאָ האָט ער זיך פאַרגנבעט מיט אַ פיסל צו אַ פוטבאָל אין אַ רויטער שאַטקע, דאָרט האָט ער אַ קוועטש געטאָן אַ ראָוער־גלעקל, וואָס האָט אַ לאַך געגעבן מיט אַ סך לויטערע טענערלעך.

— האָפּ־האָפּ! — האָבן זיך איבערגעשריגן די אָפּרייזנדיקע.

— האָפּ־האָפּ! — האָט פאַל זיך געסטאַרעט זיי איבערצושרייען.

ער איז אַריין אין קופּע צו זיין קאָלעגע, זיך אַוועקגעשטעלט ביים

פענצטערל, געוואָרפן סתם־קולות צום פאַרזאַמלטן עולם, געפּאָכעט מיט זיין בערעטל אין דער לופטן: „אַדיעו!", „זייט געזונט!"

מיט אַ מאָל האָט אַ לאַנגער, דינער פייף דורכגעשטאָכן זיין האַרץ. ער האָט מער גאָרנישט געזען, גאָרנישט געהערט, ער האָט זיך אַליין אויפגעהערט צו פילן.

ערגעץ אין אַ ווינקעלע, ביי אַ גראָער, טויטער וואַנט, איז ער געבליבן שטיין און לאַנג געוויינט.

פּאַמעלעך האָט ער גענומען צוריקגיין צום בעלוויל. ביים קאַנאַל סט. מאַרטין האָט ער צונויפגעזאַמלט אין די קעשענעס אַריין שטיינדלעך, אַרויף אויף דער בריק און זיי איינציקווייז גענומען שליידערן אין וואַסער אַריין מיט אַ כעס, אַזש זיינע בלאַסע בעקלעך האָבן זיך צעפלאַמט. דערנאָך, די קעשענעס אויסגעליידיקט, האָט ער גענומען שפּייען.

ער האָט געוואָלט נקמה־נעמען אין דעם צוג, אין דעם שטעכיקן פייף, וואָס איז נאָך אַלץ געזעסן, ווי אַ לאַנגע שפּילקע אין זיין האַרץ. האָט ער אַראָפּגעכאַפּט ס׳בערעטל פון קאָפּ, עס אָנגעפילט מיט זאַמד, מיט פאַר־האַרטעוועטע שטיקלעך ערד און עס דערטרונקען אין קאַנאַל.

אַ ווײַלע איז ער נאָך געבליבן, כדי צו זען, צי דאָס בערעטל שווימט נישט אַ מאָל אַרויף. און מיט אַ מאָל איז אים אַ שרעק באַפאַלן: וואָס וואָלט געווען, ער זאָל אַזוי טאָן מיט זיך, מיט זיך אין גאַנצן?

אויפן וואַסער איז אַרויפגעשוווּמען דער פאַרנאַכט. פאָלן האָט זיך געדאַכט, אַז ער זעט אויסגעשטרעקטע הענט, אַז ער הערט דעם הילפרוף פון זיין בערעטל, האָט ער גענומען לויפן אין איין אָטעם ביז אַהיים.

אין שטוב איז שוין געשטאַנען די ניימאַשין.

*

די מאַשין האָט געמאַכט אין אַלעם פאַרגעסן: אין די היצן אין דרויסן, אין הוסט, וואָס איז דער מאַמען פאַרבליבן פון ווינטער. אַן אַנטיק איז אַריינגעקומען אין שטוב אַריין און אַלע האָבן זיך מיט אים געצאַצקעט. מיט אַ פרומקייט האָט מען געפּרוווט דאָס „פיסל" אַראָפּלאָזן,

אַרויפהייבן; מ׳האָט אַרייַנגעקוקט אין „קאָפּ“, געפּאָרשט אַ יעדעס גווינטל. מסיע טוביה איז עקסטרע געקומען אַ בליק טאָן.

— ס׳פּאָרט אַ פעסטע כלי!

— און דער טאַטע האָט פאַרזאָגט פּאָלן:

— ניטע!

נאָר ווען ער האָט זיך פאַרקוקט, אָדער ר׳איז אַוועק אָפּטראָגן די אויפגענייטע זאַכן, פלעגט זיך פּאָל פאַרגנבענען צו דער מאַשין מיט אַ פינ־גערל, זייער פאָרזיכטיק אָפּווישן דעם שטויב און צערטלען דאָס קאַלטע גלאַנציקע אייזן, ווי ס׳וואָלט געווען דער מאַמעס פנים, דער מאַמעס הענט.

אַז די מאַשין וועט ווערן, קענען זיי וווינען אין אַ דירה, ווו ס׳איז דאָ וואַסער און ווו מ׳דאַרף נישט לויפן צום קראַן אַ שטאָק פינצטערע, קרומע טרעפּ. אַז די מאַשין וועט נאָר ווערן, קען ער נאָך היינטיקס יאָר אַרויספאָרן אויפן דאָרף און כאַפּן זומערפייגעלעך און זיך באָדן אין אַן אמתדיקן טייך. צייט ער לעבט האָט ער זיך נאָך נישט געבאָדן אין אַזאַ לויפנדיק וואַסער!

אין די הייסע יולי־נעכט, מאַטערנדיק זיך מיטן שלאָף, פלעגט ער תפילה־טאָן פאַרן געזונט פון דער מאַשין.

צוזאַמען מיט דער מוטער האָט פּאָלן אַרומגעכאַפּט אַ ציטערנדיקע פרייד ווען די מאַשין האָט געשטעפּט רעשיק און שנעל. פריער, אַהיימקומענ־דיק פון איר האַנדל, איז די מאַמע באַלד אַוועקגעפאַלן אויפן געלעגער. איצטער האָט זיך די מידקייט פון איר אָפּגעטאָן: זי איז געשטאַנען איבערן מאַן מיט אויפגעשיינטע אויגן, און אַז ס׳איז פאַרטיק געוואָרן אַ שטיקל, האָט זי עס געכאַפּט אויסצוועגדיקן אויף דער האַנט.

די מאַשין האָט נאָך ווינציק אַרויסגעגעבן, דער טאַטע האָט זיך נאָך געלערנט מיט איר אומצוגיין. נישט געקוקט, וואָס ער פלעגט אַריינאַרבעטן ביז דער שלאָף האָט געבונדן זיינע גלידער — איז פאָרט נישט מעגלעך געווען צו באַצאָלן פאַר די צוויי פאַרשפּעטיקטע קוואַרטלען דירה־געלט.

און איין מאָל אין אַ פאַרנאַכט האָט דער הויזווירט אַליין געעפנט די טיר.

— כ׳ל אַרויסוואַרפן! — האָט ער מיט אַן אויפגעהויבענעם, גראָבן

פינגער אָפּגעהאַקט שטיקער ווערטער. זיין קול האָט געשפּרייזט איבער דער שטוב, ווי געטראָגן פון אַ פּאָר שווערע, ברייטע פיס.

— איר זענט פרעמדע...

— ווי געסט דאַרפט איר זיך אויפפירן ביי אונדז אין לאַנד!

מוטער און זון האָבן זיך אַ שאַר געטאָן צו דער מאַשין, צום מאַן. זיי האָבן פאַרקוועטשט די אויגן, גלייך אַזוי אַרום וואָלטן זיי פאַרטויבט דאָס אומברחמנותדיקע קול.

די נאַכט איז שוין געקראָכן אויף די ווענט, ווי אַ ריזיקע שפּין, זיך פאַרטשעפּעט מיט די לאַנגע פיס אין יעדעס שטיקל מעבל און געבליבן הענגען מיט איר שווערן קערפּער איבער דער שטוב.

— וואָס טוט מען? — האָט דער מאַמעס קול אויסגעציטערט.

פאָל האָט זיך איינגעטוליעט אין איר וואַרעמען שויס, מיט זיינע ליפּלעך האָט ער געבלאָנדזשעט אויף איר פּנים און אויסגעקושט דעם הייסן פלייץ פון אירע אויגן.

— מאַמעשי!... — האָט ער מיט אַ מאָל הויך אַרויסגעוויינט — לאָמע אָנשרייבן צום פעטער דאָוטשען, קיין אַרגענטינע... אפשר וועט ער אונדז אַריבערנעמען...

# דעם טאַטנס קול

שרהקע איז געלעגן ביי זיין זייט איינגעקורטשעט, די הייסע באַקן אויף זיין ברוסט, און זי האָט זיך געטוליעט צו אים אין שלאָף מיט איר וואַרעמען, מוטערלעך־אויפגעגאַנגענעם קערפּער. דאָס בעט, דאָס גאַנצע צימערל, האָט געאָטעמט מיט איר שמעקענדיקן פּרויען־ריח, אַ זיסלעכער, ווי פון אַ רייף־געוואָרענעם עפּל, אַ ריח, וואָס האָט געצערטלט די גלידער, געהאַלדזט, געקושט — און גערייצט.

אָבער אַ ניכטערער כוח האָט מאָטלען באַהערשט. ער איז אַצינד געווען אויפגערעגט, און שרהקעס רויִקער שלאָף האָט אין אים אַרויס־גערופן אַ פאַרדראָסיק געפיל, איבערגעגאַנגען ביסלעכווייז אין אַ גרינג־שעצונג צו דער פרוי אין איר.

„ערשט־אָ, אַ בחור, — האָט ער זיך געבונטעוועט — וואָלט אים ווייניק געאַרט, וואָס מ׳האָט אים באַזייטיקט פון דער פאַבריק, ווייל ער איז אַן אויסלענדער, אַז ערגעץ אַנדערש וויל מען אים, צוליב דער אייגענער סיבה, נישט צונעמען. ער וואָלט אַוועק אין דער וועלט אַריין, זיינע אייגענע ציין וואָלט ער אַלע מאָל געפונען מיט וואָס אָפּצונאַרן!״

מאָטל האָט נישט געקענט איינשלאָפן, און זיין געפיל צו שרהקען, — ווי צו שטריק, וואָס פענטען.

ווען דער ערשטער גרוי האָט אַ לעק געטאָן די שויבן, האָט מאָטל זיך אַרויסגעגליטשט פון געלעגער און גענומען שפּאַנען איבערן צימער אין די אונטערוועש. ער האָט פאַררייכערט, געפּיפּקעט האַסטיק. מיט אַ מאָל האָט ער אָראָפּגעצויגן פון זיך ס׳העמד און געבליבן שטיין פאַרן שאַנק־שפּיגל. אין דעם קאַרגן פרימאָרגן־גרוי האָט זיין אויבערשטער קערפּער־טייל אויסגעזען ברייט און פאָרמלאָז, פול מיט אַ רויער קראַפט. נאָר ווער

האָט דערפון אַ נוצן? באַלד וועט אָנקלאַפּן דער אַלטער יאַנטשע, ער וועט אים ווּעלן אַוועקנעמען צו זיך, צו זיין אַלטוואַרג־האַנדל...

זיין מוסקולירטער קערפּער איז איצט געשטאַנען אין שפּיגל מעכטיק, אַרויסרופעריש, יעדער נערוו אָנגעצויגן ביז צום פּלאַצן.

זינט מאָטל איז באַזייטיקט געוואָרן פון דער אַרבעט, האָט דער קער־פּער נישט פאַרלוירן זיין שטאָלץ, זיך נישט געבראָכן. אָבער ער האָט זיך יאָ געבראָכן, זיך דערפילט געפּענטעט פון אַ נייער פּלאָג. די אָנשטרענגונג פון אַזוי פיל יאָרן איז מיט איין וואָרט צעשטויבט געוואָרן: עטראַנזשע — אויסלענדער! ערגעץ־ווו וואַרטן שוין אויף אים צוגן... ערגעץ־ווו ליגט שוין אויסגעשפּרייט אַ שוואַרצע נאַכט — אַ נייע גרענעץ צו גנבענען...

פון הויף האָט זיך אַריינגעריסן צו אים אין שטוב אַריין אַ פּאַטשן מיט הענט. מאָטל האָט דערקענט דעם אָפּגערעדטן סיגנאַל מיטן אַלטן יאַנטשע — אַ ווייטער קרוב. ער האָט זיך מיט אַ מאָל דערפילט דער־נידעריקט, אַן אַפּאַטישע שטימונג האָט אים אַרומגעכאַפּט, ער האָט פון גאָרנישט געוואָלט טראַכטן.

מ׳האָט אָנגעקלאַפּט.

מאָטל האָט אַרויפגעכאַפּט די הויזן, ס׳העמד און געגאַנגען צו דער טיר.

יאַנטשע איז אַריין.

— וואָס קראַצט זיך עס אַ יונגערמאַן אַזוי לאַנג? גייסט, חלילה, צו דער גילאָטינע?... איי־איי—איי... — האָט ער אויס געוווינהייט פאַר־ענדיקט מיט אַ קרעכצל. פון צווישן זיין געדיכט גראָ בערדל איז אַרויס־געקראָכן אַ מיד קוים־קוים שמייכעלע, וואָס האָט אויף אַ רגע ליכטיקער געמאַכט זיין פאַרגעלט טרוקן פּנים.

— נאָך ערגער, מסיע יאַנטשע...

— לאָז געמאַך! פאַר פּרנסה וועגן איז אַל דאָס איבעריקע אַ פאַלשע מטבע.

דער אַלטער — קליין, דאַר, אין אַ צעדרייטן שוואַרצן קאַפּעלוש, מיט וועלכן ער איז פון דער „היים“ אַראָפּגעקומען — איז געקראָכן קרעכ־

צנדיק פון ווינקל צו ווינקל, אַלץ באַטאַפּט מיט זיינע פאַרגרויטע ביינער־דיקע פינגער, ווי ער וואָלט געקומען איינהאַנדלען מציאות.

— כ׳בין אויכעט אַ מאָל יונג געווען, כ׳האָב אויכעט געהאַט אַנדערע געדאַנקען אין קאָפּ, נאָר וואָס קומט אַרויס — גיי שריי אויף אַלע דעכער! די וועלט איז דאָך אָבער פאָרט טויב, אויף אַלעביידע אויערן טויב... איי—איי—איי...

פון יאַנטשעס שוואַרצן צעקנאָדערטן כאַלאַט, פון זיינע צעשווימענע קאַמאַשן, וואָס רעגנס און בלאָטעס האָבן אויפגעפרעסן די פאַרב, פון זיינע שטויב־גרויע איינגעפרעסטע און סוחריש־פלינקע אייגעלעך, — פון דעם גאַנצן יאַנטשע האָט זיך געטראָגן אַ פאַרדומפּענער ריח. ס׳פּנים, די הענט האָבן אויסגעזען, ווי באַוואַקסן מיט אַ שימל, און די האָר אויף זיי, ס׳געדיכטע בערדל — ווי אַן אָנזאַמלונג פון שפּינוועבעכץ...

מאָטל האָט נישט געקענט אָפּיאָגן פון זיך ס׳געפיל פון האַס, קוקנדיק אויף יאַנטשען. פונקט אַזאַ האַס־געפיל האָט ער אַ מאָל איבערגעלעבט צו זיין אייגענעם טאַטן, ווען ער האָט אים געזען אַרומשמייען אַ באַפּעדערטן, אַ באַשטרויטן אויפן מאַרק און אויסטאַפּן מיט זיינע לאַנגע, פאַר־שוואַרצטע, קלעפּיקע הענט זעק קאַרטאָפל, עופות און יאַלעווקעלעך... דערפאַר איז ער דאָך געלאָפן פון דער היים, געוואָלט אויסמיידן דעם זעלבן גורל.

— ני, ס׳ווערט דאָך שפּעט! — האָט אים דער אַלטער אונטער־געיאָגט.

הינטערן פענצטער איז שוין דער טאָג אַרומגעפאָרן אויף אַ לאַסטוואָגן. שטיקער געפּילדער זענען אַריינגעפאַלן און צעבראָקלט גע־וואָרן איבערן צימער. שרהקע איז אויפגעקומען.

— מאָטעלע, ווו גייסטו אַזוי פרי? — האָט זי מוטערלעך געפרעגט.

איר קול האָט אים איינגעהילט ווי אין אַ וואַרעמער טוך... ער האָט געוואָלט צו איר צופאַלן, ווי אַ הילפלאָז קינד, זי זאָל אים באַשיצן, עצהן, זוכן צוזאַמען אַן אויסוועג. אַ טיפע ליבע האָט אים איצט געבונדן צו שרהקען, ער האָט פאַרשטאַנען, ווי שלעכט ר׳איז ביי נאַכט צו איר געווען

אין זיין געדאַנק. ווי אַזוי וואָלט ער בכלל געקענט איבערטראָגן דאָס האַלבע יאָר פון אַרבעטלאָזיקייט, פון מאָראַלישער דערשלאָגנקייט, אָן איר ?

— זע נאָר, זאָלסט מיר געזינט זיין, ני, קים שוין אַ מאָל! — האָט אים דער אַלטער אַ שלעפּ געטאָן צו דער טיר.

*

אויף דער גאַס האָט יאַנטשע אויסגעזען אַ העלד קעגן מאָטלען, געשטעלט קליינע טריטלעך אָבער גיכע, מונטערע און געהאַלטן אין איין אַריינרעדן אין זיין יונגן קרוב, געלערנט:

— ווען דו גיסט אַ געשריי „מאַרשאַן ד'אַבי שיפּאָן" (אַלטוואַרג קויף איך), זאָל עס אָפּקלינגען אין אַלע פענצטער! ביסט דאָך עפּעס יונג... אַ געזונט האַרץ, געזונטע לונגען...

זיי זענען אַריין אין אַ לאַנגן, שלעכט־ברוקירטן הויף, באַלאַגערט מיט האַנט־וועגעלעך פון אַלע גרויסן. אַ ברודיקער הונט איז זיי אַנטקעגנ־געלאָפן מיט אַ געביל.

— אַנטיסעמיט! דערקענסט נישט מער קיין מענטש? — האָט יאַנטשע געענטפערט מיט אַ בייזער — און דעם־אָ, זעסט, נעם דיר אים גוט אין לעפּעק אַריין, דער איז אַ נייער קליענט, קאָמפּרי?!

דער הונט האָט באַשמעקט מאָטלען פון אַלע זייטן, פאַרשעמט אַראָפּ־געלאָזט דעם עק און צוריקגעלאָפן צו זיין געלעגער אויף דער שוועל פון דער רעמיז.

די רעמיז — אַ גרויסער טונקעלער קאַמער אָנגעוואָרפן מיט קאַליע־געוואָרענע וועגעלעך, מיט אַראָפּגעשרויפטע רעדער און דישלעס. אַ ריח פון סמאָלע, פון זשאַווער האָט אַ זעץ געטאָן מאָטלען אין פּנים אַריין.

— כ'האָב איך געברענגט מיינעם אַ לאַנדסמאַן.

— אַ „נוווא"?

— יאָ, אַ נייער... ס'הייסט אין פאַך — האָט יאַנטשע, מעשה אייגע־נער, אויפגעקלערט.

אַ שווער־צעוואָקסענע יידענע אין אַ פלאַטין־בלאָנד שייטל, מרוזשעט

די אויגן צו מאָטלען אַרויף. זיין הויכער, קרעפּטיקער געשטעל האָט אים־פּאַנירט איר אַלמנהשקייט. זי האָט לאַנג געקוקט אויף אים און פאַרויס־געשטופּט דעם אויסגעבעטן בוזעם. ענדלעך האָבן זיך אירע ליפּן צעשאַרט, ווי צוויי רויטע פאָרהענגלעך, און אָפּגעדעקט די גאָלדענע ציין.

— קימטס, מסיע, און דער עיקר — פאַרלאָזן זי זיך אויף מיר... אַזאַ מאַן, ווי עץ זענט, וועט זיך גיך אַרויפאַרבעטן !... אָ, יעך האָב שוין איך מאָל אַ „קיקער״ ! די אַלע וואָס קומען צו גיין מיט אַזאַ פאַרשעמט מינעלע... — האָט זי געדעדט מיט אַ שמאַלציק קול און זיך אַוועקגעפּעסלט צו דער באַלויכטענער ביוראָ, אַ ווינקל אָפּגעשיידט מיט אַ גלעזערנער טיר.

מאָטל איז געשטאַנען ווי אין אַ הינערפּלעט... דער אַלטער האָט אים אָ צי געגעבן — איז ער געגאַנגען, דער אַלטער האָט אים געהייסן זאָגן זיך נאָמען, ווייזן דאָקומענטן — האָט ער געזאָגט, געוויזן. יאַנטשע האָט צוגעפירט אַ וועגעלע און מאָטל האָט עס גענומען שטופּן. יאַנטשע האָט אים געהייסן שרייען הויך, ס'זאָל אָפּקלינגען אין אַלע פענצטער — האָט ער געשריגן :

— מאַרשאַן ד'אַבי שיפּאָן !

מיט אַ מאָל האָט ער דערהערט זיין אייגן קול — אַ צעבראָכנס, אַ קלאָגנדיקס מיט אַ גמרא־ניגון, ווי זיין טאַטנס קול...

יאַנטשע איז געגאַנגען ביי דער זייט, אויך געשטופּט אַ וועגעלע און אָנגעקוואָלן :

— גיט !... טרע ביען !...

מאָטלען האָט אַ היץ באַשלאָגן. די גאַסן זענען אים געוואָרן ענג, יעדער מויער, יעדעס ביימל האָט זיך אַוועקגעשטעלט פאַר אים, ווי אַן אייזערנע קראַטע... דאָס טראָמביערייַ פון אויטאָמאָבילן, די שטימעס פון דורכגייער האָבן אים אַרומגערינגלט מיט חוזק, געלאַכט פון דעם פּראָלע־טאַריער אין אים, אויסגעלאַכט דעם ייד אין אים...

— וואָס ביסטו פלוצלאַלבן שטיין געבליבן ? — האָט דער אַלטער יאַנטשע געפרעגט אָנקוקנדיק אים מיט אַ מבובלדיקן בליק, און ער האָט דערפילט אַ טיפן רחמנות צו מאָטלען.

# שמואליק

1

אין דער אַלטער היים איז זלמן געווען אַ בלעכער. ער האָט פאַר־ראָכטן דעכער, פאַרראָכטן רינעס און ליב געהאַט די זון, דעם ווינט און דעם רעגן. געזונט איז ער געווען, ווי אַ פויער, אין די ווייטסטע דערפלעך אַריין געגאַנגען צו פוס און קיין מאָל נישט געקלאָגט זיך אויף מידקייט. מיט זון־זעצן פלעגט ער אַהיימקומען, איבערטאָן אַ קלאָר העמד, און נאָך וועטשע־רע — אָפּנעמען זיך פאַר די פאַרגרעבטע שעהען אַרבעט איבער די דעכער: אַריינכאַפּן זיך צו אַ יידן הערן אַ יידיש וואָרט, באָרגן אַ בלאַט, וואָרום אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען אויף דער וועלט — פונקט ווי די רייד פון די תנאים אין די הייליקע ספרים — האָט אים פאַרכאַפּט, פאַרשלונגען, ווי נאָר דער טאָג אַרבעט איז געוואָרן איינגעפּאַקט.

דאָ, אין דער נייער היים, איז זלמן געוואָרן אַ שניידער, געאַרבעט מיט אימפּעט, מיט עקשנות און געשוויגן, אָנגעכמורעט געשוויגן. זיין גאַנצע אַנטוישונג, די גאַנצע פאַרביטערונג האָט ער אויסגעלאָזט צום מאַשין־רעדל. אין די ערשטע צייטן פון זיין באַזעצן זיך דאָ, אויפן באַרגיקן מאָנ־מאַרטער, האָט ער נאָך אַלץ מוחל געווען: דאָס ענגע וווינונגל, די זעקס שטאָק פינצטערע, געדרייטע טרעפּ. אין יעדן נאָדל־שטאָך האָט ער געזען אַ טראָפּן האָפענונג אויף אַ באַקוועמער לעבן, ווו די נשמה מיטן לייב גע־פינען זיך נישט טאָג ווי נאַכט אין אייביקן געיעג נאָכן נאַרישן שטיקל ברויט. ענדלעך, האָט ער געהאָפט — און צוליב דעם טאַקע געלאָפן אין דער פרעמד אַריין — וועט ער אויף די עלטערע יאָרן צייט האָבן אַריינ־צוקוקן אין אַ ספרל און זיין נשמה וועט זיך ריינוואַשן פון אַלע טאָג־זאָרגן... אָבער יעדער דריי מיטן פוסטרעטער האָט אָנגעפילט די צוויי שטיבלעך מיט טויבע געשרייען: ס׳אַ ליגן! אַ ביטערער טעות איז אַלץ געווען! אַ יינגלערישער חלום!

דאָ, אין דער נייער היים, האָט זלמן געאַרבעט מיט אימפעט, מיט עקשנות און געשוויגן, אָנגעכמורעט געשוויגן.

מיט דער פּלייצע צו אים איז געזעסן יאָכוועטל. שעהען האָבן זיך פאַרבייגעשאַרט אָן אַ פּיפּס צווישן מאַן און ווייב. צו אירע פיס האָט זלמן צוגעוואָרפן די אויפגעניטע קינדער־הייזלעך. זי האָט זיי מיט קנעפּ באַנייט און אַרומגעזוימט די לעכלעך. פון מאָל צו מאָל איז זי געגאַנגען אין קיך־ווינקעלע, זען צי דאָס עסן קאָכט זיך.

הינטערן פאַרמאַכטן פענצטער זענען געהאָנגען אָפּגעבראָכענע דעכ־לעך מיט קוימענס און קוימענדלעך, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין רייכערן (דערפאַר איז דאָס פענצטער געשטאַנען פאַרקלאָפּט אַ גאַנצן טאָג). צו די פיר שייבלעך איז געווען צוגעקלעפּט אַ ברודיקער בלויער הימל מיט אַ הייסער פאַרקאָפּטשעטער זון, ווי אַ קינדעריש געמעל. דורך די טיר־שפּאַרעס, דורך די פענצטער־שפּאַרעס האָט דער זומער אַריינגעהויכט אַן אָטעם פון שווייסיקע לייבער, פון אָנגעהיצטער דאַך־סמאָלע.

אַרום האַלבן טאָג האָט יאָכוועטל געזאָגט מיט אַ מידן צוריקגע־האַלטענעם קול, ווי צו אַ פרעמדן:

— ס׳מיטאָג איז פאַרטיק!

זלמן האָט גאָרנישט געענטפערט, צוגעענדיקט נייען דאָס אָנגע־הויבענע הייזל און אויפגעשטאַנען מיט אַ קרעכץ. ס׳איז נישט מער געווען דער אַמאָליקער זלמן. עפּעס אַ פרעמדער מענטש איז אויפגעשטאַנען, מיט אַן איינגעצויגן פּלייצעלע, מיט אַ גראָ פּנים, גלייך די זון וואָלט עס קיין מאָל נישט געגלעט, באַלאַגערט מיט גראָע, האַרטע הערעלעך; די גראָבע ליפּן — צעפּלאַצט, נאָכהענגענדיקע, ווי צוויי שווערע קניפּן... ער האָט אַ שפּאַן געטאָן צום טיש לעבן קעכל און זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן ערשטן אָנגעטראָ־פענעם בענקל.

דאָס ווייב האָט ווידער געזאָגט מיט אירן מידן, צוריקגעהאַלטענעם קול, ווי צו אַ פרעמדן:

— וואַש זיך אַ ביסל אַרום, ס׳איז דאָך אַ היץ אין דרויסן.

נאָר זלמן האָט זיך נישט גערירט פון אָרט, פאַרביטערט געשוויגן, און פאַרביטערט אַריינגעוואָרפן אין זיך איין לעפל עסן נאָכן אַנדערן.

אין די ערשטע צייטן איז ער שיער נישט דערשטיקט געוואָרן אין אַזעלכע זומערטעג. אָבער זיינע לונגען האָבן זיך גיך צוגעוווינט, ווי ער אין גאַנצן, צום אָפּגענאַרטן לעבן. דער „אַמאָל" איז מיט יעדן טאָג פאַר־שטופּט געוואָרן אין אַ טיפער ווינקעלע אַריין, זיך איבערגעדעקט מיט אַ נייעם בלאָט שימל...

יאָכוועטל קען נישט פאַרטראָגן זיין יאָגנדיק שלינגען, דאָס האַסטיקע פּאַפּן מיט די שווערע ליפּן, געפינט זי אויס אַלערליי אַרבעטן: אָפּרייבן אַ מעסער, אָנצאַפּן אַ קרוג וואַסער אויף די טרעפּ — ביז ער פּאַלט ווידער אַוועק צו דער מאַשין. ערשט דעמאָלט נעמט זי עסן.

אָן כוחות איז יאָכוועטל דערנאָך געבליבן זיצן איבערן טעלער. די יאָרן־מידקייט האָט זיך געגראָבן אין יעדן קנייטשעלע אויף אירע באַקן, געפרעסן די שוואַרצקייט פון קאָפּ האָר, גראָער און טיפער געמאַכט אירע אויגן. אין אַ גרוב ליגט זי. טעג קומען אַריין, זיצן אָפּ די עטלעכע שעה און גייען אַרויס... ווידער לייגט זי זיך אין בעט אַריין, ווידער וואַשט זי דאָס געפּעס נאָכן עסן. די קינדער זענען זיך צעלאָפן איבער דער וועלט און איבערגעלאָזט אַזאַ פּוסטקייט! ווען זיי זענען נאָך געווען אין דער היים, האָט מען געקענט הערן אַ וואָרט, חברים פלעגן קומען, געשמועסט פון וועלט־זאַכן, לידער געזונגען. דעמאָלט איז פאַר איר געווען אַ פרייד אָנצוגיסן גלעזער טיי פאַר אַלעמען, אונטערצוהערן זייערע קלוגע רייד און צושאָקלען דערביי מיטן קאָפּ: הלוואי! הלוואי זאָלן אייערע לידעלעך מקוים ווערן! דעמאָלט, אין די שטילע שבתדיקע בין־השמשות־מינוטן, ווען זי האָט שוין נישט געזען צו לייענען אין איר טייטש־חומש, און אין שטוב איז קיינער נישט געווען — פלעגט איר מאַמע־האַרץ אויסזינגען אַ געבעט אין דער הייליקער שטילקייט: זי זאָל דערלעבן חתונה צו מאַכן אירע קינדערלעך... זי זאָל דערלעבן צו וויגן אַן אייניקל...

איצטער דערדריקט איר דאָס שווערע שווייגן פון מאַן, דאָס הייזע־ריקע קלאַפּעריי פון דער ניי־מאַשין. אַפילו שמואליק, דער יינגסטער, וואָס וווינט נאָך דאָ אין שטוב, ווערט אויך פאַרפאַלן אויף טעג, אויף נעכט.

איבער דער מאַשין הענגט זלמנס פאַרגעלטער חתן־זייגער, וואָס טרייבט אים ווי מיט אַ בייטש, שמייסט אונטער דעם טאָג. זלמן בייגט מיט

אַ מאָל אויס זיין צעפּלאַצט פּנים, דאָס באַלאַגערטע מיט האַרטע, גראָע הערעלעך.

— וואָס זשע באַלעמוטשעסטו? זיצט... זיצט און גלאָצט!

— ער יאָגט מיך שוין! — האָט זי אים צוריקגעוואָרפן און אַ בייז פּיערל האָט אויפגעפלאַמט אין אירע אויגן — האָסט אַ מאָל אין זינען געהאַט דיינע אייגענע קינדער? אָט איז שוין שמואליקל נישט אַהיימגעקומען צוויי טעג צייט! הויזאַנעס... אַ פולן קאָפּ, אַ פול האַרץ...

זלמן האָט גענומען האַסטיקער יאָגן דאָס רעדל, געוואָלט פאַרנייען אירע רייד, וואָס האָבן אים געבריט, געשטאָכן. זיינע אָנגעכמורעטע ליפּן האָבן זיך אויסגעקרימט און אַ קרעכץ איז פון זיי אַראָפּגעפאַלן, האָט דורכגעבויערט דאָס מאַשין־געראויש און געבליבן הענגען איבער דער שטוב...

יאָכוועטל האָט נאָך לאַנג גערעדט מיט אַ פאַרטרערט קול. אונטערן האַרץ האָט געקלעמט, אין קאָפּ האָט געהעמערט... זי האָט גאָרנישט מער געזען, גאָרנישט מער געהערט, אַזאַ ליידיקייט האָט זי דערפילט אַרום זיך. אַלץ אין איר האָט געשריגן נאָך הילף, האָט אויסגעשריגן די בענקשאַפט נאָך אַ מענטשלעך וואָרט. גאָט! ווּהין אַנטלויפט מען, ווּהין?!

זי איז אויפגעשפּרונגען, פאַרהאַקט די טיר און אַריינגעלאָפן צו דער „פּוילישער" מאַדאַם גיטעלע אַראָפּרעדן זיך פון האַרץ.

*

יאָכוועטל האָט זיך צוריקגעזעצט אַרבעטן, ווען פון איר בייזקייט איז שוין געוואָרן בלויז מיטלייד צום מאַן. זי האָט אַרומגעווישט זיין פאַרשווייסטן שטערן מיט אַ נאַסן ברעג פון האַנטעך, אונטערגעטראָגן אים אַ גלאָז קאַלט וואַסער מיט ציטרין. און פאַר נאַכט, ווען די זון האָט זיך פאַרפלאָנטערט צווישן די דעכער און קוימענס און נישט געקענט פון דאָרטן אַרויס, האָט יאָכוועטל ברייט פונאַנדערגעעפנט דאָס פענצטער. ס'האָט איר פאַרשאַפט הנאה צו זען ווי רויטע בינטעלעך שטראַלן האָבן זיך אויסגעלייגט אויף זלמנס געבויגענעם רוקן, אויסגעצויגן זיך אויף דעם שטאָף סאַמע אונטער דער נאָדל... מיט די פינגער האָט זי באַרירט זיינס אַן אַקסל.

— גענוג שוין, זלמנשי... קום!

ער האָט זי אָנגעקוקט מיט אַ טעמפּן בליק. זיינע אויגן־הייטלעך זענען שוין געווען האַלב־פאַרנייט מיט שלאָף. געדאַכט האָט זיך: אָט־אָט, נאָך איין רגעלע, וועט דער קאָפּ אַ פאַל טאָן אויפן מאַשין־טיש און אָפּ־שלאָפן אין איין אָטעם ביז פאַר טאָג אַזוי... נאָר אומגעריכט האָבן זיך זיינע שווערע ליפּן אויפגעקנופּט און רייד זענען אַרויסגעפאַלן, זיך צעקרישלט, ווי פאַרדאַרטע וווּנדן־שטיקלעך:

— פאַריזש — אַ גיהנום... די באַן ט׳פריער געקערט פאַרשרפהט צו ווערן!... פאַרמאַך ס׳פענצטער, יאָכוועט, ס׳שטעכט די אויגן אויס! מאָרגן איז דאָך אַ „מאַרשע״... (מאַרק־טאָג).

און מיט אימפּעט נעמט ער ווייטער יאָגן דאָס רעדל.

נאָר זי לאָזט אים ווייטער נישט אַרבעטן. מיט גוואַלד באַזעצט זי אים לעבן אָפענעם פענצטער, רוקט צו דאָס טישל, דערלאַנגט אים אָפּצועסן.

— מ׳איז דאָך אַ מענטש אויך אַ חוץ אַלעם! — פאָרעט זי זיך אַרום אים, ווי ביי אַ קראַנק קינד.

די נאַכט שוואַרצט זיך שוין אַרויס פון צווישן די קוימענס. איבער־געשטאַנענע ריחות, זויערע, דומפּיקע, באַלאַגערן די שטוב... זלמן לאָזט מיט זיך אַלץ טאָן. די צוועלף שעה אַרבעט גייען אויף ווי בלאָטערס און יעדן גליד. יאָכוועטל לייגט אויף אים אַרויף די מאַרינאַרקע און פירט אים אַראָפּ איבערלופטערן זיך פאַרן שלאָף.

*

די שמאָלע, די באַרגיקע מאָנמאַרטער־געסלעך זענען באַוואָרפן מיט מענטשן. קאַפעען און „ביסטראָס״ (שענקען) האָבן פאַרכאַפּט שטיקער טראָטואַר, שטיקער ברוק מיט זייערע גרינע און רויטע טישלעך. ראַדיאָ־הילכערס שרייען איבער איינער דעם אַנדערן. ווער מיט האַרמאָניע־שפּיל, ווער מיט מיסטאַנגעטס אַ לידל, וואָס דער טומלדיקער עולם דערקענט גלייך און זינגט מיט, ווי אין כאָר:

אוי, איז דאָס אַ געראָטן שטעטעלע,
מיין פּאַריז, מיין פּאַריז...

יאָכוועטל מיט איר מאַן שטופּן זיך דורך דעם פרעמדן עולם. זלמן וויל נישט ווייטער גיין: מאָרגן דאַרף ער אויפשטיין מיטן ערשטן גרוי, מאָרגן פאָרט ער אַרויס אין אַ שטעטל הינטער פּאַריז, די הייזעלעך צו פאַרהאַנדלען.

— שוין, דאָ באַלד... די צווייטע גאַס... — פאַרנאַרט זי אים ווייטער.

אין גערטנדל, צופוסנס דער גראַניט־ווייסער „סאַקרעקער"־קירכע, האָבן זיי קוים געפונען אַ ליידיק שטיקל באַנק. זלמן שטרעקט אויס דעם באַוואָקסענעם צעקנייטשטן האַלדז, זיינע פאַרפּאַקטע נאָזלעכער צענעמען זיך, קילע טייכעלעך לופט שווענקען אַראָפּ דעם טאָג־שטויב, און דער גאַנ־צער קערפּער הייבט אָן צו זינקען אין אַ זיסן שלאָף. פון ווייטיק ווערט חלום...

אַ מילד ווינטעלע לויפט אַרום צווישן דיביימער, הענגט אָן אויף אַ צווייגל אַ שנירלדיק מיידליש געלעכטערל, אַ ציטערדיקן פייף פון אַ בחור, אַ וואָרט פון אַן עלטערן מענטש.

יאָכוועטל הערט נישט, פילט נישט דעם אַרום. פון דער לבנהדיקער נאַכט, פון די גרעזער, פון דעם מענטשן־טומל יאָגט אַ קעלט, ווייעט פרעמד־שאַפט... דאָרטן, אינעם רומענישן היימשטעטל איז זי געווען באַחברט מיט יעדן שטיינדל, מיט יעדעס ביימעלע אויפן שאָסיי... אָבער דאָ, דאָ איז דאָך קיין ברויט אויך נישטאָ!

זלמן האָט אויסגעהוסט און מיטגעשפּיגן עטלעכע ווערטער:

— ווי ז'ער אַוועקגעקומען, שמואל? מ'דאַרף אַ קוק געבן ביי דער „קאַטערינקע", ז'האַקט... ז'רייסט... מיט צוויי פּאָר ג'מאַכט ווייניקער!...

ער שלאָפט צוריק איין. דער מאָרגנדיקער מאַרק קומט אים צו חלום.

— שוין שפּעט, קום! — כאַפּט ער זיך ווידער אויף.

— באַלד... זיך נאָך אַ קאַפּיטשקע...

שפּעטער, ווען זי פירט אים אַהיים, קלעפּט ער אויף אַ האַלב אויג.

— הע?... אַ נימלט נ'בעט ז'מיר איינגעפאַלן וועגן אָפּדינגען אַ

בודקע אויפן „סענטוואַן”... די ווינטערן זענען אַ טויט! די מאַרשעס ׳עלן מיך שוין דערעשט באַגראָבן!...

איבער די דעכער וואַלגערט זיך אַרום אַן אָפּגעקאַלכטע לבנה און אויפן טראָטואַר שלעפּט זיך זלמנס שאָטן, קרימט זיך, ווי אין קראַמפּן. מיט אַ מאָל בלייבט ער שטיין, זלמן, פאַרוואַרפט אַ געלע, טרוקענע האַנט אויף זיין רוקן און צעהוסט זיך מיט אַ סך דראָבנע הוסטעלעך.

2

יאָכוועטל איז נישט געגאַנגען שלאָפן. זי איז געבליבן זיצן אין דער פינצטער וואַרטן אויפן זון. שוין די דריטע נאַכט, אַז זי וואַרט אָפּ שמואליקלען, וואַרט ביז צוועלווע, ביז איינסע און ווען זי לייגט זיך ענדלעך אין בעט אַריין, קען זי קיין אויג נישט צומאַכן: אַזאַ איינזאַמקייט... די נאַכטישע רו שיילט אָפּ פון איר דאָס ברודיקע, גראָבע הייטל — די טאָג־זאָרגן, און זי דערפילט מיט אַ מאָל די אַרומיקע פוסטקייט. זלמן ליגט באַוואַקסן מיט שלאָף, כראָפּעט אַזוי גיך־גיך, פונקט ווי ער עסט... קיין שום מענטשלעך וועזן איז נישטאָ, וועמען זיך אָנצופאַרטרויען מיט אַלע מוטערלעכע און ווייבלעכע בענקשאַפטן. דעמאָלט ווערט יעדער שאָרך, יעדער שטערן־ווונק, דער מינדסטער לבנה־פלעק, וואָס גליטשט זיך דורך דער שטוב־חשכות, אַ סימבאָל צו אַ פאַרלאַנג, אַ געטלעכער רוף אויסצוּוואַרטן... אָבער זי, יאָכוועטל, איז שוין מיד פון האָפן. אירע דריי און פערציק יאָר האָבן זיך פאַרבייגעשלעפּט, ווי אַ באַן מיט אָן אַ צאָל ליידיקע משא־וואַגאָנען, וואָס איז אויף קיין שום סטאַנציע נישט אָפּגעשטעלט געוואָרן און איז קיין מאָל נישט אָנגעפילט געוואָרן... אירע אַלע געדאַנקען האָבן זיך תמיד געדרייט אַרום דעם דאַרן שטיקל ברויט און איר מאַמע־פרייד איז גיך אויסגערונען. די קינדער האָבן זיך אַרומגעטראָגן מיט אידעען פון וועלט־באַפרייונג, פאָלק־אויסלייזונג, צווישן איר און זיי איז אויסגעוואַקסן אַ מחיצה, פאַרפרעמדקייט. דער עלטסטער זון איז אַוועק קיין ארץ־ישראל, געוואַנדערט וואָכן־לאַנג צו פוס, געשלאָפן אונטערן פרייען הימל און געשוואַרצט גרעניצן. דאָס איינציקע טעכטערל אירס איז אָפּגעזעסן פינף יאָר אין תפיסה

פאַר פּאָליטיק, דאָרטן קראַנק געוואָרן אויפן האַרץ, אויף די לונגען און ווען זי איז אַרויס, איז זי צוריקגעלאָפן צו דער אונטערערדישער אַרבעט, ווידער פאַרמשפּט געוואָרן. נאָר דאָס מאָל האָט שוין דער טויט זי באַפרייט.

שמואליק, דאָס מוזיניקל, האָט געהאָלפן דעם טאַטן אין זיין אַרבעט. ער איז געווען וואַכזאַם צו די אָפּטע דיסקוסיעס צווישן ברודער און שוועסטער, דיסקוסיעס, אין וועלכע ס'האָט זיך באַטייליקט די גאַנצע שטעטל־יוגנט. ביי נאַכט האָט שמואליק געשלונגען ביכער, נישט איבערקלייבעריש. סיי דער עלטערער ברודער, סיי די שוועסטער, האָבן אים אונטערגעטראָגן פון זייערע אידעאָלאָגישע ליטעראַטורן.

ווען זלמן האָט באַשלאָסן צו עמיגרירן — ווי די אַנדערע שטעטל־דיקע יידן — ווייל ער האָט מער נישט פאַרדינט אויף קיין ביסל זאַלץ אין טאָפּ אַריין, איז דאָס מוזיניקל אַרויסגעשפּרונגען מיט אַ וואָרט: „ביי אונדז, יידן, ווייסט מען פון איין מיטל: טאָמער וואָס־ווען — כאַפּט מען גלייך די פיס!" און אַז דער טאַטע האָט אים צוריקגעשריגן: „וואָס זשע ווילסטו, מ'זאָל זיך באַגראָבן לעבעדיקערהייט?!" האָט שמואליק נישט געקענט זיך קעגנשטעלן. זיין געדאַנק איז נאָך דעמאָלט געלעגן אין די וויקעלעך, האָט נאָך געדאַרפט אָנקומען צו פרעמדע הענט, וועלכע זאָלן אים איבערלייגן. דערפאַר אָבער אין פאַריז, אַז ער האָט זיך שוין געהאַט אַ ביסל אָנגעזאַפּט מיט דער נייער לופט, זיך דערפילט פריי אַלס ייד, דערזען אַ וועלט מיט מעגלעכקייטן פאַר זיך — האָט ער מער נישט געוואָלט הערן פון טאַטנס צוזאָגן: זיי זאָלן אַרבעטן צוזאַמען, מאַכן „מאַרשעס" אַ פּאָר מאָל אין דער וואָך, און מיט גאָטס הילף... שמואליק איז אַנטלאָפן פון שטוב, צו מאָל נישט געגעסן קיין מיטאָג, און אין אָוונט איז ער צוריקגעקומען אין איין פרייד: „כ'האָב געפונען אַ פּאָסטן! אַ טייערן פּאָסטן, אין אַן אויטאָמאָבילן־פאַבריק! הע, מאַמע, וואָלטסט זיך אַזוינס פאָרגעשטעלט?... מיט צען טויזנט אַרבעטער — איך, דער ייד! און קיין הויקער וועל איך אויך נישט קריגן, הע, טאַטע?..."

פינף יאָר זענען פאַרביי. שמואליק איז אויסגעוואַקסן הויך, שטאַרק, די שפּראַך פון לאַנד, די קולטור איז אים געוואָרן אייגן. ביסלעכווייז האָט זיך אין אים אַריינגעכאַפּט אַ גרינגשאַצונג צו זיין טאַטן, צו די אַלע אייביק־

פאַרשמייעטע, אייביק־קרעכצנדיקע יידן. און אויב ער איז נאָך אהיימגעקומען שלאָפן, האָט ער דאָס געטאָן אויס רחמנות צו דער מוטער, וועמענס איינזאַמקייט ער האָט באמת מיטגעפילט. אַז ס׳איז אים אויסגעקומען דורכצוגיין אַ יידישע גאַס אויפן „פלעצל״, צי ערגעץ אַנדערש, איז ער זי כמעט דורכגעלאָפן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, זיך געפילט פאַרשעמט און באַליידיקט צוזאַמען. די יידישע שרייבער — זיינע ערשטע לערער — האָט ער מער נישט געוואָלט לייענען: פיינט געהאַט זייער רעאַליזם, וואָס פלעגט אים דערמאָנען אין זיין געצוימטן „נעכטן״, אין דעם יידישן ברויט־חלום. אין זיין מאָנמאַרטער ווין־ראַיאָן איז סאַמי (זיין פאַרטיי־פסעוודאָנים) געוואָרן סעקרעטאַר פון דער סאָציאַליסטישער יוגנט. ער פלעגט אויפטרעטן אויף וואַל־פאַרזאַמלונגען, און איז דעלעגירט געוואָרן צו קאָנגרעסן. „סאַמי — פלעגט מען אים גוטברודעריש קלאַפּן אין אַקסל אַריין — מיט דיין געשליפן צינגל וועסטו נאָך ווערן דער יינגסטער דעפּוטאַט אין פּאַרלאַמענט!״

און ער האָט אויפריכטיק געגלייבט דעריין. ד׳איזראַעלי האָט אים געדינט אַלס מוסטער. פונקט ווי יענער גרעסטער מלוכה־מאַן ענגלאַנדס, שטאַמט ער אויך פון יידישע עמיגראַנטן. נאָך מער: ער, שמואליק, איז צו מאָל נישט קיין הי־געבוירענער... און נאָך עפּעס: אין דער צייט, וואָס יענער לאָרד האָט זיך געשפּילט מיט נישט־געלונגענע ליטעראַטור־פּרוּוון, געפּטרט יאָרן, שיער זיך נישט אויסגעגליטשט צו דער ראָל פון אַ לאָנדאָנער דענדי — גייט ער, שמואליק־סאַמי מיט אַ גראָדליניקן, באַוווּסטזיניקן טראָט צו זיין ציל...

זעלטן פלעגט ער פאַרברענגען מיט חברים. זיינע קעשענעס זענען שטענדיק געווען אָנגעשטאָפּט מיט בראָשורן, מיט סטאַטיסטיש־עקאָנאָמישע צייטשריפטן. צו פרויען האָט ער כלל נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס. קיין שום אַנטיאויסלענדער־געזעץ האָט אים נישט באַאומרויִקט. ער האָט זיך געהאַלטן פאַר אַ פראַנצויז.

אָבער איין מאָל, אין אַ פרילינגדיקן פרייטיק־פאַרנאַכט, ביים אויסצאָלן דעם וואָכן־לוין, האָט מען אים פון דער פאַבריק־דירעקציע זייער העפלעך מיטגעטיילט: היות די אַרבעטסלאָזיקייט וואַקסט... טויזנטער פראַנצויזן דרייען זיך אַרום...

שמואליק איז געוואָרן אַזוי צעטומלט, אַז לאַנג האָט ער נישט גע־קענט צונויפפירן די ליפּן.

זיין אַרבעטס־שכן פּיער האָט דערשראָקן אים אָנגעקוקט.

— וואָס איז דיר, סאַמי?... קום עפּעס אויסטרינקען, ס׳איז היינט מייך ריי צו צאָלן.

סאַמי איז אויטאָמאַטיש נאָכגעגאַנגען. אַן אומגעהויערער פּלאָנטער האָט זיך באַוויגן אין זיין מוח...

אין „ביסטראָ" האָט זיך געוואַלגערט טומל: קאָרטן־דיאַלעקט, קלאַפּעריי פון ביליאַרד־שטעקנס, ניכטערע רייד פון די „אייביקע פּאָליטי־קער". שמואליק איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אין בופעט צווישן אַנדערע אַרבעטער פון זיין פאַבריק, ער האָט געהייסן זיך דערלאַנגען אַ ווייסן ווייַן.

ער שטייט אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער לענג, אָן איין באַוועגונג, טויב און בלינד צום אַרום.

— נו, טרינק שוין, סאַמי! — גיט אים פּיער אַ צי ביים אַרבל.

סאַמיס האַנט גיט זיך מעכאַניש אַ צי אויס, אַ כאַפּ אָן דאָס גלעזל, אַ טראָג צו צום מויל — און שוין דערהערט זיך אַ וואָרט, טויבלעך, ווי פון אַ גרוב:

— אַ צוויטס!

— האָ! ס׳אַראַ אַפּעטיט... — לאַכט פּיער, שוין לאַנג, אַז ער וויל אים זען אַ שיכורן. כדי אַרויסצוקריגן ביי אים: פון וואַנען ער קומט? ווער זענען זיינע עלטערן? פאַר וואָס לאַדט ער קיין מאָל נישט איין זיינעם אַ חבר צו זיך אַהיים? אין פּיערן, דעם הונדערט פּראָצענטיקן פראַנצויז, האָט סאַמיס אויפפירן זיך אין געזעלשאַפט, זיין שווער געמיט, דאָס קוקן אויף יעדער מין פאַרוויילונג מיט גרינגשאַצונג — אַרויסגערופן ספיקות וועגן זיין פראַנצויזישקייט. פּיער האָט ווידער אַ מאָל געפרעגט:

— נאָך איינס? דאָס זעלבע?

דער ווייסער באָרדאָ־ווייַן האָט סאַמין דורכגענומען, פאַרטריבן פון אים די אָפּהענטיקייט און אים צערייצט. ער האָט מיט אַ מאָל דערזען, ווו ער איז, געוואָרן וואַכזאַם צום מינדסטן קלאַנג. ער האָט אויפגעכאַפּט רייד פון זיינע שכנים:

— דאָס אָפּזאָגן האָט זיך אָנגעהויבן. כ׳וואָלט קיין מאָל נישט גע־גלייבט, אַז צוזאַמען מיט מיר אַרבעטן אַזוי פּיל אויסלענדער...

— שוין לאַנג צייט געווען!

— אַ פּאָר הונדערט טויזנט אַרבעטן אין לאַנד, און פּראָנצויזן אַר־בעטסלאָזע... כ׳קען אַ פאָטער פון דריי קינדער...

— מיינע פריינד — האָט זיך ווער אַריינגעמישט מיט אַן איטאַל־יענישן אַקצענט — דערזעט די זאַך אַ ביסעלע דיאַלעקטישער! איר אידענ־טיפיצירט אונדז, פרעמדע, מיט דער קאַפּיטאַליסטישער סטרוקטור; ווער איז שולדיק אין דעם קריזיס? ניין, באַוווסטזיניקע פּראָלעטאַריער טאָרן אַזוי נישט רעדן!

— אַלץ אמת, קאַמעראַד, נאָר דאָרט, ווו ס׳האַנדלט זיך וועגן ביפ־שטיק, זענען אַלע טעאָריעס...

— אַוודאי!

— און אונדזערע קינדער ווער וועט דערנערן?

— מיט שיינע רייד האָט נאָך קיינער נישט אָפּגעקאָכט קיין מיטאָג.

שמואליק האָט זיך נישט געקענט מער איינהאַלטן. טרערן פון שאַנדע, פון פאַרצווייפלונג האָבן אים געשטיקט. און די אַלע פאַרזאַמלונגען, מיטינ־גען, קאָנגרעסן, ווו ס׳איז געשמידט און געהאַמערט געוואָרן דער גרויסער באַגריף וועגן איינהייט — דאָס איז געבליבן אויף ווייטער בלויז אַ וואָרט? אַ פראַזע?

ער האָט זיך אַריינגעשניטן צווישן דער גרופּע, און אַ הויך, שווער קול, אַ קול נישט פון אַ יוגנטלעכן, אַ קול וואָס קלינגט אויס יעדעס וואָרט באַזונדער, ווי אַ וואָרענונג — האָט ער פון זיך אַרויסגעיאָגט. דורך דער ברייטער שויבן־טיר האָט די אונטערגייענדיקע זון אָנגעצונדן זיין קאַנטיק פּנים, די אויגן, די צעפלאָשעטע טשופּרינע... אַרום די טישלעך איז שטיל געוואָרן, ביים ביליאַרד איז מען געבליבן שטיין מיט אויפגעהויבענע שטעקנס.

שמואליק האָט גערעדט וועגן די פאַרפאָלגטע, וואָס האָבן זיך געראַ־טעוועט פון טויט, פון קאָנצענטראַציע־לאַגערס און זענען געקומען אַהער, אינעם לאַנד, וואָס האָט באַשאָנקען דער וועלט מיט דער דעקלאַראַציע

פון מענטשן־רעכט... ער האָט דערציילט וועגן די פּאַגראָמירטע יידישע היימען...

זיין קול איז געוואָרן אָנגעשוואָלענער, האָט געוואָרנט קעגן דער גרויזאַמער שריפה, אויב אַלע צוזאַמען וועלן זיך נישט דערלאַנגען ברי־דערלעכע הענט.

שמואליק האָט נישט געוווסט, ווי אַזוי ער איז אַרויסגעקומען פון „ביסטראָ", ער האָט געשפּרייזט לענג־אויס דער סען. דאָס לאַמטערן־ליכט פון בײדע זייטן ברעג האָט אָפּגעלויכטן אינעם גראַנאַטענעם וואַסער, ווי צוויי שנורן ריזיקע פּערל... אַ ווייך, פרילינגדיק ווינטל איז אים נאָכגעלאָפן און געקילט זיין צעהיצטן קאָפּ.

— מאַמע, כ׳בין קראַנק! — האָט ער געזאָגט אַהיימקומענדיק.

*

שמואליק האָט ערשט דערזען דעם טעות זיינעם, ווען וואָגלענדיק איבער דער שטאָט נאָך אַרבעט, האָט מען אים אויף זיין „גוטמאָרגן" געענט־פערט: „עט ווו פראַנסע ?" (איר זענט אַ פראַנצויז ?). שפּעטער פלעגט ער איצט אָפּליגן אויפן בעטל ביי די עלטערן אין שטוב. דאָס גערויש פון דער ניי־מאַשין, דעם טאַטנס זיפצן, דער מאַמעס פאַרהאָרעוועט שוייגן — האָבן זיך אַוועקגעשטעלט, ווי אייזערנע קראַטן אַרום אים. דער געטאָ מיט אַלע זיינע ריחות, מיט זיין גאַנצער דערנידעריקונג. ניין, דאָ איז געשען אַ פאַראַט קעגן אים! אָבער ווער האָט פאַראַטן? זיין געדאַנק, צי זיינע חברים? און וואוהין זאָל ער אַצינד לויפן? זיך ראַטעווען מיט אַן אויסגעבעטלטער בירגערשאַפט?

אין די פאַרביטערטע שפּעטן פלעגט ער אַנטלויפן צו די קינדהייט־זכרונות. אַזוי בולט האָבן זיך אים פאָרגעשטעלט זיינע אַמאָליקע חברימלעך, און רייזעלע, די שוואַרצע רייזעלע, וועמען ער האָט געפלעגט ביים צעפּל שלעפּן און שרייען „וויאָ"!... רייזעלע ברענגט אים שטילערהייט קאַרמעל־קעס פון זייער געוועלבל אַרויס, אַלע יינגלעך רופן זיי בײדן „חתן־כלה, מעעע"... ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער און אַריינגעוויגט זיך

אין די ברייטע דניעסטער־וואַסערן, און ער איז פאַרשווּנדן ווייט־ווייט ביז צו דער מיל. דאָרט וואַרט אויף אים מיט אַ לודקע רייזעלע — אַ גרויסע איז זי שוין, האָט אַזעלכע שוואַרץ־שוואַרצע אויגן, ווי דער אַטלאַס פון רבס שבתדיקער קאַפּאָטע; זי האָט אַזעלכע רויט־רויטע ליפּן, ווי דאָס פּרוכת אויפן אָרון־קודש אין שול... און אָט שווימען זיי שויןביידע אין שיפל. דאָס פעלד האָט אים, דעם צוריקגעקומענעם דערקענט — שטרעקט עס אויס צו אים די שלאַנקע, גרינע גלידער... און דער וואַלד קומט אויך צו לויפן, באַווייזט אים די נעסטן, פון וואַנען ער האָט געפלעגט אַרויס־גנבענען אייערלעך; באַקענט אים מיט זיינע ליבע אייניקלעך — די צאַרטע בעריאָזע־טעכטערלעך און די דעמבענע זין — — —

אַלץ, וואָס איז פאָרגעקומען אויף זיין געבוירן־ערד האָט אים איצט געלאָקט, פאַראינטריגירט. ער האָט געלייענט יעדן טאָג די דאָרטיקע פּרעסע, נאָכגעזוכט צו הערן אַ גרוס פון וועמען. ער האָט פאַרבונדן אַ קאָרעספּאָנ־דענץ מיט זיינע אַלטע חברים, געוואָלט וויסן, וואָס זיי דענקען איבער דער צוקונפט פון אַרבעטער־קלאַס, פון יידישן פאָלק.

אין איינזאַמע שעהען האָט עס אים איצטער געצויגן צו די יידישע קוואַרטאַלן אויפן בעלוויל, אויפן „פּלעצל“. דאָס, וואָס שפּילט זיך אין זיי אָפּ — האָט ער פאַרשטאַנען — איז אים נוגע, ווייל זיי — דאָס איז ער אַליין. און ווען ער האָט זיך צוגעקוקט, ווי אין קאַרגע שטיבעלעך, אין גראָ־שנדיקע האָטעל־צימערלעך זיצן זלמנס, יאָכוועטס און גיבן אַוועק שטיקער האַרץ, שטיקער לונג אויף צו פאַרקלעפּן זייער פּאָגראָמירטע עקזיסטענץ — האָט ער פון זיך געטריבן די באַפאַלענע סענטימענטאַלע געפילן: סענטי־מענטאַלקייט שוואַכט אָפּ מענטשלעכע אַקטיווקייט. און ער האָט זיך דאָך געוואָלט ראַטעווען, געוואָלט וואַרפן אַ וואָרענונג אַלע זיינע חברים, דער גאַנצער יידישער יוגנט.

דריי טעג איז שמואליק נישט אַהיימגעקומען, אַרומגעלאָפן אין די קאָנסולאַטן, באַן־געזעלשאַפטן. ער האָט נישט געוואָלט, אַז אין שטוב זאָל מען צו אים צושטיין מיט אומרויִקע פראַגעס.

*



יאָסל צוקער אין 1934

אַצינד, ווען שמואליק איז אַריינגעקומען, האָט יאָכוועטל געדרימלט ביים פענצטער, ווו זי איז געבליבן זיצן וואַרטן אויפן זון. ער האָט אָנגעצונדן דעם לאָמפּ, איז פאַרשווונדן אויף עטלעכע מינוטן אין אַנדערן שטיבל אַריין, גענישטערט אין דער שאַנק און צוריק אַריין אין קעכל מיט אַ פאַרפּאַקט וואַליזקעלע.

— גוט נ׳אָוונט, מאַמע!

זי האָט אויסגעווישט דעם שלאָף פון אירע אויגן:

— זע נאָר, זע נאָר... — און פאַרשלייפט אירע אָרעמס אַרום אים — ווו ביסטו געווען, האָסט חתונה געהאַט?...

פּלוצעם האָט זי באַמערקט דאָס וואַליזקעלע.

— פאָרסט אַוועק?

איר קול האָט געציטערט. פון דער צוזאַמענגעצויגענער קעל האָט זיך דורכגעשטופּט, ווי אַ געבעט־רוף: שמואליקל! זי איז אַרומגעלאָפן מיט אירע הייסע ליפּן איבער זיינע באַקן, אַראָפּגעזעצט אים אויף איר ברייטער שויס, ווי אַמאָל־אַמאָל, און זיך געוויגט מיטן קינד, געהאַלדזט אים און געוויינט:

— צו וועמען זשע וועל איך ערשט אויסרעדן אַ וואָרט?... אויף וועמען וועל איך ערשט וואַרטן אין די נעכט?...

שמואליק האָט געשוויגן. אין צווייען איז ער איצט געווען צעטיילט: איין טייל — דערפאַרן ביז צעריסנקייט, קאָמפּסמוטיק, צילבאַוווּסט, אַן עקשנות, וואָס איז בכוח אַריבערצוטרעטן איבער ליבע, איבער טרערן; די צווייטע טייל — אַ טיפע ליבע, אַ געהייליקטע אין די בלוט־פּייערן, אַן אור־מענטשלעכע, וואָס קיין שום פּרינציפּן קענען זי נישט צוימען, פאַרשפּאַרן. און דערפאַר האָט איצט דאָס צווייטע געהאַט די איבערגעוויכט. דאָס קינד איז אין שמואליקן צוריקגעקומען מיט דער גאַנצער אומבאַהאָלפנקייט, מיט אַלע פאַרלאַנגען צו ווערן געצערטלט און צו צערטלען, צו ווערן גע־שיצט פון דער מאַמע־וואַרעמקייט און צו באַשיצן; אַז אירע רייד זאָלן פאַרוואַנדלט ווערן אין מעשהלעך און זיינע ווערטער — אין „פאַרוואָסן“...

גאָר די מאַמע האָט גאָר גערעדט פון איר אומגעקומען טעכטערל אין תפיסה, פון דעם עלטערן זון, וואָס קעמפט פאַר דער ארץ־ישראל־ערד און

יעדע מינוט לויערט אַ קויל אויף זיין לעבן. יאָ, זי האָט אַ רעכט צו וועלן אים, דעם יינגסטן, דעם איינציקן, באַהאַלטן לעבן זיך: נישט פאַר דער וועלטס רשעות האָט איר מוטער־טראַכט געוויטיקט!

— שמואליקל, וווהין ווילסטו לויפן? אויף אַלע וועגן וואַרטן אונדז אָפּ די היצלעס... און קיינער דערהערט נישט אונדזער געשריי... די מענטש־לעכע הערצער זענען פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט כל־דאָס בייז!

אַ פיינלעכע שטילקייט האָט זיך אַרויסגערוקט פון די שטוב־ווינקע־לעך און צוגעדישעט איר בלאַס, ציטערנדיק קול.

שמואליקן איז געקומען אויפן זינען זיינע אַמאָליקע רייד: מיר, יידן, טאָמער וואָס־ווען — לויפן מיר. דעמאָלט האָט ער זיי פאַרשטאַנען מער מיט די געפילן, ווי מיטן שכל. איצט האָט ער זיי אויסגעטייטשט:

— זעסטו, מאַמע, אונדז פעלט ליבע צו אונדזער היימערד. דאָס שוואַכסטע ווינטל קען אונדז אַרויסרייסן מיטן וואָרצל. אומעטום האַלט מען אונדז פאַר פרעמדע, אַפילו דאָרטן, ווו אונדזערע עלטער־עלטער־זיידעס האָבן געשאָנקען זייער בלוט פאַר דער אומאָפּהענגיקייט. און פאַר וואָס? — דערפאַר, ווייל מיר אַליין באַטראַכטן זיך אַלס פרעמדע, אומעטום בויען מיר אויף הינערישע פיסלעך...

— איז ווו זשע ווילסטו דען פאָרן? — האָט יאָכוועטל דערנאָך געפרעגט.

— אַהיים! צוריק אַהיים! הי בין איך אַלעמען אַ פרעמדער און אַלץ איז מיר דאָ פרעמד: אַפילו דער הימל אויך... דאָרטן, אין דער היים, וועלן מיר אַפילו די ליידן זיין טייער! און ווען אונדזער ערד וועט באַפרייט ווערן פון דעם זידל־וואָרט „ייד"...

די גלאָקן פון „סאַקרעקער" האָבן זיך אַריינגעוויגט אין זיינע רייד. ס'האָט געשלאָגן עלף דער זייגער. מוטער און זון האָבן זיך גענומען טוליען איינער צום אַנדערן. שטיל־שטיל האָט זי אַרויסגעוויינט:

— דיר איז גוט... ביסט נאָך אַזוי יינג...

אַז די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, האָט יאָכוועטלען אָנגעכאַפּט אַזאַ ווייטיק איבערן גאַנצן לייב, ווי מ'וואָלט פון איר אָפּגעריסן אַ פרישן לעבע־דיקן גליד און דאָס בלוט רינט, זאַמלט זיך אין אַ קאַלוזשע אַרום אירע

פיס... אָט האָט עס שוין דערגרייכט צו אירע קני און עס שטייגט, שטייגט אַלץ העכער צום האַלדז... און זי שטייט אַ בלאַסע, מיט אַן אויפגעריסן מויל, די אויגנלעפלעך צוזאַמענגעדריקט — — —

יאָכוועטל דערמאָנט זיך מיט אַ מאָל, אַז ער האָט איר נישט איבער־געלאָזט קיין אַדרעס. לויפט זי אַרויס אויף די טרעפּ, טאַפּט די הענט, שאַרט מיט די פיס — אונטער אירע טריט וואַלגערט זיך די פינצטערניש — ס׳איז שטיל. לויפט זי אַראָפּ אויפן הויף מיט אויסגעשטרעקטע הענט, ווי צו אַ געבעט:

— שמואליקל !...

צווייַ הויכע, ענג־צונויפגעקוועטשטע מויערן האָבן אויפגעכאַפּט איר רוף, נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן מיט אים, האָבן זיי אים פאַרוואָרפן איבערן דאַך.

אין דער פינצטערער שטוב איז יאָכוועטל דערנאָך לאַנג געשטאַנען ביים פענצטער. די לבנה האָט זיך געקייקלט פון קוימען צו קוימען, ווי אַ פּילקע, וואָס אַ קאַפּריזנע קינד האַלט אין איין אַוועקקאָפּען. ערגעץ האָט אַ זייגער אויסגעשלאָגן. ערגעץ־ווו האָט אַ לאָקאָמאָטיוו פאַרמאַטערט אויס־געהויכט אַ פייף און אַ הונט האָט לאַנג און טרויעריק צוריקגעבילט. פון צייט צו צייט האָבן די גלעקער פון „סאַקרעקער״ זיך איבערגעקערט און אויסגעגאָסן זייערע רייפע בראָנזענע אַקאָרדן...

ווען יאָכוועטל איז אַריינגעגאַנגען אין אַנדערן שטיבל זיך לייגן, האָט איר אַ ברי געטאָן אין די אויערן זלמנס כראָפּען, אַ גיך־שלינגענדיקס, פונקט ווי ער עסט... זי האָט געקוקט אויף זיין פאַרזשאַוועט פנים און געשאָקלט מיטן קאָפּ, אי מיט באַדויערן, אי מיט ווייטיק: וואָס איז דען געווען איר גאַנץ לעבן? איין קינד און נאָך אַ קינד; אַ פרייטיק־צו־נאַכטס און ווידער אַ מאָל אַ דינסטיק; אַ קרופּניק און אַ באָרשט — — —

פאַמעלעך גייט זי אָפּ פון זלמנס געלעגער, נעמט אַרויס פון דער שאַנק אַ פאַרבונדן פּעקעלע בריוו און זעצט זיך אַריין אין איר בעט. יעדן בריוו באַזונדער דערקענט זי אין דער פינצטערניש: אָט דער איז פון גאָל־דעלען, פון איינציקן טעכטערל. אָרעם קינד, נישט באַשערט געווען... אָט דער איז פון דודן, פון ארץ־ישראל. וואָס מאַכסטו, דודל? האָסט כאָטש

ווער ס׳זאָל דיר פאַרריכטן אַ שקאַרפּעטקע ? און אַז דו ליגסט, חלילה, קראַנק, ווער דעקט דיך איין ?

צו יעדן בריוו פאַלן צו אירע הייסע, ביטערע ליפּן...

— — — — — — — — — — — — — — — —

דער פרימאָרגן קריכט שוין אַרום אויף די דעכער אין אַ לאַנג, גראָ העמד.

און וואָס בלאָער ס׳פאַרבט זיך דער טאָג און די שטוב קניפּט זיך אַרויס פון דעם נאַכט־פּלאָנטער, פאַרקוועטשט יאָכוועטל די אויגן: ס׳איז איר אַ צער זיך צו שיידן מיט דער שטילקייט.

זלמן דרייט זיך שוין אויפן געלעגער. ער עפנט די אויגן מיט אַ קרעכץ און שטעכט דורך מיט זיין בייזן בליק דעם יונגן טאָג.

# אַרום מאָנפּאַרנאַס

צי ווייל בורגין איז שוין פאַרמאַטערט געווען פון לאַנגן שפּילן, צי ווייל יאַקובסאָנס רייד האָבן אים אויפגערייצט — מיט כעס האָט בורגין אָפּגעשטופּט פון זיך דאָס שאַך־ברעטל נישט ענדיקנדיק די פּאַרטיע. זיינע הייסע, גלאַנציקע אויגן מיט די פאַרגרעסערטע שוואַרצאַפּלען, ווי ביי אַ באַטרונקענעם, האָבן דורכגעשטאָכן מיט זייער בליק דעם פּאַרטנער, ער האָט נישט געקענט מער איינהאַלטן זיין אויפרעגונג:

— אַזוי... ביסט טאַקע איבערצייגט, אַז מיין שרייבעריש שטילשווייגן איז אַ רעזולטאַט דערפון־אַ? אָפּגעריסן געוואָרן פון יידישן מאַסן־לעבן, המ... די באַזע פאַרלוירן... די אומגליקלעכע באַזע!

פּינקטלעך, כמעט שפּילנדיק זיך, האָט יאַקובסאָן איינגעלייגט די פיגורן אינעם שאַך־קעסטעלע. אַרום זיינע דיקלעכע ליפּן, פייכטלעך־רויטע און עטוואָס צו־קינדישע פאַרן האַרטן לענגלעכן פּנים, האָט זיך געבלעזלט אַ שמייכעלע:

— איבערצייגט...

בורגין האָט מיט אימפּעט אויסגעזופּט דאָס אַכטע גלעזל שוואַרצע קאַווע, פאַררייכערט אפשר דעם צוואַנציקסטן סיגאַרעט פון היינטיקן אָוונט און אויף ס׳ביי זיך איינגעגריזשעט מיטן בליק אין זיין פּאַרטנער. דאָס פּינקטלעכע איינלייגן די שאַך־פיגורן האָט אים דענערווירט. ער האָט פיינט געהאַט די רו, די זאַכלעכקייט פון יאַקובסאָנס פירונג, פון יאַקובסאָנס דענקען; אַפילו אין דעם אָפּגעלאָזן־באַוואַקסענעם פּנים זיינעם איז דורכויס געלעגן געמיטלעכקייט. בורגין האָט געהאַסט די רויִקייט, וואָס אים גופא פעלט זי. שוין פופצן יאָר, ווי ער דרייט זיך אַרום צווישן די קאַפעען „ראָטאָנדע" און „קופּאָל" און קען נישט צוריקגעפינען זיין איגערלעכע

גאַנצקייט, בלאָנדזשעט אין אַ תוהו־ובוהו פון סטערילן אינטעלעקטואַליזם און משונהדיקע קאָנצעפּציעס.

— איבערצייגט... — חזרט איבער יאַקובסאָן — האָסט מיר נאָך קיין מאָל נישט געענטפערט אויף מיין פראַגע: פאַר וואָס האָסטו אַוועקגעוואָרפן דיין מוטערשפראַך, וואָס איר קערנדיקייט איז געווען אַ טייל פון דיין בלוט, און געלאָפן זיך אָנכאַפּן אין אַ פרעמדער? צו אַ פרעמדער מיליע?

בורגינען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס רייצט ער זיך אַזוי מיט אים, רייצט זיך, כדי אים צו פייניקן — אַלע פייניקן אים! די גאַנצע וועלט פאַר־פאָלגט אים ווייטער אַלס ייד, לאָזט אים נישט צום וואָרט קומען...

— אַדיע! — איז ער אויפגעשפּרונגען.

אין דרויסן זענען די קאַפע־טעראַסן, די טראָטואַרן שוין געווען אָפּגערוימט פון מענטשן. אַ שפּעטער נאַכטווינט האָט אויפגעהויבן הויפנס צעטראָטענע רעקלאַמע־פּאַפּירלעך, פאַרוויאַנעטע בוימבלעטער און זיי געיאָגט איינע נאָך די אַנדערע, זיי געדרייט אַרום דעם איינזאַמען בורגין. אויפן מיטן ברוק האָט אַ לאַנגע ריי טאַקסיס געדרעמלט מיט האַלב־פאַר־קלעפּטע רויטע אויגן. און פון ביידע זייטן בולוואַר מאָנפּאַרנאַס זענען די מויערן געשטאַנען קאַלטע, ווי בלאָקן חושך...

די אַרומיקע קילע פּוסטקייט האָט אָפּגעווישט בורגינס אויפגערעגט־קייט, אַ ביטערער אומעט האָט אים איינגעקלעמט. אומענדלעך־לאַנג האָט זיך געצויגן דער בולוואַר, געשלעפּט זיך ווי אַ היימלאָזער וועג, וואָס פירט אין ערגעץ נישט אַוועק... יאַקובסאָנס רייד זענען אים נאָכגעקראָכן. ער האָט זיך פאַר זיך אַליין פאַרטיידיקט: „אָט שרייב איך דאָך אַ גרויסן ראָמאַן"...

— כאַ־כאַ... — האָט אַ קול אַרויסגעלאַכט פון יעדן פאַרבייגייענדיקן געסל — כאַ־כאַ... ווען גענאַרסטו? שוין פינף יאָר שרייבסטו ס'ערשטע קאַפּיטל!

ער האָט גענומען שנעלער גיין. אָבער דאָס געלעכטער האָט זיך אָנגעהאָנגען אין זיינע אַקסלען, אים צוריקגעשלעפּט פאַר די פּאָלעס — איז ער אַריין אין אַ קאַפע, באַשטעלט אַ ראָם, אַ צווייטן און געבליבן זיצן מיט אַן אַראָפּגעזונקענעם קאָפּ איבער דער ברוסט.

ווען ער איז אַוועק פון דער היים נאָכן גרויסן דערפאָלג פון זיין

טרילאָגיע, האָט ער געהאַט דערביי אַ מיינונג: דער יידישער ליטעראַטור פעלט לופט. ס׳פעלט איר דער אייראָפּעישער אָטעם פון אַ באַלזאַק, דער אינטעלעקטואַליזם פון אַ פראַנס, — זי שטיקט זיך נאָך אַלץ אין די גלופּסקער שטעטעלעך מיט די קליינע מענטשעלעך. ס׳איז אַן ערזאַץ־לעבן. די טראַגיק איז קיין טראַגיק נישט, דער קאָמיזם — קיין קאָמיזם נישט. דער העראָיזם ליגט אין אַלטע שמות — אַ פּאָלק אין אַ קרעטשמע. די ראָמאַנטיק האָט זיך דערפון אָפּגעטאָן, דער בעש״ט איז געווען זייער לעצטער ראָמאַנטיקער...

— מ׳פּאַרמאַכט!

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ: אַ גאַרסאָן איז געשטאַנען איבער אים.

*

אין שטוב איז געווען פינצטער. אַננאַ איז געשלאָפן מיטן שלאָף פון אַ פאַרהאָרעוועטער פרוי, איר קורצער אָטעם האָט זיך שווער, שווער געהויבן אין דער לופטן, געהויבן זיך און געפאַלן.

בורגינען האָט אָנגעכאַפּט אַ פאַרדראָס צו איר רויִקן שלאָף, איר עטעמען האָט אים געבריט. האָט ער אין דער פינצטער אַראָפּגענומען פון דער שאַנק זיין וואַליזע מיט די מאַנוסקריפּטן און גייענדיק צו דער קיך, האָט ער זיך אָנגעשטויסן אין בעט. אַננאַ איז אויפגעקומען.

— שלאָפט נאָך אַלץ נישט... פּטרט זיך אַוועק!

— נישט קיין טאָג, נישט קיין נאַכט — האָט ער אָפּגעזיפצט.

— ווען דו זאָלסט מיך האָרכן...

— וואָס האָרכן, פאָרן צוריק, צוריק אַהיים?!

— הענגסט דאָך... אין דער לופטן הענגסטו דאָך...

ער פאַרהאַקט הינטער זיך די קיך־טיר און נעמט נישטערן צווישן די מאַנוסקריפּטן. צום טייוול מיט אַלע אידיאָטישע טענות! און ווו זאָל ער דאָ קענען אַרבעטן? — אויף אָט דעם טישעלע? מ׳קען זיך דאָך נישט רעכט אָנשפּאַרן דערויף! און ביי טאָג וואָלט ער אַנטלאָפן פון דער

שטוב, ווי פון אַ בלאָטע: דאָ גרעגערט אַ ראַדיאָ ביים שכן, דאָ ווידער וויינט אַ קינד... די מאַנוסקריפּטן גליטשן זיך אַרויס פון זיינע שמאָלע בלאַסע פינגער, ווי פאַלשע באַנקנאָטן. אַ שווערקייט לייגט זיך אַרום זיין האַרץ. נעמט ער אַראָפּ אַן עקזעמפּלאַר פון זיין טרילאָגיע (וואָס האָט אים אין יידיש באַרימט געמאַכט), לייענט דורך אַ זייטל אויפן קול, הערט זיך איין צו יעדן וואָרט באַזונדער, אָבער ס'לאַנגווייליקט אים, ער קען שוין גאַנצע קאַפּיטלעך אויף אויסנווייניק.

אין בעט קען ער נישט איינשלאָפן. אויפן טיש ראָיען אַרום רייד — יאַקובסאָנס, אַנגאַס, קריכן אין זיינע אויערן אַריין, ווי ווערעמלעך... ער טוט זיך האַסטיק צוריק אָן און גייט אַראָפּ.

אין די געסלעך ליגט שוין די נאַכט אַ געבונדענע מיט די ערשטע גראָע שנורן. אַ דין רעגנדל פאַלט. בורגין שפּאַנט אָן אַ וווּהין, איינגע־הויקערט, דעם ברייטראַנדיקן שוואַרצן הוט איבערן שטערן אַראָפּגערוקט, דעם קאָלנער פון לייכטן פאַלטנדל אויפגעשטעלט, און ער רייכערט, פּיפּקעט גיך, וויל זיך אָנטרינקען מיטן רויך — דערשטיקן דעם אָנקומענדיקן אומעט, די אָנקומענדיקע פּוסטקייט פון דעם נייעם טאָג.

# ע ל נ ט

1

קיין קינדער האָט לאה נישט געהאַט, און איר מאַן איז פון קריג נישט צוריקגעקומען. נאָכן וואָפנשטילשטאַנד האָבן שטעטלדיקע מאַמעס עפּעס געקעכלט אַ וואָרט, אַז בונציען, איר מאַן, זאָל מען האָבן געזען אין „נויאָרק״. נאָר זי האָט אַלעמען אויסגעלאַכט: כע... מיין בונציעלע וואָלט פאַר מיר אויסגעשעפּט דעם טייך מיט אַ פינגערהוט, כע...

שדכנים, מבינים אויף איר שטאַלטנעם, שיינעם אויסזען, האָבן זיך געשאַרט צו איר מיט גאָלדענע סודות. זי, אָבער, האָט געהאַט גרייט איין ענטפער: טאָמער האָט אים נאָר דער רבונו של עולם אויסגעהיטן פון אַ קויל — בין איך שוין אויסגעזאָרגט...

אַזוי זענען אַוועק אירע שענסטע יאָרן אין בענקשאַפט, אין ווייטיק און אין טאָגטעגלעכע צרות, וואָס טרעפן אַ פרוי, ווען זי איז איינע אַליין. דערצו נאָך האָט יעדעס שטעגל, יעדעס פלויטל איר דערמאָנט אין אים, בונציען. אין די נעכט אויפן געלעגער פלעגט זי הערן זיין וואָרעם, בחוריש קול: לאהלע... — דאָס רופט ער זי אויף אַ שפּאַציר אַרויס. אַז זי האָט אַדויסגעטראָגן אַ קיישל עפּל אין מאַרק אַריין, האָט זי כמעט נישט געפילט די משא, וואָרעם זיינע הענט האָבן עס אונטערגעהאַלטן, זיינע... אַז זי איז געגאַנגען שפּאַצירן אויפן ברייטן, מיט קאַשטאַנען־ביימער אַרומגעשטעלטן, וואַרשעווער שאָסיי, האָט זי אין יעדן בוים געזען בונציעס געשטאַלט...

אין שטעטל איז איר געוואָרן שווער צו אָטעמען.

איין מאָל האָט זי געמאַכט אַ פּעקל פון איר גוטס, אַריינגעפּאַרן קיין וואַרשע און דרוך כלערליי אומוועגן זיך דערשלאָגן צו אַ פּאַס קיין אויסלאַנד.

ווי ביי אַ סך יידישע עמיגראַנטן, איז אויך איר מיין נישט געווען צו פאַרבלייבן אין פאַריז. זי האָט געהאָפט צו פאָרן ווייטער, טאָקע קיין אַמעריקע. נאָר געמאַכט האָט זיך אַזוי: ווען זי האָט שוין געהאַט דער־גרייכט — דורך צוהאַנדלען, דורך אַרבעטן ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין — די נייטיקע סומע פאַר דער רייזע, איז שוין אוממעגלעך געווען אַהינצופאָרן. מיט יאָרן פריער איז לאה בכוח געווען דורכצוברעכן אַלע שטערונגען אויף איר וועג, היינט אָבער האָט זי זיך שוין געפילט אַלט. דאָס ווייטיקלעכע בענקען, דאָס האָפן אויף עפּעס אַ נס, האָט אַ תּל געמאַכט פון איר געזונט. דעם קאָפּ אַטלאַס־שוואַרצע האָר האָט די גרויקייט גע־פרעסן; דאָס לויטערע אָוואַלע פּנים איז פול געוואָרן מיט קישעלעך און מיט קנייטשן; די אויפגעגאַנגענע ברוסט האָט איינגעדאַרט. זי האָט מער נישט פאַרמאָגט קיין כוחות פאַר די שטיקנדיקע, עמיגראַנטישע פאַבריק־לעך אין די האַלב־פינצטערע האָטעלעכלעך, אין די מאַנסאַרדע־שטיבלעך, וועלכע זענען נאָך דערצו באַוווינט געווען פון פּאַטראָן מיט זיין פאַמיליע.

דעמאָלט איז לאה געפאַלן אויף אַ המצאה: זי וועט איינאָרדענען ביי זיך היימישע מיטאָגן.

2

אויף די ביסאָן, אין אַ לאַנגן הויף, אַרומגעשטעלט מיט פּראָווינ־צערישע, צווישטאָקיקע הייזער, אָנגעשאָטן מיט יידישע קינדער, מיט יידישע קללות און לידלעך, מיט געררויש פון ניימאַשינדלעך — האָט לאה געדונגען צוויי שטיבן. פאַר אַ וויזיטקאַרטע איז אויף דער טיר אָנגעהאָנגען געוואָרן אַ לענגלעך שטיקל טאָוול, באַשריבן מיט בלאָע יידישע אותיות: „היימישע מיטאָגסער — היער", און עפּעס אַ געמעלעכץ, וואָס האָט גע־דאַרפט זיין אַ פינגער פון אַ האַנט, האָט פון די טרעפּ־אָן געוויזן צו דער טיר.

צוויי מאָל אין טאָג, צום מיטאָג און צום אָוונטברויט, זענען געקומען אַ צען־צוועלף מענטשן. ביים עסן האָבן זיי אַרויסגעלייענט אויפן קול גאַנצע שטיקער פון זייערע צייטונגען און איבערגעשריגן איינער דעם

אַנדערן מיט פּאַרטייאישע קאָמענטאַרן. די מיידלעך ווידער, כדי אָפּצושטעלן די צעהיצטע בחורישע צדדים, פלעגן זיך אַריינמישן מיט זייערע טרוקענע געלעכטערלעך, אָן עכאָ־כוחות, פאַרמאַטערטע פון צען־שעהדיקע אַרבעטס־טעג אָדער זיי פלעגן גאָר טרויעריק אַרויסזינגען היימישע פאָלקס־לידלעך, אין וועלכע ס׳האָט זיך דערציילט וועגן ליבע און פרייד...

לאה האָט אויפגעלעבט אין זייער סביבה. זי האָט אויף זיי געוואָרט, ווי מ׳וואַרט אויף אַ מאַן, ווי מ׳וואַרט אויף אייגענע קינדער. אַזאַ מוטערלעכע וואַרעמקייט האָט זי באַהערשט... זי איז זיי אַנטקעגן געקומען — ווענען מיט אַ גלעט אין בעקל, מיט אַ טרייסט־וואָרט, און אַז ס׳איז נייטיק געווען — מיט אַ צוטוליען ווענעמס קאָפּ צו איר אויסגעבענקטער ברוסט.

— עפּעס האָסטו מיר היינט אַזאַ „ניע טו, ניע טאַם״־אויסזען, וואָסי ?

— פּאַצעט מיינער, גיב אַהער דעם מאַנקעט, וועל איך דיר צונייען אַ קנעפּל ! איי, די מענער, די מענער... זיי דאַרפן אַ פרוי זאָל זיי „סוויוועןּ״ טריט נאָך טריט.

זיי האָבן זי גערופן : טאַנט לאה. טייל מאָל פלעגט עמעצער פאַר איר ברענגען אַ בילעט אויף אַ יידישער טעאַטער־פאָרשטעלונג, אָדער זי מיט־נעמען אויף אַן אַרבעטער־פייערונג. אַז אַ מיידל איז געווען אַרבעטלאָז און האָט נישט געהאַט ווו אַהינצוטאָן איר איינזאַמען טאָג, פלעגט זי קומען צו טאַנט לאהן, ווי מען קומט צו אַן עלטערער שוועסטער.

— אַ מענטש דאַרף נישט אויפהערן צו האָפן — פלעגט טאַנט לאה טרייסטן. זי האָט פאַר זיי געהאַט איין נאָמען : קינדער.

— קינדער, געגעסן זאָל ווערן ! דער זשורנאַל איז נישט פון קאַר־טאָפליעס, ער וועט נישט איבערגעשטאַנען ווערן.

— שרייט נישט אַזוי הויך, קינדער ! דער גאַנצער הויף איז שוין פול מיט אייך.

נאָר ווען זיי זענען זיך צעגאַנגען, זענען די שטיבלעך געוואָרן אומהיימלעך־גרויס. פון יעטוועדן בענקל, פון דעם ליידיק־געוואָרענעם מלבושים־הענגער האָט געאָטעמט אַ קעלט.

דעמאָלט פלעגט לאה אַראָפּנעמען דאָס שליסעלע, וואָס איז אויף אַ

בענדעלע געהאָנגען אַרום איר האַלדז, און אויפשליסן די מאַסיווע, אַלט־מאָדישע שאַנק. דאָ ליגן בונציעס העמדער, אויסגעפּרעסטע, פאַרמאַכט אויף אַלע קנעפּעלעך... זיינע שיך שטייען אָפּגעפּוצטע, ווי אַ פּאָר לאַקער־קעס, אָנגעשטאָפּט מיט פּאַפּיר, כּדי אויפצוהאַלטן זייער פאָרעם... דאָ הענגט זיין ווינטערדיק פּעלצל, באַשאָטן מיט נאַפטאַלינע... און איינגעפּאַקט אין אַ ווייס, זיידן טיכעלע — ליגן זיינע בריוו פון פראָנט...

שעהען לאַנגע פּלעגט זי אָפּשטיין, דעם קאָפּ אין דער שאַנק, די אויגן צוגעמאַכט, מיט אונטערציטערנדיקע ליפּן, ווי זיי וואָלטן מיט וועמען גערעדט... אירע הענט האָבן אַרומגעבלאָנדזשעט איבער די זאַכן, זיי געגלעט ווי לעבעדיקע גלידער און איר פּנים פּלעגט אויפשיינען, ווערן ייִנגער... טייל מאָל פּלעגט זיך איר אויסדאַכטן, אַז מ'קלאַפּט אין טיר, זי איז געלאָפן עפענען, דעם קאָפּ אַרויסגעשטעקט, אַרומגעקוקט זיך אין אַלע זייטן — קיינער נישט!

און דאָך האָט זי זיך געריכט אויף איר בונציען יעדן טאָג, אַ ליאַדע רגע. זי האָט אַ מאָל געלייענט אין צייטונג וועגן אַ מאַן, וואָס איז נאָך צוואַנציק יאָר נישט זיין — צוריקגעקומען. ווער קען וויסן?

— אַ מענטש דאַרף נישט אויפהערן צו האָפן! — פּלעגט זי זיך אַליין טרייסטן.

*

נאָכן אָונטערבּרויט, ווען די „קינדער" גייען אַוועק, קריגט די שטוב אַן אויסזען פון אַ קליינשטעטלדיקער פּריזבע אין אַ ראָזעווען זומער־פאַר־נאַכט. ווייבער, שכנים, וואָס זענען אַ גאַנצן טאָג פאַרהאַוועט אין זאָרגן, קומען אַריין דערוויסן זיך אַ נייעסל פון דער אַלטער היים.

לאה האָט אַ שם אין הויף. לאה, ווייסט מען, איז „אויסגעקאָכט מיט דער וועלט". צו אירס אַ וואָרט האָט מען צוטרוי, און איר ברענגט מען אַריין אויסצוטייטשן די בריוו, וואָס מ'דערהאַלט פון דער היים. זי לייענט זיי אויפן קול מיט אַ צעצויגענעם ניגון, און אַלע ווייבלע לאָזט ווער אַנדערש פאַלן אַ פאַרבענקטן קרעכץ:

— אַה... סאַרנע וועלדער, סאַרנע פעלדער !... דאָ זעט מען דאָס נישט אַפילו אין סינעמאַ !

— יעך האָב געהאַט צוויי שטובן מיט זון, צ׳הערט ?...

— אַפילו די זון וואַרעמט דאָרט אויף אַנדערש — זאָגט לאה מיט אַ פאַרטראַכט קול און זי גייט אַריין אין קעכל אָנגיסן גלעזער טיי.

מיט אַ מאָל בלייבן אַלע שטום. זיי וויסן נישט מער וואָס צו זאָגן. די אייביק פאַרזאָרגטע קעפּ נעמען זיך טרייסלען מיט באַדויערונג...

אַ טייל ווייבער זיצן אויפן אייזערנעם בעטל, אַנדערע זענען צע־וואָרפן אויף די פּאָר בענקלעך, אָדער שטייען ביי דער וואַנט, איין פוס פאַרלייגט איבערן צווייטן, די אָרעמס פאַרשלייפט אויף דער ברוסט. אַ געל, עלעקטריש לעמפל הענגט אַראָפּ איבער זייערע קעפּ און די וואַרעמקייט, וואָס קומט פון קעכל, טוליעט זיך צו זייערע שויסן, נעמט זיי אַרום ווי מיט שלאָפע, קינדערישע הענטעלעך.

ביסלעכווייז הייבט זיך ווידער אָן שטריקן אַ שמועס : ס׳פאַלן שווערע, געזאַלצענע קללות אויף קעניג קאַראָלס קאָפּ ; אַז היטלער זאָל, פליענדיק אויף זיין „ראָפּלאַן״, אַראָפּניזוקן און דערהרגעט ווערן אויפס טויט ! מ׳גיסט אויס דאָס גאַנצע ביטערע האַרץ אויף די פראַנצויזישע מיניסטאָרן, וואָס באַזאָרגן מיט המנס גזירות די אויסלענדישע אַרבעטער.

— אין דער היים האָט מען געליטן ווייל מ׳איז אַ „זשיד״. דאָ־הי ליידט מען צוליב אַן אַנדער בראָך — ווייל מ׳איז אַן „עטראַנזשע״. כ׳לעבן, ס׳איז שוין נישטאָ קיין רווחניצע !

— וואַקסט מיר אונטער אַ יינגל, קיין עין־הרע, איז לאָמיר ריין זיין פון שלעכטס, צי כ׳וויס צו וואָס פאַר אַ „מעטיע״ (פאַך) מ׳גיט אים אָפּ.

— אָבער צ׳ווילט וויסן וואָס דערפון ווערט זיך אויספּיקן ? מיין מיידלטשינע מיט פּאָליטיק — איז ווי חתן־כלה, הער יעך, וואָס זי זאָגט. זי זאָגט, אַז דער „קאַטאַפּליזם״ לויפט באַרג־אַראָפּ, ס׳עט זיין יענע שחיטה, יענע בלוטבאָד !...

לאהן ווערט אומהיימלעך פון די רייד. זי וויל עפּעס זאָגן, עפּעס אַנדערשדיקס, נאָר זי קען נישט קיין וואָרט אַרויסברענגען. ווי אַ שאָטן שלייכט זי זיך אַריין פון קעכל מיט גלעזער טיי, און די ווייבער נעמען

זופּן מיט אַ רעש, איילנדיק, ווי זיי וואָלטן וועלן אַראָפּשווענקען די בי־טערע רייד פון דער צונג. אויף די ווענט, אויפן סופיט ווערן זייערע שאָטנס ברייטער און שווערער. אַרום פאַרגעלטן עלעקטרישן לעמפּל ווערט, דאַכט זיך, טונקעלער...

איינציקווייז שטעלט מען זיך אויף, מ׳ווינטשט זיך אַל דאָס גוטס, און לאה באַגלייט זיי אַרויס מיט אַ ליכטל.

ווידער בלייבט זי אַליין מיט די פיר ווענט. דער טיק־טאַק פון הילצערנעם וואַנטזייגער קאַפּעט אין אירע אויערן אַריין, ווי פּראָסטיקע טראָפּנס וואַסער.

דאָס שמאָלע אייזערנע בעטל איז אַזוי ברייט געוואָרן, אַזוי קאַלט... און פון גאַס שניידט זיך אַריין אַ פרעמד געזאַנג אין אַ פרעמדן לשון.

מיט דער צייט זענען די „קינדער״ פאַרשווינדן. ווער ס׳האָט חתונה געהאַט, ווער ס׳האָט זיך אַראָפּגעבּרענגט פון דער היים ווייב און קינד, אַ כלה, וואָס האָט געוואַרט, און ווער ס׳איז געפאָרן ווייטער — זוכן אַ רויִק שטיקל ברויט, אַ ווינקעלע היים.

לאהן איז אַן אַלמנהשער טרויער באַפאַלן. גאַנצע טעג איז זי נישט אַרויס פון שטוב. אַ פינצטערניש האָט זיך געשפּרייט אַרום איר, ווי אַ גרוב. אַ שרעק פאַרן אייגענעם שאָטן האָט איר אַרומגעכאַפּט, פאַרן שאָטן פון אַ בענקל, פון טיש. יעדעס ווינקעלע האָט געלויערט, גרייט געווען אַריינ־צוכאַפּן איר לעבן אין אַ שוואַרצן געפלעכט.

זי האָט געטריבן פון זיך די שכנים, נישט געוואָלט אָנקומען צו זיי, נישט געוואָלט אָננעמען זייערע טובות און קיינעם נישט געלאָזט איבער דער שוועל.

כאָטש די טעג האָבן זיך געשטיקט פון היץ, זענען דאָך אירע פענצ־טער געווען פאַרהאַמערט און פאַרהאָנגען מיט טונקעלע טיכער.

אַז זי האָט דערהערט לאַכן, האָט זי זיך פאַרשטאָפּט די אויערן מיט די פינגער. ווען אַ שטראַל זון האָט זיך אָפּגעזוכט אַ וועג דורך אַ קליינטשיק לעכעלע אין די פענצטער־טיכער, האָט זי פאַרקוועטשט די אויגן פון ווייטיק.

דער הילצערנער וואַנטזייגער האָט זיך אָפּגעשטעלט, ווייל דער

פינצטערער טאָג און די פינצטערע נאַכט האָבן זיך מער נישט געגייטיקט אין קיין צייט־רעכענונג.

לאה איז געלעגן אויף איר שמאָל אייזערן בעטל. די פינצטערע שטילקייט האָט אויפגעכאַפּט איר געלעכטער, אירע ליבע־לידלעך, אירע שטילע, מיידלשע רייד פול מיט שעמעוודיקע קנייטשעלעך... און ס׳איז אַריינגעטרעטן אַ שווייגן — זי האָט געוואַרט אויפן ענטפער... דערנאָך זענען אָנגעקומען טרערן, אַ שלוכצן אָן ווערטער, אַ האַס צו דער פרעמדער ערד, צו די פרעמדע מענטשן, צום פרעמדן לשון; ס׳איז אָנגעקומען די פיינלעכע בענקשאַפט נאָך דער פאַרוואָרפענער היים, ווו יעדער שטיין האָט דערקענט איר טראָט...

אויף לאהן איז אָנגעפאַלן אַ שווערע מידקייט. זי האָט נישט געהאַט קיין פאַרלאַנג צו שלאָפן, נישט צו עסן, נישט צו טראַכטן.

בלויז אַ צוויי מאָל אין וואָך, אין מיטן דער נאַכט, פלעגט זי אַוועק־שלעפּן זיך צו די האַליעס, דאָרט אַרומוואַלגערן זיך צווישן קופּעס „קלאָ־שאַרן" און צוזאַמען מיט זיי אויפקלייבן דאָס אָפּפאַלעכץ פון אַלערליי גרינסן, פאַרפוילטע פרוכטן און קאַרטאָפל.

איין מאָל, אין אַ רעגנדיקן, גראָען פאַרטאָג, צוריקגייענדיק אַהיים, האָט זיך אַ שוואַרץ, אויסגעווייקט קעצל צוגעטוליעט צו אירע פיס. ס׳קעצל האָט איר אָנגעקוקט מיט צוויי וואַרעמע, גרינגע פייערלעך און אויפגעשטעלט דעם עק פאַר פרייד, וואָס אַ מענטש איז אָנגעקומען אין אַזאַ ביטערער צייט. מיאַו... מיאַו... — האָט עס מיטן קעפּל געגלעט אירע פיס.

לאהן האָט אַ שנייד־געטאָן ביים האַרצן: דאָס האָט אַ קינד אַזוי געוויינט — נעם מיך מיט!... נעם מיך מיט!

זי האָט אויפגעהויבן דאָס באַשעפעניש, עס אַרומגעווישט פון רעגן, עס איינגעדעקט מיט איר שאַל און איבערן גאַנצן וועג האָט זיך איר געדאַכט, אַז דאָס טראָגט זי אַהיים אַ קינד, אַן אונטערגעוואָרפן קינד...

אין הויז האָט זי אַ שכנטע דערזען.

— מאַדאַם לאה! הערט מיך נאָר אויס אַ רגעלע!

לאה איז גיך פאַרבייגעלאָפן, גיך אויפגעשלאָסן און אַ פאַרקלאַפּ געטאָן די טיר. לעבן די טרעפּ איז נאָך אַלץ געהאָנגען דער אויפגעצייכנטער

פינגער, וואָס האָט געוויזן צו לאהס טיר, אָבער אויף דער טיר גופא איז שוין דאָס פּירקאַנטיקע טעוועלע מיט די בלאָע אותיות „היימישע מי־טאָגסער — היער“ — מער נישט געווען. און געדאַכט האָט זיך, אַז דער האַלב פאַרמעקטער בכבודיקער פינגער איז דאָ געבליבן הענגען כדי צו באַ־רעכטיקן דעם הויפס פלוידערייען וועגן דער „רעסטאָראַטאָרקע“ — און שרעקן, און וואָרענען: אָט דאָרט, דאָרטן ווינט זי!

עטלעכע מאָל אין טאָג האָבן די שכנות פאַרגנבעט זיך צו דער טיר, אַריינגעקוקט דורכן שליסל־לאָך, צוגעלייגט אַן אויער — דערנאָך איז דער הויף געוואָרן פון אויסטערלישע זאַכן:

— זי גייט אַרום אין העמד...

— און זי וויינט...

— און זי לאַכט...

— כ׳האָב אַליין געהערט, אַ ס׳וואָר זאָל׳ך אַזוי הערן גוטס, ווי זי האָט גערעדט: „קום אַהער, קינד מיינס!“ „קום, מיין גאָלד“.

— דאָס רעדט זי אַזוי צו דער קאַץ.

— וועלכע קאַץ?

— אָבער גוואַלד נ׳געשריגן, פון וואָס לעבט אַזאַ מענטש?

— כ׳ווייס... פון טיי מסתמא.

— מ׳האָט דאָך איר פאַרמאַכט נ׳גאַז!

— און די „לעקטריי“ אויכעט!

— יענע נאַכט האָט זי ווי לאַנג אַוועק אָפּגעזונגען „אונטער יאַנ־קעלעס וויגעלע“...

— פאַר וועמען? טאַקע פאַר דער קאַץ?

— טפו, טפו, נישט אַנדערש, נאָר „פוי“, משוגע!

*

אין אַ טאָג האָט זיך דער הויף דערוווּסט פון דער קאָנסיערזשקע (הויזוועכטערין), אַז מאַדאַם לעאַ האָט געקריגן אַן עקסמיסיע.

— פאַרן דריטן „טערם“ איז זי שוין שולדיק. כ׳ווייס... ס׳איז טרויע־ריק... אָבער געזעץ איז געזעץ — ריען אַ פער!

איינע, אַ יונג מיידל, אַ פרישע לאָקאַטאָרקע, האָט אויסגעשריגן מיט כעס:

— מ׳דאַרף נישט דערלאָזן, ניין! פראַנצויזן וועלן אונדז צוהעלפן. אַרום איר איז באַלד געוואָרן אַ רעדל.

— ז׳עלן זיך אפשר גיין שלאָגן מיט די „אַזשאַנען״ (פּאָליציאַנטן)?

— און קריגן אַ ווייסן „אויסווייז״ ווילן זי אויך? — האָט מען זי באַטראַכט מיט קרומע שמייכעלעך.

אַלע האָבן גענומען רעדן, אַלע האָבן געהאַט פּלענער — ביז מען איז געקומען צו אַן אויספּיר: יעדער וועט זיך באַשטייערן מיט אַ פּאָר פראַנק.

נאָך דער זאַמלונג האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ס׳איז קוים צונויפ־געקליבן געוואָרן פאַר איין קוואַרטל.

אַ דעלעגאַציע פון דריי וויבער — די בעסטע פראַנצויזיש־קענע־רינס — איז געשיקט געוואָרן צו דער קאָנסיערזשקע פירן אונטערהאַנדלונ־גען: היות, מאַדאַם לאַה האָט דאָ נישט קיינעמען... מ׳וועט אָרגאַניזירן פאַר איר אַ בענעפיס אין יידישן „טיאַט״...

די הויזוועכטערין האָט געשאָקלט מיטן גראָען קאָפּ:

— אַוודאי פאַרשטיי איך!... אָבער זעט: שוואַרץ אויף ווייס — און זי האָט זיי אונטערגעטראָגן דאָס עקסמיסיע־פּאַפּירל.

צו מאָרגנס איז דער גאַנצער הויף געווען אויף די פיס. מענער מיט פאַרהאָרעוועטע, נישט־ראַזירטע פּנימער האָבן זיך אָפּגעקלעפּט פון די מאַשינדלעך, פון די פּרעסאייזנס און צוזאַמען מיט די ווייבער, מיטן קליינוואַרג, געשטאַנען איבער דער גאַנצער לענג פון די דריי שטאָק שטיגן, פון לאהס טיר ביז אין הויף אַריין. אַן אָנגעצויגענע שטילקייט איז געהאָנגען אין דער לופטן, גלייך דער גאַנצער הויף וואָלט פּלוצעם גע־וואָרן מסוכן קראַנק, דאָקטוירים זענען אָנגעלאָפן און מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם לעכצט מען צו דערהערן זייערס אַ וואָרט... די, וועלכע ס׳איז באַ־שערט געווען צו שטיין נאָענט ביי דער טיר, האָבן אַלע ווײלע עפּעס גע־שושקעט צו די שכנים הינטער זיי. פון זיי אַוועק האָט זיך די שושקעריי גענומען גליטשן, איילנדיק איבער די צוויי שטאָק שטיגן ביז אין הויף

אַריין. און ווידער איז מען געוואָרן שטום. די אויגן האָבן געפינטלט, די מיילער זענען געווען האַלב־אויפגעריסן. מען האָט געוואַרט...

און ס׳האָט זיך דערטראָגן איין קלאַפּ און נאָך אַ קלאַפּ — דער הויף האָט אַ ציטער געטאָן: דאָס האָבן די באַאַמטע אויפגעריסן די טיר, נאָך דעם ווי קיינער פון אינעווייניק האָט זיי נישט געוואָלט עפענען.

די שערענגע מענטשן אויף די טרעפּ האָט זיך אַ שפּאַר געטאָן פאָרויס. מיט אַ מאָל איז געוואָרן אַ געשריי פון אַלע זייטן:

— איר קאָץ! די קאָץ איז אַרויס!

— זעט נאָר ווי זי לויפט — ווי משוגע!

— אַ — טאַנ — סיאָ — ן!

— אָסטראָזשנע!

— גיט אַכטונג!

ווי אַ שוואַרצע פייל איז די קאָץ געלאָפן און זיך דורכגעלעכערט אַ וועג צווישן עולם.

אינעווייניק, אין שטוב, איז לאה געלעגן אַ טויטע אויף דר׳ערד. אין איין העמד איז זי געלעגן, האַלב־אָפּגעדעקט. די לאַנגע, גראָע האָר, גראָ ווי שפּינוועבעכץ, זענען געווען צעוואָרפן אויף דער ברוסט, אויף די אַקסלען; דאָס מויל איז געבליבן האַלב־אָפן, ווי ערב אַ שמייכל; די דאַרע, פאַרגעלטע הענט — צעשפּרייט, ווי אָנגעגרייט עמעצן אויפצונעמען.

# דאָס הויז פון די רובינס

די פרוי פון באַקאַנטן כלל־טוער נאָעל רובין איז געלעגן אויף דער נידעריקער, גרינער סאָפע און נישט געקענט אָפּרייסן פון אַ דיקן העפטל איר קליין פוכקע פנימל, אויף וועלכן ס׳האָבן זיך געלאַנגווייליקט אַ פילם־שמייכעלע און אויגן מיט קינסטלעך־פאַרגרעסערטע שוואַרצאַפּלען, גלאָז־גלאַנציקע. איר טיף־דעקאָלטירטער האַלדז, אָן איין קנייטשעלע, די נאַקעטע פולע אָרעמס, אויף וועלכע מ׳האָט נישט באַמערקט קיין איינציק אָדערל, זענען געווען מאַט־ווייס, ווי פאַרהויכט פאָרצעליי. בלויז איין קלייניקייט — דאָס איבערלייגן פון צייט צו צייט די פיס איינעם איבערן אַנדערן, האָט נישט דערלאָזט, מ׳זאָל די מאַדאַם סיזאַן פאַרטוישן מיט דער גרויסער פופּע, וואָס זיצט אין איר שלאָפצימער אויפן בעט.

אַלס פרעזידענטין פון עטלעכע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס האָט איר נישט געפּאַסט, אַז דאָס אייגענע הויז זאָל בלייבן הינטערשטעליק קעגן יענע רייכע יידישע הייזער, ווו זי איז אַן אָפטע איינגייערין „צוליב ריין פילאַנטראָפּישע צוועקן“. דערפאַר זענען די צימערן באַוואָרפן געווען מיט טישעלעך, שענק און פאָטעלעכלעך, מיט קרעדענצן פון אַלע סטילן. אויף די ווענט — אולטראַ־מאָדערניסטישע בילדער (זייער אומפאַרשטענדלעכ־קייט האָט שטאַרק אימפּאָנירט דער באַלעבאָסטע) געפּאָרט מיט זון־אונטער־גאַנג אין אַלזשיריע, מיט בודואַר־דאַמעלעך אין עראָטישע סצענעס און רעפּראָדוקציעס פון וועלט־באַרימטהייטן. יאָ, ס׳האָט אויך נישט געפעלט אַ דזשאָקאָנדע... צוליב איר געזעלשאַפטלעכער פּאָזיציע, האָט מאַדאַם סיזאַן דעם מאַנס ווילד־יידישן נאָמען — נחמן — פאַרפראַנצויזישט; דעם זון געלערנט פידל ביי די גרעסטע פּראָפעסאָרן, און פאַר זיך — געקויפט אַן עלעגאַנט הינטעלע (אויף אַן אויסשטעלונג), וואָס באַגלייט אַלע אירע פּראָמענאַדן.

אינעם דיקן העפטל האָט מאַדאַם סיזאַן איינשטודירט אַ רעדע פֿאַר אַ יערלעכער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג. ס׳האָט איר נאָך געפֿעלט דער פּאַ־סיקער סוף „אַ נעם צו טאָן״. און ווייל זי איז שוין צו לאַנג געלעגן, האָבן זיך פּעדעמלעך דרימל פֿאַרפּלאָנטערט מיט אירע געדאַנקען.

אין האַלב־אָפֿענעם פֿענצטער האָט אַריינגעקוקט דער פֿאַרנאַכט, אויסגעשמינקט מיט אַ בלאַסן בלוי און מיט אַן אָפּגעפּודערט לבנהלע. ווייכע שאָטנדלעך פֿאַרהילן די ווענט, דעם אַכט־לאָמפּיקן זשיראַנדאָל מיט די געשליפֿענע באָהעמיע־גלעזלעך, אויף דער סאָפֿע שפּרייטן זיך אויס סאַמעט־גרויע דראַפּעריעס...

מאַדאַם סיזאַן קעמפֿט מיטן דרימל.

— באָבי! — רופֿט זי צו הילף איר ליב הינטעלע.

פֿון ווייטלעכן קאָרידאָר נעמט זיך גליטשן אַן אָנגענעם־שפּילעוודיק קלינגען, וואָס קומט וואָס אַ מאָל נעענטער, נעענטער און אין צימער גיסט עס זיך אַריין אויף אַ מאָל, מיט שטאַרקער פֿרייד. באָבי לויפֿט צו דער סאָפֿע ריטמיש, אין איינקלאַנג מיטן גלעקעלע אַרום זיין האַלדז. זיינע ווייסע קרויזלען האָר זעען אויס אין פֿאַרנאַכט ווי געשניצטע אין מאַרמאָר.

— מלאכל מיינס!

זי קושט אים די אויגן, די קלוגע לענגלעכע מאָרדקע, די אויפֿגעשפּיצטע אויערן, און לאָזט זיך לויפֿן איבערן צימער. באָבי — נאָך איר, פֿאַר איר, אונטערהאָפּסנדיק. איר מוסקללאָז געלעכטערל, זיין מוסקללאָז האַווקען — קייקלען זיך צוזאַמען, קייקלען זיך פֿונאַנדער, ביז זי פֿאַלט אַ פֿאַרמאַטערטע צוריק אויף איר געלעגער. דאָס נוצט אויס באָבי: ער שטעלט זיך פֿאַר דער מאַדאַם אויף די הינטערשטע לאַפּקעס, מאַכט עטלעכע קאָקעטישע טריטעלעך און מיט זיינע בלאַנקע, גלאַנציקע ציינער בייסט ער אָפּ שטיקלעך „האָו... האָו...״ דערפֿאַר קריגט ער געוויינלעך אַ גוטן נאַש. אָבער גאָט! ס׳אַראַ אַנטוישונג, מאַדאַם רופֿט גאָר די דינסט:

— זשינעט!

אַ מינוט. אין דער טונקלקייט פֿון צימער ווייסט זיך אַריין אַ שמאָל פֿאַרטעכל מיט דינע אָרעם־בענדער, אויפֿן קאָפּ — אַ ווייסער קיך־הויב.

— דער „קליינער“ האָט געגעסן „קאַטרער“? (פיר אַ זייגער־איבערבייס).

— יאָ, מאַדאַם, אַ פול וואַזעלע מילך מיט סוכאַרקעס — ענטפערט אַ דערשראָקן קול.

— ביען! ביען! (מאַדאַמס פינגער טאַפּן דעם הינטלס שטייפן בויך) זאָלסט מיר אים נאָר נישט פאַרהונגערן...

באָבי פאַרשטייט, אַז מ׳לויבט אים, וויל ער אָפּדאַנקען; כאַפּט ער אַראָפּ פון גלעזערן טישעלע דער מאַדאַמס דיקע העפטל און טראָגט דאָס איר צו אין זיין מאָרדקע.

— נו, איצטער לאָזט מיך אַליין. זשינעט, גיב דאָרט דעם „קליינעם“ אַ קיכעלע.

זי צינדט נישט אָן דעם זשיראַנדאָל. שטענדיק, ווען זי גרייט זיך אַרויסצוטרעטן מיט אַ רעדע, קריגט זי ליב די פינצטערניש. אַזוי פיל פּאָעטן האָבן זי באַזונגען! נישט אומזיסט טראַכט מאַדאַם סיזאַן דעמאָלט צו די שענסטע, די רירנדיקסטע זאַצן...

נאָר זי קען איצט גאָרנישט געפינען. פּרוּווט זי פאַרמאַכן די אויגן מיט אירע פינגער, פאַרטויבן דעם לייכטן אויטאָמאָבילן־רויש פון דער אַוועני... ענדלעך שפּרינגט זי אויף:

— וואָס פאַר אַ קאַפּווייטיק!

איבעריקנס, זי וועט אַ בעט טאָן סאַמועל ספּירן... אָבער פאַר וואָס איז נאָעל נאָך נישטאָ?

מיט אַ זאַטן, געלאַסענעם גאַנג גייט זי אַריין אין מאַנס קאַבינעט אָנקלינגען צו אים אין ביוראָ. אָבער דאָס לאַנגע זוכן אינעם טעלעפאָן־בוך (זיין נומער געדענקט זי קיין מאָל נישט) האָט איר דערווידערט. די רויִקייט אין וועלכער זי האָט געלעבט, האָט נישט דערלאָזט צו קיין שום אויפטרייסלונג, וואָס זאָל אָנרירן איר פּערזענלעכקייט. איר שלאַנקע פיגור, די טאַנץ־זאַלן, דער קינאָ האָבן אין דעם קינד פון אָרעמע עמיגראַנטן אויפגעבלאָזן פאַרלאַנגען נאָך רייכטום. לויט דער ריי האָט זי געוואָלט ווערן: אַ פילם־סטאַרין, אַ טענצערין און אַ טעניס־טשעמפּיאָן. אין דעם אַלעם איז גיכער געלעגן דער טרוים נאָך אַ זאַט לעבן, ווי פיזישע אָנשטרענגונג איז דערווייַ־

טערט, איידער דאָס יאָגן זיך נאָך פּערזענלעכע אַמביציעס. דעריבער האָט זי התונה געהאַט מיט נחמן רובין, דעם דעמאָלט גאַנץ־אומבאַדייטנדיקן פאַבריקאַנטל. ס׳האָט איר להלוטין נישט געאַרט, וואָס ער איז געווען פיל עלטער פון איר און דער עיקר — דאָס אַנטיפּאַטישע, אויסדרוקלאָזע פּנים זיינס. אירס האָט זי דערגרייכט: פליאַזשעס, צירונג, זי האָט געפירט אַן אייגענעם אויטאָמאָביל און געקענט אויסשפּילן אויף דער פּיאַנאָ פראַנץ לעהאַרס אַ וואַלץ. צו דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז זי געקומען אַ סך שפּעטער, נאָכן זונס געבורט, ווען זי האָט פאַרלוירן די „ליניע״, וואָס איז איר געלונגען אויפצוהאַלטן יאָרן לאַנג.

מאַדאַם סיזאַן האָט פאַרמאַכט דאָס טעלעפאָן־בוך: „ר׳איז אַוודאי פאַרנומען אין פאַרבאַנד פון די פּוילישע יידן, ביי די צוגרייטונגען צו זיינע פּרעזידענט־וואַלן״. זי האָט פאַררייכערט אַ סיגאַרעט און איז לאַנגזאַם, מיט פוילע באַוועגונגען, אַרויס. פאַר דער טיר פון זונס צימער איז זי שטיין געבליבן: ס׳וווּנדערט איר, וואָס זי הערט נישט די באַקאַנטע טענער, די פידל־איבונגען. עפּעס אַ טויב קלאַפּן, אַ גיכס, אַן איינגעעקשנטס דער־גרייכט איר אויער...

דער פופצניעריקער זשאָזעף, אַן איבערגעוואַקסענער פאַר זיין עלטער, האַלב נאַקעט, די הענט אין באָקס־הענטשקעס — האָט זיך געאיבט מיט אַ זעקעלע זאַמד, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען פון סופיט אין אַ ווינקל פון צימער. זיינע פעסטע פיס זענען געשיקטע, ווי גומענע גלידער, אַרומגעשפּרונגען. דער שוואַרצער פלאָנטער האָר איבערן קאַרגן שטיקל שטערן האָט זיך געוואָרפן באַנאַנד מיטן אַטלעטישן קערפּער, זיך געבויגן, דאָ — רעכטס, דאָ גאָר — אַ הינטער, ווי ער וואָלט זיך געווערט קעגן אַ שונאס קלעפּ.

— זשאָ! וואָס טוסטו? — איז די מוטער געבליבן שטיין אויף דער שוועל, אַ בלאַסע.

ער האָט זיך אויסגעדרייט מיט אַ בליק פון איינעם, וועלכער שטאָל־צירט מיט זיין כוח. אַ חוזק־גלאַנץ האָט פאַרפולט זיינע אויגן, זיך צעגאָסן אויפן רויטן, פאַרסאַפּעטן פּנים, און אַרום די ברייטע ליפּן — אויסגע־קנייטשט אַן עזות־שמייכעלע:

— זעסט דאָך, מאַ... כ׳שפּיל פידל.

מאַדאַם סיזאַן האָט אויפגעציטערט: איר גרעסטער חלום איז גע־לעגן צעבראָכן פאַר אירע פיס. אויפן ברייטן געניקלטן בעט, איבערגעצויגן מיט אַ בלויען טיול (ס׳גאַנצע צימער איז געהאַלטן געוואָרן אין בלויען טאָן, מאַדאַם האָט ערגעץ־ווו געהערט, אַז דער קאָליר איז בכוח אַרויסצורופן שעפערישן אימפולס), האָט זיך געוואַלגערט דער אינסטרומענט, צעפליקטע בלעטלעך נאָטן, אַ צעשיט בוך מאָנאָגראַפיעס פון באַרימטע מוזיקער... און איר זשאָ אין אַזאַ צושטאַנד!

— מיין גאָט! וואָס וועט פון דיר אויסוואַקסן?...

איר אָנוועזנהייט האָט אים צערייצט, פונקט ווי אירע „אייביקע טענות". נאָך אַלס קינד האָט ער זי שוין פיינט געהאַט. זי פלעגט אים נישט לאָזן זיך שפילן מיט אַנדערע קינדער, אים געפייניקט מיט פּיאַנע־פּראָפעסאָרן, שפּעטער מיט פידל־לעקציעס און מיט רעציטירן לאַפאָנטענס אַ פאַבל, ווען געסט זענען געווען...

— כ׳האָב דיר שוין טויזנט מאָל געזאָגט, אַז דיין נאַרישע פידל האַקט מיר אויף די נערוון! — האָט זשאָזעף אויפגעהויבן דעם טאָן און ווידער גענומען באָקסן אין דעם נאָכהענגענדיקן זעקעלע זאַמד.

אַ צעטומלטע איז מאַדאַם סיזאַן נאָך אַלץ געשטאַנען אין דער טיר. צו אירע אויערן זענען דערגאַנגען דעם זונס האַרטע פויסטן־קלעפּ ברוטאַל, ווילד. אַ שטאַרקער ווייטיק האָט איר דורכגענומען, גלייך די קלעפּ וואָלטן זיך אַריינגעביסן אין איר לייב, אין אירע בריסטן...

זי איז טיפער אַריין אין צימער, אַרומגענומען דעם זונס צעהיצטן קערפּער מיט אירע קילע, ווייכע אָרעמס, און געמאָלט פאַר אים די קאַר־יערע פון אַ באַרימטן פידלער.

ער, מיטן זעלבן עזותדיקן שמייכעלע (ער האָט געוווּסט, אַז דערמיט פאַרשאַפט ער איר פּיין, דאָך האָט ער זיך באַמיט אויסצוציען זיינע ווערטער):

— שטעלסט זיך פאָר: זשאָ רובין — דער שטאַרקסטער מאַן... וועלט־טשעמפּיאָן...

— אידיאָט! — האָט זי אים מיט אַלע כוחות אָפּגעשטויסן און כמעט ווי אַרויסגעלאָפן.

ער איז איר נאָך מיט אַ פול מויל געלעכטער:

— כ׳קען דיך לערנען רעדן פראַנצויזיש אָן דיין יידישן אַקצענט, נישט צו פאַרטוישן דאָס מענלעכע מיטן ווייבלעכן !...

צוריקגעקומען אין זיין צימער, האָט זיך זשאָזעפן מער נישט געגלוסט צו באָקסן. אַ פאַרדראָס האָט זיך אין אים אָנגעצונדן צו דער מוטער, וואָס דערלויבט זיך צו זידלען אים — איינעם פון די בעסטע אין קלוב, אים, וועלכער גייט שוין צו פרויען. וואָס מיינט זי מיט זיך?

— סאָל יופּין! (שמוציקע יידענע) — האָט ער אָנגעהויבן גוואַל־דעווען און מיטן פוס אַראָפּגעשטופּט די פּידל פון בעט אויף דר׳ערד, אויס־געצופּט פעדעם פון סמיטשיק, די בלויע טיולענע צודעק פאַרדרייט אַרום שרייב־טישל. דערנאָך האָט ער גענומען שפּרינגען מיט די שיך אויפן קלאָרן בעטגעוואַנט, עס געוואָלט דורכלעכערן. שפּעטער האָט ער פאַר־שלאָסן די טיר, ווידער אַ מאָל אַריינגעשריגן אין שליסללאָך „סאָל יופּין״ און אַװעקגעלייגט זיך אויפן געלעגער מיט אַ פאַרעקשנטן באַשלוס: נישט צורירן זיך צום אָוונטברויט.

*

מאַדאַם סיזאַן האָט אויפגעדרייט דעם ראַדיאָ. אָבער נישט די אָנ־ווייזונגען, ווי איינצוקויפן די שענסטע דאַמען־זאָקן, נישט די לייכטע מוזיק, זענען בכוח געווען צו שטילן איר אויפרעגונג.

זינט זי האָט זיך גענומען צו געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט, געקומען אויף ווילטעטיקע בעלער און באַנקעטן, אַריינגעריסן זיך „צוליב ריין פילאַנטראָפּישע צוועקן״ אין די אָנגעזעענסטע הייזער, געוואָרן אינטים־באַפריינדט מיטן באַרימטן אַדוואָקאַט און פאַרלאַמענטאַריער מסיע וואַהל (מיט זיין הילף האָט זי געהאָפט צו קריגן די אויסצייכענונג פון ערן־לעגיאָן) — האָט זי געחלומט צו ווערן אַ פּאָפּולערע פיגור. אַלע אירע נישט־אויסגעלעבטע אַמביציעס זענען צו הילף געקומען. נישט בלויז האָט זי מנדב געווען אָנגעזעענע סומעס — אויך דעם מאַן האָט זי געשטופּט צו שפּילן פאַראַנטוואָרטלעכע ראָלן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. זשאָ, אַלס באַרימטער קינסטלער, האָט געזאָלט זיין די קרוין פאַר איר פּאָפּולאַריטעט.

מאַדאַם סיזאָן האָט דורכגעוואָרפֿן איין מאָדע־זשורנאַל נאָכן אַנדערן, געפּרווּוט לייענען דעם שוין לאַנג־אָנגעהויבענעם דעקאַבראַ־ראָמאַן און יעדע פּאָר מינוט געקלונגען צום דינסטמיידל:

— אַ גלאָז טיי!

— דאָס קעמל!

— שיק מיר אַריין דעם „קליינעם”!

באָביס שמאָלע צינגל, פֿון אַ פעטן רויט, האָט אַרויסגעפּלאַטערט פֿון צווישן זיינע בלאַנקע ציינער. איבערגעקערט אויפֿן רוקן, האָט ער זיך מיט תאווה אונטערגעגעבן דער באַלעבאָסטעס ווייכע פֿינגער, וועלכע האָבן געצערטלט זיין אויסגעפּילטן בויך. די אויגן — צוגעמרוזשעט, דעם קאָפּ — אין אַ זייט פֿאַרוואָרפֿן, האָט ער אין זיסער פֿאַרגעסנקייט געמורמלט: האַוררר... האַוררר...

דאָס הינטל איז געווען דער צייטפֿאַרטרייב ביי אירע צוזאַמענ־שטויסן מיטן מאַן, נאָך די אויפֿגערעגטע פֿידל־סצענעס מיטן זון און ביי די ערגערלעכע געפֿילן, וואָס פֿלעגן זי באַהערשן ביים הערן רעדן מסיע וואָהל, אָדער לייענענדיק אַן אַרטיקל פֿון סאַמועל ספּיר.

„ווער האָט געמאַכט פֿון דעם אומבאַקאַנטן רובין אַ נאָמען? זאָל זיין אַ שטיקל נאָמען? אַז אַ מענטש האָט נישט קיין אַנונג אויפֿצוטרעטן מיט אַ רעדע! ס׳זאָל אים אַ מאָל איינפֿאַלן אָנצושרייבן דריי נאַרישע ווערטער אין אַ צייטונג... און אין וועמען איז געראָטן דער „תכשיט”, אויב נישט אין טאַטן אַריין? סיי מיטן שכל, סיי מיטן נאַרישן לאַכן”...

באָביס אויערן האָבן אויפֿגעכאַפּט אַ קלונג. ער האָט זיך אָפּגעגלי־טשט פֿון אונטער מאַדאַמס פֿינגער מיט אַ געביל און אַ צי געטאָן צו דער טיר, ווי אַ פֿייל.

דער טעלעפֿאָן האָט געקלונגען. באָבי האָט געשלעפּט זיין באַלע־באָסטע פֿאַרן קלייד.

— ווער?... אַך, דאָס זענט איר גאָר, ספּיר?...

אַ וואַרעמע רויטקייט איז אַרויס אויף איר געזיכט, זי דורכגענומען ביז צו די בריסטוואָרצלען.

— טרע ביען, וואָס ער האָט אָנגעקלונגען! זי נייטיקט זיך טאַקע אין זיין טאַלאַנט... און וועלכע נייעס, מאָן שער?

סאַמועל ספּיר האָט שטודירט אויף אינזשיניער, געלעבט פון לעק־ציעס, אָבער צו פיל שעהען האָבן זיי אים געקאָסט און צו ווייניק מעגלעכ־קייטן געגעבן אָפּצועסן אַ זאַט מיטאָג. האָט ער זיך געוואָרפן צו זשורנאַ־ליסטיק. זיין אויסערגעוויינלעכע רירעוודיקייט, די פעיִקייט צו שליסן קאָנט־שאַפט מיט אַ האַלב וואָרט, דאָס באַהאַוונט זיין אין עטלעכע שפּראַכן — האָט אים אומעטום אַריינגעפירט. צווישן אַלע פּאַרטייען האָט ער געהאַט פריינד און צו יעדן איינעם — צוגעשטימט. ער האָט געדרוקט רעפּאָרטאַזשן אין ווייסגוואַרדייאישע צייטונגען, געקליבן אינטערוויוען ביי יידישע און קריסט־לעכע פּערזענלעכקייטן פאַר די אויפגאַבעס פון דער קאָנסיסטאָריע, און פון צייט צו צייט אַריינגעקוועטשט אַ דערציילונג, אַ לאַ מאָפּאַסאַן, אין אַ יידיש־בירגערלעכן בלאַט.

מאַדאַם סיזאַן פלעגט אים איינלאַדן אויף אירע פילאַנטראָפּישע אונטערהאַנדלונגען, געבעטן ביי אים אַ פּאַסיקן „סוף" פאַר אירע „נישט־פאַרענדיקטע סימפאָניעס" — זיין אויסדרוק — און זיך פילן שטאָלץ קומענדיק אים צו הילף מיט קליינע סומעס.

סאַמועל ספּיר האָט גערעדט גיך און מיט הומאָר. זיין קול האָט פאַרמאָגט די עלאַסטישע נאָכגיביקייט פון אַ דעגענערירטן. זיין שפּראַך — אַ געמיש פון יידיש, רוסיש מיט פראַנצויזיש, האָט זייער אַמוזירט די מאַדאַם, ווי אַ גאַלאַנטער וויץ, וואָס ער פלעגט זיך דערלויבן זייענדיק אויג אויף אויג מיט איר.

אין אַ גאַנץ אַנדערן ענין האַנדלט זיך עס דאָס מאָל: וועגן אַ יידיש יינגעלע, וואָס האָט זיך געשמוגלט אין צוג וואַרשע־פּאַריז.

— זיין לעבנסגעשיכטע ליגט שוין ביי מיר אין טאַש... אינטערעסאַנט מאַטעריאַל פאַר פּסיכאָאַנאַליטיקער... און פאַר מאַרקסיסטן. וואָס איז טאַקע אַטאַוויזם בנוגע עקאָנאָמישער אומגעבונג? און וואָס קומט שטאַרקער צום אויסדרוק? אינטערעסאַנט... אַ פּאַסנדיקע פּערזאָן דאַרף זיך פאַר אים איינשטעלן, אויב נישט, זיצט ער אָפּ די שטראָף און ווערט צוריקגעשיקט. וואָס זאָגט איר דערצו?

— געוויס! געוויס! איז נישט צו שפּעט?

— זי קען רוּיִק זיין.

— טרע ביען, מאַן שער, איר זענט אפשר דער איינציקער, וועלכער געדענקט אין מיר... בלייבט איר אין רעדאַקציע?

— ניין. כ׳וועל זיין אין „באַלטאַזאַר״, אַ פּאַרטיע בילאַרד. איבע־ריקנס... האַלאָ! איין מאָמענט...

איר וויכע שטימע האָט אים געררייצט, פּונקט ווי איר פּרויאיש־פולער, נאָך געגנוג שלאַנקער קערפּער. ער פלעגט דאָס איר גאַנץ אָפט געבן אָנצוגעהערן: „די ערשטע עמפּינדונג פאַרן מאַן איז נישט דער מענטש אין דער פרוי, נאָר איר לייב, וואָס ער דערפילט מיט אַלע זיינע חושים, ווי אַ שאַרפן, האַרבן געטראַנק. דאָס האַרץ לעבט זיך קיין מאָל נישט אויס זעלבשטענדיק, דעם מאַגס האַרץ איז פאַר אַלעם אונטערגעוואָרפן זיין מענלעכער פּאָטענץ. אויפצוהאַלטן פּלאַטאָנישע פריינדשאַפט מיט אייך — דערצו בין איך נאָך נישט געגנוג אַלט״... ער האָט געוווּסט, פון אירע פאַר־טרויוּנגען, וועגן איר אומגליקלעכן פאַמיליע־לעבן. „פאַר אונדז, ווייסע — האָט ער געזאָגט — איז די עראָטיק דאָס אייגענע, וואָס אָפּיום איז פאַר אַזיע״. צי באַהאַלט זי נישט ערגעץ ווו איר געליבטן? ער האָט איר לאַנג נאָכשפּיאָנירט און זיך איבערצייגט, אַז נישט. אָבער אַזאַ רייכער קערפּער קען דאָך נישט זיין אויסגעפילט בלויז מיט אַמביציעזע פאַנטאַזיעס!

— איין מאָמענט — ער האָט עפּעס, ווייזט אויס, געזוכט אין זיינע קעשענעס — אָט איז עס: אַן איינלאַדונג צו דער פּרעמיערע אין „אַטענעאום״...

— אויף ווען?

— אויף מאָרגן.

— ביען! — זי איז אַלץ געווען אונטערן רושם פון דער געשיכטע מיטן יידישן יינגל און ווידער אַ מאָל געפרעגט: — איז באמת נישט צו שפּעט?...

זי האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל, געכאַפּט עטלעכע אַקאָרדן אויפן „פּלעיעל״, עפּעס אַ מיט פון אַ וואַלץ... ס׳וועט זיין אַ געריכט... זי וועט אויפטרעטן מיט אַ רירנדיקער רעדע... פאָטאָגראַפיסטן פון אַלע זייטן...

באָבי וואָיעט פאַרבענקט אונטער די פּיאַנע־קלאַנגען. מאַדאַם שליסט אים איין אין אירע אָרעמס און שענקט אים אַ גרויס שטיק שאָקאָלאַדע. זי קען אָבער מער נישט איינזיצן אין צימער, פּילט אַ באַדערפעניש מיט עמעצן צו פּלאַפּלען, צו לאַכן — קוקט זי אין קיך אַריין.

— נע, זשינעטל, אַ שיינע שטאָט פּאַריז, האַ? ביסט צופרידן?... און וואָס שרייבט דער ברודער? — רעדט זי אויס רחמנות צום מיידל אויף יידיש.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, פון אַ לוסט־רייזע אין פּוילן, האָט מאַדאַם מיטגעברענגט גיטעלען, אַ וויטע קוזינע, אַ קיילעכדיקע יתומה (דאָס איז געווען איר ערשטער געזעלשאַפטלעכער אַקט). אין אָנהייב האָט דאָס מיידל בלויז געררוימט. מיט דער צייט האָט זי זיך אויסגעלערנט גוט קאָכן, און ווען די פּראַנצויזישע דינסט איז אַוועק ווינען מיט אַ מאַן, האָט איר די אָרעמע קוזינקע פאַרטראָטן.

אויף גיטעלעס — אַצינד זשינעט — פּראָווינצערישע פּנימל ליגט די אונטערטעניקייט פון האָבן אַרומגעפּלאָגט זיך אין פרעמדע בעטן און געגעסן ביי פרעמדע טישן. אירע מייערן־רויטע ליפּן זענען איצט תמיד פעט: ס׳ברענט נאָך אין איר דער הונגער פון זיידן. מעג איר טעלער ווארטן אַ פולער ביזן אויג — דאָך לעקט זי פון אַלע טעפּ, פון אַלע קריגעלעך: פאַר וואָס אַרויסוואַרפן? אַ זינד, כ׳לעבן! ווען איר ברודער וואָלט דאָ געקענט זיין!...

— וואָס זאָל ער שרייבן, מאַדאַם? מ׳שטאַרבט פאַר אַ קאַרטאָפלע... דאָס איז עס אין גאַנצן.

די באַלעבאָסטע גייט צום וואַנט־שפּיגעלע גלייכמאַכן איר פריזור.

— כ׳וויס... כ׳וויס... — פאַרדריסט איר שוין, וואָס זי האָט געפרעגט. ס׳אַראַ אומגליקלעך־פּוסטע באַשעפענישן: האָבן שטענדיק אין זינען דעם פרעס!

גיטעלען פייכטן די אויגן ווען זי רעדט פון ברודער. טרערן ווערגן איר האַלדז: אַזוי פיל עסן ווערט קאַליע אין דעם הויז!... שוין לאַנג ווי זי האָט פאַרטראַכט אַריבערצונעמען דעם ברודער. זי לייגט אַוועק סאַנטים צו סאַנטים, נאָר עס פעלט איר נאָך געגוג.

— אַ פּאָר גאָלדענע הענט... אַ בלאַכאַזש איז ער... — טוט איר הנאה, אַז זי האָט פאַר וועמען צו לויבן דעם ברודער.

— זע נאָר, זשינעטל, ביסט, דאַכט זיך, אַ גאַנץ גוטער מבין: כ׳זאָל איבערפאַרבן די האָר אויף אַקאַזשו, וועט עס מיר קליידן? נאָר דעם אמת, האַ?...

אַ קורץ נערוועז קלינגען.

— נאָעל גייט!

אויפן וועג צו דער טיר לאָזט מאַדאַם סיזאַן הערן איר אָפיציעל שטימעלע, דאָס מאָל אין פראַנצויזיש:

— מ׳דאַרף גרייטן דעם טיש!

*

נאָעל רובין איז פאַררויטלט, אויפגעהייטערט, און דער נאַרישער שמייכל (וואָס זי האָסט צומיינסטן אין אים) מאַכט גלאַנצן זיינע פּעטע, גלאַט ראַזירטע באַקן, דעם פליך, וואָס הייבט זיך אָן באַלד איבערן שטערן.

— שערי, וועסט מיר אַנטשולדיקן, ס׳פּאַ?

זי שטעלט אונטער דאָס פּנים פאַר די טראַדיציאָנעלע צוויי באַגריי־סונגס־קושן. (וויפל אָפּקומעניש!)

— כ׳האָב אַפילו אָנגעקלונגען אין ביוראָ... נישט אַ מאָל אַ שטרייק?

— וואָס פאַלט דיר איין, שערי!... — ער גייט אַריבער אין עס־צימער, זי נאָך אים — כ׳זאָג דיר, אַזאַ געוואַגטקייט, אַזאַ מוט... אַן אויסערגעוויינלעך געשעעניש! (איר נעמט דאָס האַרץ קלאַפּן) די אָוונט־פּרעסע איז דערמיט פול, פול... (דאָס בלוט זעצט איר שוין אין קאָפּ אַריין) פּהע, ווי אָפּגעמאָסטן פאַר מיר! הערסט שערי, אַז כ׳האָב׳ם שוין גענומען אונטער מיינע פליגלען, אַן אַדוואָקאַט געשטעלט... דער ראַדיאָ האָט נישט געמאָלדן די מעשה מיטן צוג וואַרשע־פּאַריז? וועגן אַ יידיש ייִנגעלע...

זי שטייט אַ געפּלעפּטע... דער טריומף פון דער מיטלמעסיקייט איבער איר שטאָלץ... אירע אויגן ווערן גאָר גרויס, שוואַרץ־בייז און ווי אויסגעקרימטע שאַרפן שניידן זיי זיך אין זיין מויל אַריין.

— דערפאַר־אָ האָסטו מיך געלאָזט וואַרטן מיטן עסן ביז אַצינד, צוליב דיין נעבעכדיק ביסעלע כבוד ?...

— סיזאַן, מיין קאַנדידאַטור איז נאָך קיין מאָל נישט געווען אַזוי געזיכערט !

זי הערט אים נישט. זי קען איצט נישט קוקן, ווי ביי יעדן וואָרט שאַרן זיך פונאַנדער זיינע פליישיקע, פייכטע ליפּן און דעקן אָפּ די צעשטעלטע גאָלדענע ציין.

— מיאוסער עגאָיִסט !

ער וויל זי אַרומנעמען, איינשטילן, אָבער זי מאַכט אַ שפּרייז אויף צוריק, ווי מ׳דערווייטערט זיך פון אַן עקלדיקער זאַך.

— ביסט פאַרבליבן דער זעלבער קליינשטעטלדיקער ייד אַפילו דאָ, אין סאַמע האַרץ פון אייראָפּע ! כאַ... אַ מאָדערנער מענטש וויל דאָס זיין... ביסט הויל פון אַמביציעס, ווי אַ לאַמטער ! שכל פעלט דיר...

נאָעל רובין האָט נישט געגלייבט די אייגענע אויערן. ער איז געשטאַנען אַ מיטלוווקסיקער, אַ גוט באַפּליישטער, מיט אַ פול פנים הנאה... פלוצעם האָט ער זיי דערפילט, די רייד, דערפילט ווי זיי גריזשען אים, רייסן אָפּ פּאַסן פלייש פון אים.

ער האָט אַ זעץ געטאָן מיטביידע פויסטן אין טיש אַריין, אַז די קאַראַפקע ווייַן האָט זיך איבערגעקערט.

— שרה, האַלט דאָס מויל !

זיין גאַנצע ענערגיע, זיין גאַנצער לעבנס־אינהאַלט איז געלעגן אין אָט די פיר יידישע ווערטער, וואָס האָבן זיך ווי אַריינגעשטאָכן אין מאַדאַם סיזאַנס לייב.

# אַ פּליט

— זי ווייסן, מיין פֿאָטער, עליו השלום, האָט אימער געזאָגט, דאָס אַ יודע בראָך פֿאַר אַלעם ערלערנען איינע „מעטיע" — ס׳הייסט אַ פֿאַך, דען מיר ווערן דאָך געטריבן און געשימפּט, — האָט דאָס איינגעצויגענע שניידערל, מסיע שימעלע, איבערגעשריגן די מאַשין אין צעיאַכמערטן גאַנג.

דאָס ווייב האָט זיך געפּאָרעט אין קיך־ווינקעלע — אַ מעטער פֿון דער מאַשין — ביים צוגרייטן מיטאָג. זי האָט אויסגעדרייט איר פּנימל, וואָס איז געווען קליין ווי ביי אַ קינד און פֿאַרזאָרגט ווי ביי אַ באָבען, צום ברייטן אייזערנעם בעט, ווו ס׳איז געזעסן איר דייטשער קוזין, דער פּליט דאָקטאָר קורט וואַלדע.

— יאָ... — האָט זי אַפּגעזיפֿצט — אינץ זעמיר שוין איין מאָל באַ־קלעפּט מיט האָניק, פֿון אַלע זייטן באַקלעפּט! און די בינען — די בינען טשעפּען זיך צו אינץ... דאָס איז די פּאָלנע וואַרהייט, אמת, קוזין?

דער דאָקטאָר זיצט איינגעהויקערט און באַנייט העמדער, גאַטקעס מיט קנעפּלעך. דאָס גראָע טאָגליכט ליגט ווי אַ שימל אויף די ווענט, אויף דער וועש. דאָס אייזערנע קלאַפּעריי פֿון דער ניימאַשין פּרעסט אויף דעם היציקן טומל פֿון דרויסן.

דאָקטאָר קורט וואַלדע שוויגט פֿאַרעקשנט, און אפשר פֿון פֿאַר־צווייפֿלונג. זיינע אויגן גלאַנצן נישט מער — צוויי קיילעכלעך סאַזשע — ס׳קורטשעט זיך אין זיי אַ פּחד... זיין באַוואַקסן פּנים גיט קאָנווולסיוו אַ ציטער פֿון מאָל צו מאָל, ווערט באַלאַגערט מיט קנייטשן, און פֿון יעדן קנייטש שרייט די איינזאַמקייט, שרייט אַ געבעט — און ווידער פֿאַרציט זיך דאָס פּנים מיט אַ געלן גליוועך.

פון גאַנצן טומל באַנעמט דער דאָקטאָר בלויז דעם וויגנדיקן גאַנג פון וועקזייגער, וואָס שטייט אויפן קאַמין, און, אַז די שעהען ווערן פינצטער, גיט זיך ד״ר וואַלדע אַ הייב אויף, ציט אויס אַ האַנט, כאַפּט אָן די קליאַמקע — און ער טראָגט זיך אַוועק איבער די בעלווילער געסלעך. ער הערט נישט דעם אַרום, פילט נישט דאָס גריזשענדיקע האַרבסט־רעגנדל.

אָט זיצט ער שוין ביי אַ ווינקלדיק טישעלע אין „קאַפע לאַזאַר״.

מען שטעלט פאַר אים אַנידער אַ היימישן טעלער קרופּניק, און ער עסט געלאַסן, אָן אַפּעטיט, ער הערט זיך איין צו עפּעס אַן אינערלעכן שמועס:

— פינף און צוואַנציק יאָר ביסטו פון דער היים, פון קוזמיר...

— און וואָס האָסטו אויפגעטאָן מיט דיין לויפן? די פרעמדע, די שטאַרקע האָבן דיך פאַרטריבן, — צו דיינע אייגענע קענסטו שוין נישט צוריקגיין...

עמעצער הייבט אים אויף, עמעצער טראָגט אים שוין ווידער איבער די באַרגיקע בעלווילער געסלעך. דאָס גריזשענדיקע רעגנדל יאָגט אים נאָך. פון ערגעץ אַ באַלויכטענער שענק לאַכט אַרויס אַ פרויען־שטימע, זי לאַכט הייס... זי האָט אויף זיכער ווייכע אָרעמס, ווייסע... און אַ מוטערלעך אויפגעגאַנגענע ברוסט — ווי ווער? ווי זיין אירמאַ?... און וואָס טוט זי איצט, אירמאַ? אַ ריינע אַריערין, אָפּגעלעבט מיט אים, דעם ייד, צוועלף יאָר און נישט געוואָלט עמיגרירן: „מיר, דייטשן, מיר האָבן דאָך אונדזער היים!״ ניין, אַזוי האָט זי נישט געקענט זאָגן! — און אפשר האָט זי אים קיין מאָל נישט ליב געהאַט?... אָבער פאַר וואָס האָט ער חתונה געהאַט דווקא מיט אירמא? ווייל ער האָט געוואָלט פון זיך אָפּטרייסלען דעם יידישן שטויב, אין גאַנצן אָפּטרייסלען, און אַריינגיין מיט אַן אויפגעהויבענעם קאָפּ אין דער וויסנשאַפט־וועלט?... און אין וועלכן גייסט וועט דערצויגן ווערן זייער קינד, דאָרט ביי דער מוטער?...

דאָס האָטעלעכל.

אָט האַלט ער שוין דעם קאַלטן שליסל, אָט הייבט ער זיך איבער שמאָלע, קרומע טרעפּ — די טיר, זיין צימערל. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויפן געלעגער, די האַנט געפינט אַ סיגאַרעט, ער פאַררייכערט.

דאָ איז גוט. ס'איז פינצטער. דאָ איז פאַראַן שטילקייט, אַ שטילקייט, וואָס שטייגט ווי רוישלאָזע כוואַליעס און פאַרגיסט דעם מוח, די גלידער — —

אָבער דאָס רעגנדל דערלאָזט נישט דעם שלאָף, דאָס רעגנדל קלאַפּט אין די שויבן, קלאַפּט צו ערשט שוואַך, שוואַך, ווי ס'וואָלט אָפּגעוואַרט אַן ענטפער. ער הערט זיך אַ ווײַלע איין, און באַלד נעמט עס קלאַפּן שטאַרקער, הילכיקער. און מיט אַ מאָל דערזעען דעם דאָקטאָרס אויגן — קראַטן, דאָס פענצטער איז מיט קראַטן! און די קלעפּ — פון וועלכער זייט וואַנט קומט דער סיגנאַל ?...

זײַנע ליפּן ציילן: איינס... איינס—צוויי—דריי, פויזע... איינס—צוויי...

פאַר וואָס איז פּלוצעם שטיל געוואָרן ?

און וואָס זענען די טריט, וואָס מ'הערט, די שווערע, אָפּגעשפּאָלטענע טריט ?

ערגעץ קלימפּערן שליסלען — מ'גייט ?! צו וועמען ?

טריט — באַפעלערישע און געקלימפּער פון אײַזן... פון אײַזן...

גאָט, פאַרטויב די געהירן! טריקן אויס דאָס לעצטע ביסל בענקשאַפט... דאָס האַרץ, די געדאַנקען וועלן שוין די רעשט פאַרפײַניקן !...

אַה! די טריט דערווײַטערן זיך! נישט נאָך אים זענען זיי געקומען!

און טאַקע אַזוי, וואָס קען מען האָבן צום ד"ר קורט וואַלדע ? געאַרבעט אין ברעסלויער קליניק פאַר גייסטיק־קראַנקע, געווען אַ תּלמיד פון אַדלערן, אָנגעשריבן עטלעכע ווערק וועגן גאונות ביי קינדער. — הייסט דאָס פּאָליטיק געטריבן ? קען מען דאָס באַצייכענען אַלס מלוכה־פאַרראַט ?

שוין ווײַטער — די טריט! זיי דערנענטערן זיך! זיי קומען צו זײַן טיר! —

ד"ר קורט וואַלדע שפּרינגט אויף, פאַרשטעקט זיך צווישן בעט און דער וואַנט.

— אַרויס, הענקער! אַרויס !!!

— אַך, אַנטשולדיקט, כ'האָב אײַך איבערגעשראָקן — פאַרענטפערט זיך די האָטעל־דינסט. זי האָט פאַר אים אַ בריוו.

ער הערט נאָך אַלץ די טריט, דעם געקלימפּער פון אייזן... פון אייזן... ער אָטעמט שווער, האַסטיק, ווישט אַרום דעם שווייס פון שטערן.

די פינצטערניש טוט זיך אָפּ פון זיינע אויגן — דאָס האָט די דינסט אַ דריק געטאָן ביים עלעקטרישן קנעפּל.

— כ׳האָב געמיינט, אַז דאָס לעמפּל איז קאַליע... — שמייכלט זי און ווינטשט דעם מסיע לאָקאַטאָר אַ גוטע נאַכט.

און ווען די טיר פאַרמאַכט זיך, דערפילט דער דאָקטאָר דעם ריח פון איר קול, ס׳שמעקט מיט וואַרעם לייב, מיט מאַמע. און פון בריוו טראָגט זיך אויך אַ וואַרעמקייט... דער בריוו איז פון דייטשלאַנד, פון אירמאַ. יאָ, ער האָט געפילט, אַז זי, אירמאַ, איז נישט געוואָרן קיין אַנדערע, זי האָט נישט געקענט ווערן אַנדערש! מאָרגן אָדער איבערמאָרגן וועלן זיך אַלע ווידער באַגעגענען...

„מיין ליבער פריינד וואַלדע".

ניין, נישט איר סטיל, נישט אירמאַס כתב!

„מיין ליבער פריינד וואַלדע!

ענדלעך האָבן זיי מיך באַפרייט, אָבער כ׳קען שוין נישט זיין פריי; דער שאָטן פון קאָנצענטראַציע־לאַגער יאָגט מיר נאָך. כ׳האָב נישט מער קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. מיינע געדאַנקען זענען נישט מיינע; אָפּט מאָל דערפיל איך די אָפּגעטעמפּטקייט פון מיין האַרץ, ווי דער ביטערער סם פאַרגיסט עס... אוי, כ׳האָב מורא דאָס פאַר די ליפּן צו ברענגען: דאָס מענטשלעכע הייבט מיר אָן פרעמד ווערן, פרעמד...

מיינע אייגענע זענען זיך צעלאָפן, אָדער זענען געהיימנישפול פאַר־שוווּנדן. אַלע מיינע מאַנוסקריפּטן האָט מען פאַרכאַפּט, פאַרברענט. צוואַנציק יאָר געאַרבעט, אין דער טיף געגראָבן, געוואָלט איבערראַשן די וועלט מיט אַ נייעם סיסטעם... ס׳איז מיר שווער, שווער איז מיר דאָס אַלץ אַרויסצושרייבן.

דער קאָפּ ווערט מיר צעשפּרונגען. ביי נאַכט הער איך כסדר געשרייען; ביי טאָג, טאָמער קוק איך צו לאַנג אויף עפּעס אַ קעגנשטאַנד — ווערט דערפון אַ שטריק, אָדער אַ האַק, אָדער אַ מענטש אָן אַ קאָפּ...

הערסט, קורט, דו ווייסט דאָך אויף זיכער דעם באַטייט פון אַזעלכע

וויזיעס! יאָ, איינס בין איך אַצינד געוואָר געוואָרן, אַצינד ביים שוועל פון מיין זעכציקסטן יאָר: אַז מיר אַלע האָבן געלעבט אין אַ טעות, אונדזער גאַנץ לעבן איז געווען אַ טראַגישער טעות!

און אַ פּאַרראַט!

אַ טעות דערמיט, וואָס מיר האָבן זיך אָפּגעצוימט — ווי מיט אַ שטעכיקן דראָט אָפּגעצוימט — אין אונדזערע לאַבאָראַטאָריעס, אין די קאַבינעטן. דאָרט האָבן מיר געזוכט דעם מענטש, דאָרט האָבן מיר געוואָלט פאָרמירן זיין שכל. אָבער דעם אמתן, דעם לעבעדיק מענטשן — דאָס פאָלק — האָבן מיר איבערגעלאָזט אונטערן אויפזיכט פון פאַרטיי־דעמאַגאָגן און אויסוואורפן.

דעם פאַרראַט זענען מיר באַגאַנגען — קעגן זיך אַליין. מיר האָבן זיך געלאָזט איינוויגן פון די הילצערנע פראַזן וועגן „אונטערגאַנג דעס יודענטומס". ווי אַלס אַן אָפּגעשטאַנענעם, כמעט ווילדן עלעמענט האָבן מיר באַטראַכט דעם „אָסט־יודע" און נישט איין מאָל האָט אַן אונדזעריקער, צוליב נעבעכדיקער קאַריערע, מיטגעהאָלפן אין דעם אַנטיסעמיטישן טאַראַראַם. מיט אונדזערע קינדער האָבן מיר געלערנט די באַלאַגערונג פון טראָיאַ, אָבער נישט וועגן דער צעשטערונג פון יהודה. זיי האָבן שטודירט די אַרטור־לעגענדעס און נישט געוווסט פון הלויס געזאַנגען. פאַר וואָס האָבן אונדזערע דיכטער נישט געוואָלט דערזען די יידישע פאַוסט־געשטאַלט?

שוין זייענדיק אויף דער פריי, האָב איך זיך געפרעגט: אַלס וואָס האָב איך מער געליטן אין קאָנצענטראַציע־לאַגער — אַלס מענטש, צי אַלס ייד?

קורט, וואָס פון אונדז איז געוואָרן! וואָס מיט אונדז האָט אַלץ געקענט געשען!..."

דאָקטאָר קורט וואַלדע האָט שוין אין גאַנצן געציטערט. דאָס שטיבל האָט זיך געוואַקלט אונטער אים. ס'איז געוואָרן אַ פינצטערניש פון עלעקטרישן לעמפּל, פון די ווענט. אין יעדן ווינקעלע האָט ווער אַנדערש אַרויסגעלייענט שטיקער בריוו...

דאָס געלעגער האָט אים אַראָפּגעוואָרפן פון זיך.

ער האָט גענומען לויפן, אויסגעמישט זיך מיטן טומל פון גאַסן, פון די בולוואַרן, שטיין געבליבן ביי יעדער גרעסערער קאַפע. דאָס ליכט האָט

אים אויפגערעגט, מענטשלעך לשון האָט אים געררייצט. איז ער אַראָפּ צו די פּאַרטונקלטע סען־ברעגעס. דער ווינט האָט זיך געהוידעט אויף די נאַקעטע ביימער, געלאַכט: „מיר דייטשן, מיר האָבן אונדזער היים!... און וואָס פאַר אַ דערציִונג וועט דאָרט קריגן דיין קינד?...״

דאָס גריזשנדיקע רעגנדל איז געוואָרן שאַרפער; די פינצטערניש האָט זיך געגראָבן... אַ קול איז אַרויסגעשווומען פון ערגעץ ווו, אַ קול, אַ חצות־ניגון וואָס האָט אָפּגערעדט זיך דאָס ביטערע האַרץ... און באַלד ווערט דאָס קול פאַרוואַנדלט אין אַ געשריי, אין אַ יללה: מיין זון! מיין איינציק קינד, קום צו מיר — ווּ לויפסטו?!

און די נאַכט שלינגט מיט אַ מאָל איין דעם ווינט, דאָס יאָמערלעכע קול, די נאַקעטע ביימער — — —

די גלאָקן פון נאָטר־דאַם וויינען אַרויס הויך און אימהדיק...

# דער זונטיק פון מסיע מאַקס און מסיע זשאַק

ביידע חברים, מסיע מאַקס און מסיע זשאַק זענען צוזאַמען אָפּגע־שטיגן אויפֿן נאָרד־וואָקזאַל, איין בעלווילער האָטעל־צימערל באַוווינט אַ שטיק צייט און באַנאַנד געהונגערט. דערנאָך, אַז ס׳האָט זיי געוווּמען אָפּ־גליקן, האָבן זיי יעדן שבת נאָך מיטאָג אַוועקגעטראָגן אין דער פּאָסט אַריין זייערע עקאָנאָמיעס. און נאָך שפּעטער האָבן ביידע חברים זייערע ווייבלעך אַראָפּגעבראַכט, און געלאַסן, מיט זיכערע טריט געגאַנגען באַרג־אַרויף, געוואָרן „פּאַמאַלניקעס״ — וואָס איז דאָס אייגענע ווי „אַלרייטניקעס״.

איינער פון אַנדערן וווינט אַ פערטל שעה זונטיק־גאַנג. זייערע אַפּאַרטאַמענטן זענען באַוואָרפן מיט פּירקאַנטיקע, רויטע שטיקער מעבל. אין עסצימער אויפֿן קאָמין שטייט אַ זייגער (גיין איז נישט זיין טבע) גע־פּאַסט אין קינסטלעכן מאַרמאָר, מיט צוויי אימיטירטע יאַפּאַנישע וואַזעס ביי די זייטן. אויף דער קאָמאָדע ליגט אויסגעצויגן אַ פּאָרצעלייענע נאַ־קעטע פרוי מיט אַ ביכל אין די הענט. אויפֿן טיש — אַ גלעזערנער קלאָש מיט בלעכענע בלומען, וואָס וועגן זיי זאָגן ביידע מאַדאַמען: „מאַ פּאַראָל, זענען נאָך שענער ווי לעבעדיקע!״ אין שלאָפצימער זענען די טאַפּעטן פון אַ ראָמאַנטישן ראָז; אויפֿן בעט קעניגט אַ גרויסע פּופּע אין אַ בלאָ, זיידן מאַרי־אַנטואַנעט קלייד; איבערן בעט קעניגט דער חתונה־פּאָרטרעט (אין פאַרבן) פון פּאָרפֿאָלק. אויף די ווענט, איינע קעגנאיבער דער אַנדערער, קוקן אַרויס — פון הינטער שויבן מיט באַגילדעטע ראַמען — אירע עלטערן און זיינע עלטערן.

אין ביידע אַפּאַרטאַמענטן פאַרנעמט דאָס בכבודיקסטע אָרט דער גרויסער פּירקאַנטיקער ראַדיאָ־קאַסטן, וואָס רוט קיין מאָל נישט, סיידן ווען די באַלעבאַטים שלאָפן שוין, אָדער זיי גייען אַראָפּ „פּראָמנע״ — שפּאַצירן.

און הגם מסיע מאַקס ווײַנט אַ פערטל שעה זונטיק־גאַנג פון מסיע זשאַק, פון דעסטוועגן זעען זיי זיך נישט אַ גאַנצע וואָך — זיי זענען פאַר־האָרעוועט, פאַרהוהאַט, האָבן צו טאָן מיט וועקסעלעך און מיט האַנדלס־בריוו. און אַזוי ווי קיין קרובים האָבן זיי נישט דאָ הי, און אַזוי ווי פריינד האָבן זיי קיין מאָל נישט קיין צייט געהאַט זיך איינצושאַפן — איז ביי זיי געוואָרן אַ מנהג: יעדן זונטיק עסט איינער בײַם צווייטן מיטאָג און מ׳פאַר־ברענגט צוזאַמען דעם טאָג.

*

שבת, באַלד נאָך מיטאָג, טרעפן זיך די מאַדאַם מאַקס מיט מאַדאַם זשאַק ביי זייער יידישן פריזיער. זיי פטרן דאָרט גאַנצע דריי שעה. דערפאַר אָבער קומען זיי דערנאָך אַרויס מיט אַ סך קאַרבן אין די שטרוי־בלאָנדירטע האָר, די ברעמען אונטערראַזירט, די לאַנגע שפּיציקע נעגל פון זייערע קליינע פּוכיקע הענטעלעך גלאַנצן מיט העליש־רויטן לאַק.

ביי יעדן קאַפּע־שפּיגל שטעלן זיי זיך אָפּ. נאָר זיי האָבן נישט קיין צוטרוי צו די שפּיגלען. פרעגט איינע:

— זעען זי נאָר, מאַדאַם מאַקס, ס׳האָט עפּעס אַ טעם?

פרעגט די אַנדערע:

— און ביי מיר, מאַדאַם זשאַק?

זיי זענען קליינע, רונדיקע, מיט הויך־אויסגעבעטע בוזעמס און מיט ברייטע היפּטן. זיי טראָגן קליינע לעטשעלעך, ווילן האָבן אַ געשיקט פּיסל — אויף זייער הויכע אָפּצאַסן, דעריבער ברענען זיי די פּיס — סכנות־נפשות! נאָר איינע פאַר דער אַנדערער שעמט זיך דאָס מודה צו זיין. קרעכצן זיי, יעדע מיט אַנדערע ווערטער: „כ׳ווייס נישט וואָס, ווען כ׳קים צים פריז־יער ווער׳ך פאַרמאַטערט... קימען זי, מאַדאַם זשאַק, דאָ איז אַ ליידיקע באַנק".

זיי זעצן זיך צו, נעמען אַרויס פון די האַנט־בייטלען שפּיגעלעך און באַטראַכטן זייערע פּוכקע באַקן און פולע ליפּן, וואָס זענען זאַט צוגערויטלט און אָנגעפּודערט. און ווייל זיי זיצן שוין, קומען זיי אויפן רעיון כלערליי געשעענישן, וועגן וועלכע זיי האָבן זיך שוין אַ מאָל פערציק דערציילט.

— כ׳זיך אַזוי אַנומלט אין „סינעמאַ״ (קינאָ), מיינער איז עפּעס געהאַט אַרויסגעגאַנגען נאָך ציגאַרעטן, איז האָט זיך צו מיר גענומען שאַרן אַ פראַנצויז, כ׳זאָג איהן — אַ שטיק גאָלד, מיט אַ שוואַרצע טשופּרינע האָר, מיט אַ פּאָר געצאַצקעטע וואָנסעלעך...

— שפּילט זיך מיט די פראַנצויזן! טאָמער פּאָר יעך מיט מיינעם אין מעטראָ — איז פרעגן זי שוין גאָרנישט, אַזעלכע־אָ גרויסע אויגענעס קריגט ער, מיין געשפּאַן...

— אַזוי באַדאַרף טאַקיש זיין, אַז אַ מאַן איז „זשאַלו״ (אייפערזיכטיק) איז עס אַ גאָלדענער סימן!

און פון זייערע קורצע, געפּאַקטע העלדזער קייקלט זיך אַרויס אַ שמאַלציק געלעכטערל.

— זי הערן, כ׳ל איהן פאַרציילן אַ סוד: יענע וואָך האָט מיך עמעצער מיטגעשלעפּט אין אַ קאַפע אַריין אויף די גרויסע בולוואַרן... יענע קאַפע אי׳דאָס! מיט איין וואָרט — שיין, וואָס שיין הייסט!...

— ני, ני...

— איז הערן זי אויס, קומען זיך דאָרטן צונויף סאַמעראָדנע פּאָרע־לעך. פּאַר עקזאַמפּל: זי האָבן אַ געליבטן און צ׳ווילט נישט שטענדיק „אַרומלאַזשען״ אין די קינאָס, איז גיט עך ענק דאָרטן אַ ראַנדע־ווו... מ׳טאַנצט און מ׳שפּילט, און וואָס דען נישט?...

— ני... און מסתמא יענע קאַוואַלערן?

— פרעגן זי ליבערשט נישט, שלאַנק און הויך ווי וואָס זאָל איך איהן אָפּמשלען... מיט איין וואָרט, פאַרלאָזן זי זיך אויף מיין גוסט.

— כ׳מיין... אַז אפשר... מ׳וואָלט געקענט גלאַט אַזוי צוגיין אויס־טרינקען אַ שוואַרצע קאַווע.

ביידנס אויגן פילן זיך אָן מיט זינדיקן גלאַנץ. זיי שווייגן און שמייכ־לען זיך איבער... און שמייכלענדיק אַזוי קומען זיי אַריין אין דער יידישער אַפּטייק — ווו ס׳ווערט גערעדט „רוסיש, פּאָלניש, דויטש אונד יודיש״ — זיך אָפּוועגן.

לאַנג טענהן זיי איין מיטן אַפּטייקער אויף מאַמע־לשון און גייען

אַוועק צופרידענע, מיט אַ שפּאָגל־נײַ מיטל אויפצוהאַלטן די „ליניע״, אַ מיטל פון אַ באַרימטן קאַליפאָרניער פּראָפעסאָר.

דערנאָך העלפט איינע דער אַנדערער איינקויפן פאַרן גרויסן מאָר־גנדיקן מיטאָג.

*

צומאָרגנס, זונטיק אין דער פרי, אין דער יידישער באָד מיטן טערקישן נאָמען „האַמאַם סט. פּאָל״, טרעפן זיך מסיע מאַקס און מסיע זשאַק. אין דעם קאָכעדיקן פּאַרע־שטיבל שטייען ביידע חברים — גוט באַ־פליישטע, גראָבע, מיט קורצע קאַרקעס אויף ברייטע אַקסלען, מיט באַלעבאַ־טישע קיילעכדיקע פליכעלעך. זייערע פּנימער זענען רויט, רויט פון צו פיל פּאַרע, פון צו פיל וווילקייט. נחתדיק קרעכצלען זיי אונטער:

— אַה... סע באָן!

און זיי טראָגן אַוועק זייערע פעטע לייבער צו די מאַסאַזשיסטן.

שפּעטער טרעפט מען זיך איינגעהילט אין ווייסע באָד־כאַלאַטן, ביים זעלבן טישל, ווי יעדן זונטיק, אין דעם וואַרעמען בופעט־זאַל. דער גאַרסאָן ווייסט שוין, וואָס צו דערלאַנגען, פרעגט ער נישט מער און ברענגט צו ווייסע קאַווע מיט באַבקע. זיי עסן און לייענען יעדער אין זיין בלאַט די פאָרזעצונג פון דעם העכסט־שפּאַנענדן ראָמאַן.

און מסיע זשאַק זאָגט, קוקנדיק אויף די שיינע פּיסלעך פון דער קאַסירערין:

— אַ יידישקע, טאָמער האָט זי נאָר חתונה — אַזוי ווערט זי באַלד צעכליאַפּעט.

— ני שוין, ני, — ענטפערט מסיע מאַקס — ביי אַ יידישקע זאָלסטו נישט פרעגן, וואָס ס׳איז אַזוינס ליבע, אַמור. נאָר אַ פראַנצויזקעלע קען דערויף ענטפערן... הער, זשאַקעלע, ווילסט מיט מיר מיטגיין אויף אַ ראַנדקע היינט ביי נאַכט? אָבער ווילסט?... ׳עט מען זאָגן די ווייבער, אַז מ׳האָט אַ „רעיוניאָן״ (פאַרזאַמלונג), סאַ וואַ? איז שיס אַריין אַ פּיפּטל. און אַצינד לאָמער מאַכן אַ קערטל, גאַרסאָן!

אַ שעה צייט שפּילן זיי. מ׳צאָלט זיך קליינע גלעזעלעך אַפּעריטיוו־

ווייַן און מ׳שאָקלט אויס די נייעסלעך פון אַ גאַנצער וואָך, באַפּעפּערט און באַזאַלצן מיט וויצן.

אַרום האַלב צוועלף גייט יעדער צו זיין קאַבינע זיך אַנטאָן.

— איז קומסטו באַלד אַריבער?

— זאָג מיר נאָר, ס׳עט עפּעס זיין צו פּאַפּן?

— ברענג נאָר מיט אַ גוטן טרונק, ׳עסט שוין נאַכער זען... זשאַקעלע, ווייסט ווו כ׳על דיך פירן אויף דער ראַנדקע? דאָרט, אויף די גרויסע בולוואַרן, אין יענער קאַפע...

*

ביי דער מאַקסאָווע קומט הייַנט פאַר דער מיטאָג.

אין עסצימער גוואַלדעוועט דער פּירקאַנטיקער ראַדיאָ־קאַסטן. אין דער לופטן הוליען אַרום, טאַנצן איינע קעגן די אַנדערע, ריחות פון געפילטע פיש און קניידלעך מיט יויך, פון געדעמפּט רינדפלייש און צוגעבראָטן גענדזנס, פון געפילטע מעגעלעך און שטראָדל... ביים טיש איז אַ גאָפּל־טעלער געקלימפּער. פון אַ פלאַש גולגלט זיך אין אַ גלאָז אַריין און באַלד גולגלט זיך עס פון גלאָז אין אַ האַלדז אַריין. ציין גריזשען, ליפּן פּאַפּן, סמאָטשקען:

— אַ סוד אויסצוזאָגן...

— זי קען, זי קען!...

— אַזיסטן ווייסט עך, מענער, וואָס גיט איז?

די מאַקסאָווע איז אָנגעטאָן אין אַ שוואַרץ קרעפּדעשין־קלייד מיט צוויי טיפע דעקאָלטן פון פאָרנט און פון הינטן. דאָס אונטערגעשמינקטע קיילעכיקע פּנים אירס, די נאַקעטע פליישיקע אָרעמס — גלאַנצן פון נחת, פון צו אָפטן לויפן אין קיך אַריין נאָך די מאכלים (דער דינסט פאַרגינט זי נישט דאָס פאַרגעניגן פון דערלאַנגען צום טיש). זי זיצט אויף אַ האַלבער שטול און נאַשט צוגלייך פון אַלע עסנס.

איר מאַן זיצט אויבן אָן. זיינע שווערע באַקן, דאָס באַלעבאַטישע פּליכל, זענען רויט, דערשוויצט, ווי ער וואָלט אַ זייער שווערע פיזישע אַרבעט געטאָן.

— כ׳על דיר דערציילן אַ סוד, מיין ווייב — רוקט ער פון זיך אָפּ אַ טעלער אויסגענאָגטע ביינדעלעך — עפּעס חלומט זיך מיר, אַז דאָס פלייש האָסטו נישט געקויפט ביים זעלבן „בושער".

— שוין, ס׳איז אים שוין עפּעס געפלויגן פאַר דער נאָזע — קוקט זי אים אָן בייז.

— קאָנטרער, פאַרקערט... — צעשמאַרן זיך זיינע פעטע ליפּן און ס׳פּאַלט אַרויס אַן אויסגעקייעט געלעכטערל.

די געסט לאַכן מיט. אין פירקאַנטיקן ראַדיאָ־קאַסטן ריטשעט אַ דזשאַז־אָרקעסטער. די מאַקסאָווע וויגט זיך אַריין פון קיך מיט נייע פּאָרציעס עסן. מסיע מאַקס האַלט אַ גלאָז וויין אין דער הייך און שרייט צו איר:

— מעטשעם באַראַיאָר אויף אַ ברית!

— מוחל! — שרייט צוריק די באַלעבאָסטע — דאָ איז נישט אין דער היים! דאָ וויל אַ פרוי האָבן פלעזיר אין לעבן! דאָ האָט מען ס׳ערשט־לינג אַפּילו צוואָנציק יאָר נאָך דער חתונה!

— בראַוואָ! — קומט איר צוהילף די זשאַקאָווע — מ׳געטרויט איך, מענער, די מיסיע!

„מאָן פּאַרי... מאָן פּאַרי..." זינגט זיך אונטער מסיע מאַקס און מיט דער פויסט וויל ער אויפקנאַקן אַ בראַזיליאַנישע נוס אויפן טיש. פון דעם צו שטאַרקן קלאַפּ גיט אַלץ זיך אַ דערשרעק, אַ צעקלינג און אַ פלאַש רויטער וויין גיט זיך אַ צי אויס. און פלוצטאַלבן, אָן אַ פּאַרוואָס, און אָן אַ פּאַרוועָן, פּלאַצט דער באַלעבאָס אַרויס מיט אַזאַ געלעכטער — אַזש דער טיש נעמט זיך שאָקלען. און אויף אים קוקנדיק פאַרקייכן זיך די איבעריקע... מסיע מאַקס לאַכט אויס גאַנצע וויצן, גאַנצע גלייכווערטלעך; מסיע זשאַק טוט אים נאָך; די ווייבער זיצן אויך נישט מיט פאַרלייגטע צינגער — און יעדעס וואָרט שלעפּט מיט אַ גראָב שטיק געלעכטער.

פון פירקאַנטיקן ראַדיאָ־קאַסטן גיסט זיך איצט אַ סענטימענטאַל ליד.

די דינסט ברענגט אַריין קליינע טעפּעלעך שוואַרצע קאַווע. מסיע זשאַק פּרוּווט באַרעכענען וויפל ס׳וואָלט באַטראָפן אַזאַ מיטאָג, ווי זיי האָבן דאָ געגעסן, אין רעסטאָראַן. און ס׳פאַלן קיילעכיקע ציפערן. די מענער

פאַררייכערן. די ווייבער זעצן זיך אויף זייערע שויסן און שלעפּן ביי זיי אַרויס די סיגאַרעטן.

— אינך זעמער נישט קאַ מענטשן ?

אַ שווערע לופט הענגט אין עסצימער, אַן איבערגעזעטיקטע, פול מיט גרעפּסן. די מענער ציען זיך אויס אויפן בעט, די הויזן־פּאַסקעס אויפגעשנאַלט, די קעלנער צעקנעפּלט, און דאָס שלאָף־צימער ווערט באַלאַגערט מיט הנאהדיק שנאָרכן.

אַרום פיר אַ זייגער קריכן זיי אַראָפּ פון בעט, נעמען די ווייבער אונטערן אָרעם און לאָזן זיך שפּאַצירן אויף די „גרויסע בולוואַרן". די מאַנספאַרשוינען באַלאַנגען צו דער שניידער־בראַנזשע, שטעלן זיי זיך אָפּ פאַר יעדן שניט־געשעפט, זאָגן מבינות, שפּאַרן איבער איינער דעם אַנדערן. די ווייבער שלעפּן צו די יובילער־געשעפטן, חלומען אויפן קול וועגן פינגערלעך מיט בריליאַנטן און קאָליעס, אמתע פּערל.

ווען מ׳דערגרייכט דעם אָפּערע־פּלאַץ, גייט מען אַריבער אויף דער צווייטער זייט טראָטואַר. ווידער אַמפּערן זיך די מענער, און די ווייבער חלומען אויפן קול, ביז מ׳קומט צוריק צום פּלאַץ דע לאַ רעפּובליק. דאָ באַזעצט מען זיך אויף דער טעראַסע פון דער פאַריידישטער קאַפע „טענען", אינעם טומל פון „פּאַמאַלניקעס", אַקטיאָרן און שרייבערלעך.

ביים אָוונטברויט איילן זיך די מענער, זיי האָבן באַלד אַ פאַרזאַמלונג פון זייער לאַנדסמאַנשאַפט.

— פונקט זונטיק פאָרען זיי זיך אויס! — מאַכט די מאַקסאָווע אַן אָנשטעל און אירע אייגעלעך גלאַנצן אויף.

— ווען־זשע ט׳מען גיין אין „סינעמאַ" אַריין ? — כאַפּט אונטער די זשאַקאָווע מיט אַ באַהאַלטן שמייכעלע.

— וואָסי, צ׳האָט מורא מ׳וועט ענק אויסכאַפּן אָן אינך ?

און ווען די טיר פאַרמאַכט זיך הינטער די מענער, סטראָיען זיך אויס די ווייבער, באַגיסן זיך מיט פּאַרפום, קויפן בשותפות אַ פּעקל לוקסוספּאַפּיראָסן און מיט נערוועזע, זינדיק אָנגעלאָדענע טריטעלעך לאָזן זיי זיך אַוועק צו יענער קאַפע אויף די גרויסע בולוואַרן...

# חוהלע

ביי צוועלף יאָר האָט מען דודלען אַריינגעזעצט אין צוג, וואָס איז געלאָפן קיין פּאַריז, און די אַלטע, ליבע היים איז מיט איין מאָל אָפּגעשניטן געוואָרן פון אים. און פּונקט, ווי מ׳באַווייַנט אַ געשטאָרבענע מאַמען, אַזוי איז אין דודלען אויפגעגאַנגען אַ הייס, פאַרבענקט געוויין, ווען אין דער ווייטער, ווילד־פרעמדער שטאָט האָבן זיך אים דערמאָנט די פּעטערס און מומעס; זיין טייערער חבר בערישל, מיט וועמען ער פלעגט זיך אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן פאַרקלויבן אויפן בוידעם און אויסחלומען אויפן קול די געפּערלעכסטע רייזעס... אָבער איבער אַלע בענקשאַפטן האָט זיך גע־הויבן דאָס ברוינע, לאַכנדיקע פּנימל פון חוהלען, דעם שכנס טעכטערל. זי איז צו אים געווען, ווי אַ שוועסטערל, און ער צו איר — אַ געטריי ברודערל. זי האָט געזאָרגט פאַר דער ריינקייט פון זיינע פיסלעך אין זומער און פאַר זייער וואַרעמקייט אין ווינטער... און ער, ער האָט ליב געהאַט זי צו קעמען, ליב געהאַט צו פלעכטן אירע שוואַרצע, גלאַנציקע צעפּעלעך, זי אָפּגעהיטן פאַר עוולות פון אַנדערע קינדער... נישט איין מאָל האָט ער איינגעשטעלט פאַר איר זיין „מענלעכן" כבוד און אַרויס פון אַ געשלעג מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז... און זינגען, זינגען האָט זי געקענט אַזוי שיין... און מעשהלעך דערציילן... — אוי, האָט ער געבענקט נאָך איר רוישיק געלעכטערל, נאָך אירע זיסע, וואַרעמע הענטעלעך!...

דאָ, אין דער ווייטער שטאָט, כאָטש אַן עלטערער ברודער האָט זיך מיט אים אָפּגעגעבן, האָט דודלען געשטיקט די פרעמדקייט. אַנדערש האָט די זון דאָ געשיינט, אַנדערשדיק האָבן די פערד דאָ געהירזשעט און דער „וויאָ" איז געווען אויסגעטאָן פון דעם היימישן, גוטמוטיקן קלאַנג.

ווי אַ שטיפמאַמע איז אַלץ געווען צו דודלען...

*

צען יאָר זענען פאַרביי. דוד איז מאַנסביליש אויסגעוואַקסן, שוין געלעבט פאַר זיך און געוואָרן אַ פראַנצויז מיטן „קנאַק".

אָבער זיין בענקשאַפט נאָך דער „היים" האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אויף קיין מינוט. אַז ער האָט געהערט לאַכן אַ מיידל, האָט ער אין איר געלעכטערל געוואָלט אויסגעפינען חוהלעס אַ קלאַנג. און ער איז געלאָפן אויף יידישע פילמען, כדי זיך צו באַהעפטן מיט דער אַטמאָספער, אין וועל־כער חוהלע לעבט... ער האָט געלייענט די נייע דיכטער פון „דאָרט", די פראָזאַיקער, און געפּרוווט טרעפן וועלכעס ליד, וועלכע דערציילונג איז חוהלען געפעלן געוואָרן...

ער האָט זיך פאָרגעשטעלט חוהלען אַ שלאַנקע, פול מיט מוטער־לעכן חן, מיט מאַמעדיקער איבערגעגעבנקייט — אָט טאַקע דאָס האָט דאָך אים פון קינדוויז אָן געפעלט, מאַמעדיקע איבערגעגעבנקייט.

קיין שום מיידל האָט ער נישט געקענט קוקן אין די אויגן אַריין — ס'האָט זיך אים געדוכט, אַז דער מינדעסטער עראָטישער געדאַנק איז אַ פאַרשוועכונג קעגן זיינע הייליקע געפילן פאַר חוהלען.

ביי נאַכט האָט זי אַרויסגעלויכטן פון דער פינצטערניש אין צימער, געזונגען עפּעס אַזוי שטיל, אַזוי ווייך. און אין חלום פלעגט ער דערפילן אירע זיסע הענטעלעך צערטלען זיינע ליפּן...

ווען דוד האָט זיך באַפרייט פון זיין ברודערס אַפּוטרופּסות און איז אַוועק לעבן פאַר זיך, האָט ער די ערשטע עטלעכע חדשים געשפּאָרט פון מויל, אָפּגעזאָגט זיך אַפילו פון אַ וואַרעם העמד — אַלץ האָט אין אים געפיבערט, געוואָרן אָנגעלאָדן מיט דערוואַרטונג.

ערשט ווען ער איז שוין געזעסן אין צוג קיין וואַרשע, האָט דער פיבער זיך אין אים געשטילט, זיך פאַרשטעקט ערגעץ אין די טיפענישן פון זיין נשמה און געוואַרט.

דוד האָט געפלאַפּלט מיט די פּאַסאַזשירן — בעלגיער, דייטשן, פּאָליאַקן, זיי מכבד געווען פון זיין פלאַש אַלטן באָרדאָ־וויין, געטיילט סיגאַ־רעטן. יעדע נייע סטאַציע האָט אים באַרוישט, צעיאָגט אין אים הייסע

שטראָמען בלוט. און ווען דער צוג האָט זיך איבערגעוואָרפן אויף דער פוילישער ערד, איז שוין דוד נישט אָפּגעטראָטן פון פענצטער. מיט אַ קינדערישן בליק האָט ער אַריינגעזויגן אין זיך די היימישקייט פון די רחבותדיקע פעלדער, די שווערע גרינקייט פון די וועלדער, די ווייסקייט פון כאַטקעס און די רויטקייט פון פויערישע קאָפּטיכלעך...

אויפן וואָקזאַל האָט אים קיינער נישט אָפּגעוואַרט. אָבער די פרייד האָט געזונגען אין זיינע גלידער, ווי ס׳וואָלטן אים אויסגעקוקט טאַטע־מאַמע.

*

אין האָטעל האָט דוד זיך אַרומגעוואַשן און איז גלייך אַראָפּ אין גאַס אַריין. ער האָט גאָרנישט געפילט קיין מידקייט פון די זעקס און דרייסיק שעה פאָרן. די גאַסן זענען אים אַנטקעגנגעלאָפן, ווי אַלטע גוטע פריינד: יעדעס ווינקעלע האָט ער דערקענט, יעדע קלענסטע ענדערונג, וואָס איז געמאַכט געוואָרן דורך די צען יאָר... אין ערגעץ אָבער האָט ער זיך נישט אָפּגעשטעלט, געוואָלט פאַר אַלעם זיין אין הויף אויף פּאַוויע־גאַס, דאָרט איז ער געבוירן געוואָרן, געלעבט ביז צו זיין אַוועקפאָרן.

דער הויף מיט די שווערע גרויע מויערן איז ווי דעמאָלט אויך אַצינד געווען באַוואָרפן מיט שטיקער געשריי פון דער בעקעריי, מיטן זשומען פון די „זינגערס״ און טריקאָטאַזש־מאַשינדלעך. העגעכל קאַר־טאָפּלאַזש איז אויך איצט געזעסן אויף די טרעפּלעך פון זיין קעלער־שטוב און אויסגעקוקט אַ קונה, נישט מער — די צייט האָט אים גראָ געמאַכט. קינדער האָבן זיך געשפּילט אין „יאָגעלעך״, ווי דעמאָלט. און יידן מיט נביאישע בערד האָבן זיך שטילינקערהייט אַריינגעשאַרט אין הויף אַריין מיט אַן אָנגעשוואָלענעם „האָט רחמנות, ליבע, האַרציקע מענטשן!...״ און דאָרטן, פון ווינקלדיקן באַלקאָן אויפן צווייטן שטאָק, וווּ ער, דוד, האָט אַ מאָל געוווינט, קוקט איצט אַראָפּ אַן אַנדער ייִנגעלע...

דוד האָט געגאַפט. אַ גרויסע פרייד האָט אים פאַרטראָגן מיט זיך, נישט צוגעלאָזט צו אים דעם ניכטערן געדאַנק. די פרייד האָט אים צוריק־געוואָרפן אין דעם קינדערישן בעטעלע אַריין און אַלץ באַפאַרבט מיט ראָז, מיט בלוי...

— חוהלע, חוהלע קאָרנגאָלד! — האָט ער אָנגעקלאַפּט אין דער סיר אויפן ערשטן שטאָק.

— ווי?... זיי וווינען נישט מער דאָ?

אַ קעלט האָט אים דורכגענומען...

ער איז אַריין צו טוביה סטאָליער.

— איר דערקענט מיך, ר׳ טוביה? — איז זיין קול שוין געווען אויפגערעגט — איך בין דודל פון אַנדערן הויז, אויפן צווייטן...

טוביה האָט געהאַלטן אין מיטן איבערבייסן. ער איז אויפגעשטאַנען אַ הויכער, אַ צעוואַקסענער, זיין ווייסע שיטערלעכע באָרד מיטן חולהוואַטן, פאַרגעלטן פּנים האָט גאָרנישט געפּאַסט צום ברייטן, געזונטן גוף. ער האָט זיך אַ לענגערע ווײַלע איינגעקוקט אין גאַסט.

— באַלד... דודל? דודל, פון צווייטן שטאָק? אָט דער, וואָס האָט אויסגעלערנט מיין זיינוועלען גיין? — ווייסעך שוין, שלום עליכם! וואָס זשע... כ׳מיין, ביסט ערגעץ געווען אין אַ ווייטער מדינה? פון וואַנעט קימסטו? זעץ זעך. דערצייל עפּעס נייעס פון יענע מקומות. דער עיקר, יידן שלאָגט מען נישט ביי ענק דאָרטן?... אַזוי, ניין! ני, געלויבט צו גאָט דערפאַר! איז קען מען הייסט עס גיין אויף אַלע גאַסן? און ביי נאַכט אויכעט אַזוי...

די שטוב — אַ גרויסע, אַ פאַרשאָטנטע. דאָ האָט דער אַלטער אַ מאָל געהאַט זיין וואַרשטאַט. היינט הענגען די אַרבעטס־מכשירים אויף די פאַר־רייכערטע ווענט. אַ ריח פון לאַם שטייט נאָך אין דער לופטן.

— ווען נישט די קינדער, זאָלן געזונט זיין... — האָט דער אַלטער געערעדט און זיך געשניטן פּענעצלעך עפּל אין מויל אַריין — מיין זיינ־וועלע איז קיין עין־הרע אַ גרויסער יונג אויפגעוואַקסן, נ׳אַ פאַרדינער — אויף אַלע יידישע קינדער! אין בראַזיליע איז ער... און מרימל האָט שוין אַ גרויסע טאָכטער, זאָל לעבן, ס׳גייט זיי דאָרטן גאַנץ גיט אין קאַנאַדע... יאָ, יאָ, טאַקע יונה הייסט ער, דער עלטסטער, אַ קלאָג איז צו זיין שכל! שוין זיבן יאָר, ווי מ׳האָט אים האַרעשטירט, די וועלט איז אים געלעגן אין קאָפּ — נישט אַנדערש, נאָר די גאַנצע וועלט האָט ער געוואָלט אויסלייזן!

אינק, יידן, וואַרטן מאָ שוין צוויי טויזנט יאָר, און מיין יונה וויל מיט איין שאָס אַוועקליייגן אַלע רשעים...

— און די קאָרנגאָלדס, זאָגט איר, וווינען שוין נישט דאָ? — איז פון דודס ליפּן אָפּגעשפּרונגען.

— גיי פרעג די ראָזנערס, זיי באַדאַרפן יאָ האָבן אַ ידיעה... וואָס זשע יאָגסטע זיך, דודל? הע׳סט, מיין זיינוועלע וויל דאָך כ׳זאָל אַהינפאָרן, נאָר יעך שרייב׳ם אין יעדן בריוו, אַז ניין! דאָ בין יעך געבוירן געוואָרן... זיינוועלעס מאַמע ליגט אויפן געגנשער בית־עולם... ווער וועט אַכטונג טין אויף דער מצבה? היינטיקע צייטן דערצו...

דער אומרו האָט אים געטריבן. דוד האָט אָנגעקלאַפּט ביי די ראָזנערס. אַהער האָט ער געפּלעגט אַריינקומען הערן, ווי די עלטערע טאָכטער לערנט זיך שפּילן אויף דער פּיאַנע... און חיימקע, דאָס איינציקע ברודערל, האָט אים געפּלעגט צו באָרגן זיין רייטוועגעלע...

די מוטער האָט זיך דערפרייט: ס׳אַראָ גאַסט! שוין פינף יאָר, אַז איר זינדעלע איז אַוועק קיין ארץ־ישראל. היינט איז ער דאָרט געוואָרן אַ גאַפיר, אַ פּאָליציאַנט, פאַרטיידיקט יידישע האָרעוואַניע. און אַלץ, וואָס דערמאָנט איר אָן חיימקען, פאַרשאַפט איר אַ נחת־רוח. זי האָט אָנגעהויבן שטעלן כיבוד פאַרן גאַסט.

— ניין, אַ דאַנק, כ׳וועל נאָך אַרויפקומען... — האָט דוד זיך געקווענקלט און צום סוף אַרויסגעבראָכן: — אפשר ווייסט איר וווהין די קאָרנגאָלדס האָבן זיך אַוועקגעצויגן?

— באַלד נאָכן אַלטן קאָרנגאָלדס טויט...

— געשטאָרבן?...

דודן איז אַ ציטער אַדורכגעלאָפן איבערן לייב, ווי מ׳וואָלט אים אָנגעזאָגט וועגן טויט פון זיין אייגענעם פאָטער.

— אויפגעהאָנגען זיך נאָכן באַנקראָט... חנטשע „אכסניה" האָנדלט נאָך מיט דער אַלטער קאָרנגאָלדאָווע...

מיט איין שפּרונג איז דוד געווען ביי זיין חבר בעריש׳ל אין שטוב — אַ גרויסער קעלער באַוואָרפן מיט פאַרשטויבטע שטיקער מעבל, מיט בעטן און אויסלייג־בעטלעך. אַ טוכלער ריח האָט אַרויסגעזעצט פון יעדן ווינקעלע.

אויף די טרעפּלעך איז געשטאַנען אַ קליין ווייבעלע מיט אַ הילצערן קובעליקל זויערע אוגערקעלעך, גרייט צום אַרויסגיין. דערהערט, אַז עפּעס אַ פרעמדער רופט אָן איר קינדס נאָמען, בעריש, איז די ביטערניש פון אירע אויסגעצויגענע באַקן פאַרשוווּנדן און אין אירע קליינע איבערגע־שראָקענע אייגעלעך האָט אויפגעשיינט אַ מאַמע־גלאַנץ.

— אוי, בערישל? זי קימען פון כישפּאַניען? — האָט זי אַראָפּגע־שטעלט דאָס קובעליקל און געלאָפן אָנזאָגן די בשורה צווישן דעם בעטלעך־אָנגעשטעל אין אַנדערן עק קעלער. עטלעכע צעשויבערטע קעפּ האָבן זיך אונטערגעהויבן, געוואָרפן אַ פאַרשלאָפענעם בליק צו דער טיר און צוריקגעפאַלן אויף די קישנס. באַלד איז דאָס קליינע ווייבעלע אָנגעלאָפן מיט אַ טאַבורעטקע.

— זיצן זי, יינגערמאַן.

און מיט פלינקע באַוועגונגען האָט זי אָנגעהויבן אַראָפּצורוימען פון טיש, וואָס איז געווען באַלאַגערט מיט גלעזער, מיט שטיקלעך ברויט. מיט טעלערלעךביינדלעך פון הערינג.

— אַנטשילדיקן זי מיר... — האָט זי זיך פאַרענטפערט — אַזאַ מושב... ביי מיינע לאָקאַטאָרן ברענען נישט די געשעפטן — שלאָפט מען... איז קימען זי פון מיין בערישלען?... מיין גאָלדענער קאָפּ!

אין מיטן רעדן צעוויינט זי זיך: נאָך וואָס האָט ער דאָס באַדאַרפט, גיין שלאָגן זיך אַזשיק קיין כישפּאַניען, ווינציק האָט מען דאָרטן גע־פייניקט יידן?...

— ס׳איז שוין העכער זעקס מאָנאַטן, ווי מ׳הערט נישט און מ׳זעט נישט קיין לעבעדיק וואָרט פון אים... אויפגעכאָוועט אַ זון פאַר דער וועלטס רשעות... זיצט, יינגערמאַן. איז וואָס זשע מאַכט ער דאָרטן, מיין יינגל? ער האָט געשריבן, אַז מ׳האָט אים געגעבן אַ וואָזשנע „טשין”... פאַר וואָס האָט ער נישט געשיקט אַ פאָטאָגראַפיע?

דוד האָט זיך אויפן אויגנבליק אָריענטירט, זיך נישט געגעבן צו דערקענען און דערציילט פון נישט געשטויגענע, נישט געפלויגענע זאַכן. ביים סוף האָט ער אַריינגעשמוגלט דעם נאָמען קאָרנגאָלד, צי ס׳וווינט דאָ נישט איינער מיט אַזאַ נאָמען, וואָרעם ער האָט פאַר אים אַ גרוס.

— יאָ, די מאַדאַם קאָרנגאָלד גיט איר צו לייזן יעדן טאָג. זי וווינט דאָ דערלעבן, אויף דזשעלנע.

עטלעכע רגעס שפּעטער איז שוין דוד געשטאַנען פאַר פרוי קאָרנגאָלד.

— איר געדענקט נישט, ווי כ'האָב געפּלעגט צו מאַכן „פּאָרטרעטן" פון חוהלען, אויף די ווענט, אויפן טיש? און ווי איר האָט מיר געפּלעגט צו פּאַטשן איבער די פינגער?...

ביים נאָמען חוהלע, האָט זיך אַ פינצטערניש אויסגעשפּרייט אויף פרוי קאָרנגאָלדס איינגעשרומפּן פּנימל, און איבער אירע טיפע פאַרמרה־שחורהטע אויגן האָט זיך פאַרצויגן אַ בלישטשענדיק טרערן־הייטל.

שטיל איז געווען אין שטוב, די פענצטער — פאַרהאַקט. די כמעט־אַראָפּגעלאָזטע ראָלעטן האָבן אָנגעוואָרפן אימהדיקע שאָטנס... אַ דין געוויין האָט אַרומגעשוועבט אין דער לופטן, זיך געהויבן, גענידערט און איז גסיסהדיק אויסגעגאַנגען. דערנאָך זענען געקומען רייד, וואָס האָבן זיך געקרישלט, ווי פאַרדאַרטע ווונדן:

— חוהלע... אַלץ האָב איך פאַר איר אַוועקגעגעבן... דעם ביסן פון מויל... זי האָט שוין געדאַרפט באַלד ענדיקן... איז אויסגעבראָכן אַ שוואַר־צע... אַ שוואַרצע מהומה אין אוניווערסיטעט... אַ וויסט אָנשיקעניש... אוי, צו וואָס מיינע אויגן האָבן דערלעבט! אין אַ ליילעך האָט מען זי מיר אַהיימ־געברענגט... אַ ווייס ליילעך, כדי מ'זאָל בעסער אָנזען דאָס בלוט... חוהלע, מיין אויג אין קאָפּ... צי וואָס לעב איך נאָך אין אַזאַ וועלט?...

עפּעס אַן אומבאַוווּסטער כוח האָט דודן אַ הייב געטאָן פון דער שטוב.

ער איז געלאָפן איבער די גאַסן, ווי ער וואָלט געוואָלט אַנטלויפן פון דער מאַיאָווער זון, פון דעם מענטשלעכן טומל...

אויפן בית־עולם איז געהאָנגען אַ בלייערנע שטילקייט. די ביימער האָבן פרום געראַשט, געזאָגט אַ תפילה־זכה... און דוד האָט זיך געטוליעט מיט די אָרעמס, מיטן גאַנצן קערפּער צו חוהלעס ווייסער מצבה...

# האַס

ס׳איז געווען אין אַ זונטיקדיקן מיטן טאָג.

פון דער גליענדיקער יולי־זון איז די בלויקייט פון הימל איבער־געברענט און זוי פאַרצויגן מיט לייכטע רויך־געוועבן. אַ ווייסלעכער שטויב הייבט זיך פון שאָסיי, פון דער זייט שטאָט, און נידערט אויף דער ווייסל־אויבערפלאַך, הילט זי איין ווי מיט אַ דין בלייען הייטל.

דאָס מאָגערע גראָז ביים ברעג איז צעטראָטן, די גרינקייט איז פאַר־וואַשן פון צו פיל זון. די אָפּגעדעקטע שטיקער ערד זענען פּרוכנע, פאַרזאַמדיקט און אויף טייל ערטער — רויטלדיק. אַ בוים שטייט מיט צעשפּרייטע אַראָפּהלשנדיקע צווייגן, ווי די בלעטער וואָלטן אים אַצינד געווען פאַרגליווערטע טראָפּנס שוויס. אַ פאַרליבט פּאָרל ווייסע זומער־פייגעלעך דרייט זיך אַרום אים און זוכט אַ קיל ערטעלע...

אויפן ברעג טייך שטייען עטלעכע קינדער־וועגעלעך און טאַטע־מאַמע דרימלען אין זייער שאָטן. שקצים, שיקסעס ליגן פאַרלעכווייז אויס־געלייגט אויף די לאָפּאַטקעס אָדער אויפן בויך, באַגאָסן מיט פוילער, מידער שלעפּערדיקייט. אַרום זיי זענען אָנגעוואָרפן ווייסע און געלע קלייד־לעך, זעלנערישע אויסגעפּוצטע שטיוואַלעס מיט בלאַנקע שפּאָרן; פון צווישן שטאָטיש־צוזאַמענגעלייגטע שוואַרצע זונטיק־אָנצוגן ווינקען אַרויס העל־בלויע מייטקע־שפּיצן...

אַ ברוינהויטיקער זעלנער־יונג, האַלבנאַקעט, מיט אַ קאָפּ פלאַקסענע האָר, וועמען ס׳איז נמאס געוואָרן דאָס ליגן אויף דער זון, זעצט זיך אויף, צעקייעט אַ גענעץ מיט אַ קללה:

— העי, פּשאַקרעוו...

זיין כלה ליגט דערלעבן מיטן פּנים אַראָפּ, די ווייצענע האָר פאַר־

דעקט מיט אַ בלימלדיק ליליאָווע טיכל. אירע האַרטע, פליישיקע פיס זענען צעשפּרייט, אירע פולע, מעכטיקע אָרעמס זענען איבערן נאַקן „פּאַר־וואַליעט". פון הינטערן דינעם, רויטן באַד־קאָסטיום רייסן זיך די מיט ווייבלעכקייט באַטרונקענע לייב־פּאָרמען, וואָס זעען איצט אויס אין זעלנערס אויגן פאַרחלשט, אויסגעליידיקט פון זייער פּרויען־רייך, און פויל לאָזט ער אַראָפּ אַ „פּלאָסק" אויף איר געזעס.

— העי, וואַנדזשו!...

— אַ צאָ! — רעדט זי שלעפעריק אַרויס און טוט זיך נישט קיין ריר.

דעם זעלנער דרימלט דער מוח. מיט אַ דערשעפּטן בליק קוקט ער אויפן פלאַטערנדיקן פּאָרל זומער־פייגעלעך, דערנאָך צום טייך. דאָרטן באָדט זיך ווער.

— אַ צאָ ?... — פאַלט אַרויס אַ וואָרט פון צווישן זיינע צעשפּרייטע מגושמדיקע ליפּן. ער ציט קוים אויס אַ האַנט נאָכן אָנטועכץ, באַטאַפּט בלינד די קעשענעס, ציט פון דאָרט אַרויס אַ האַרמאָשקע, שלעפּט זי קוים צו צום מויל. זיינע פאַרברוינטע, פריש ראַזירטע באַקן בלאָזן זיך אָן און ס׳דערהערן זיך אַ פּאָר טענער, ווי אַ קינד וואָלט געשפּילט.

פון וויטנס דערטראָגט זיך אַ הייזעריקער, דורשטיקער פייף פון אַ דאַמפּער־סירענע. די האַרמאָשקע פאַלט אַראָפּ פון זעלנערס פאַרטרוקנטע ליפּן. דאָס צאַפּלדיקע פּאָרל זומער־פייגעלעך פליט אַוועק ערגעץ צו דער זייט שאָסיי. און אַלץ פאַלט צוריק אַריין אין פוילער, מידער שלעפערדיקייט.

דער איינציקער, וואָס איז אַצינד וואַכעדיק אויפן גאַנצן ווייסל־ברעג, דאָס איז אַביש. אַ גאַנצע וואָך איז ער אָנטרייבער אין זשעלאַזעס הורט־פירמע, קערט ער זיך אָן דעם פערד, דער בייטש, שלעפּט זעק מעל, זעק קאַרטאָפּליעס אויף זיינע אייזערנע אַקסלען, אַז ביינאַכט איז דאָס העמד פאַרשווייסיקט — אויסצודרענגען.

היינט — ס׳פערד רוט — איז ער אַהערגעקומען אָפּטובלען דאָס לייב, אַריינכאַפּן, אין איין וועגס, אַ ביסל זון, וואָס דער דאָקטער האָט אים אַ מאָל

פֿאַרשריבן, צוזאַמען מיט אַ גלעזל מילך, מיט אַן אייעלע פֿון אונטער דער הון אַפּער...

אביש פֿליעסקעט זיך אין דעם לוילעכן וואַסער. די מידקייט שיילט זיך אָפּ פֿון זיינע גלידער ווי אַ פֿאַרטרוקנטע ווונד, און לייכטער און שטאַרקער דערפֿילט ער זיך. און ווייל ער געדענקט גוט, אַז חברה האָט אָפּגעזאָגט מיטצוגיין, וואָרעם ס'איז זונטיק, און ווייל ער איז איין ייד אויפֿן גאַנצן ווייסל־ברעג — דערפֿילט ער זיך נאָך מער געקרעפֿטיקט, שטאָלצער, און ס'קומען אים אויפֿן זינען פֿאַרשידענע געשלעגן, פֿון וועלכע ר'איז אַרויס דער זיגער. ס'ווערט אים היימלעך אויף דער נשמה, ווי אין די ווינטער־פֿרימאָרגנס, ווען ער כאַפּט אַ „קאַפּיטשקע" זעקסאוניינציקער.

אַביש איז שוין אַריבער די שווים־צייכנס, דאָס „יידישע ווינקל" ליגט שוין פֿון לאַנג הינטער אים, אַצינד געפֿינט ער זיך אין דער „קריסט־לעכער רעזידענץ". נו, זאָל ווער קומען זיך פֿאַרמעסטן מיט אים! אין מיליטער האָט ער איין מאָל געמאַכט אַ „וואָלקע" מיט צוועלף שטיק, יענע מפּיל־קינדער געווען...

אַבישעס שוואַרצע באָרד ליגט אויף אַ העלפֿט אין וואַסער, די גע־דיכטע גזשיווע פּייכטע האָר איז קריגעריש אויפֿגעשטעלט און גלאַנצט אין דער זון, ווי אַ שטיק אַנטראַציט־קויל. מיט די גבורהדיקע הענט שניידט ער דאָס וואַסער, האַקט אויס פֿאַר זיך אַ וועג, און בשעת מעשה צעשפּרייט ער די שווערע ליפּן. די גרינקייט פֿון טייך שלאָגט זיך אָן אין זיינע ווייסע ציינער, און, ווי ס'וואָלט ביי אים געווען אַ שפּילעריי, שלינגט ער הויפֿנס וואַסער, שלינגט און שפּייט אַרויס מיט אַ שפּריץ אין דער ווייט אַריין. קיין מאָל איז ער נאָך נישט אַזוי ווייט פֿאַרקראָכן. וועמען ליגט אין זינען „קעסל־גריבער", צי אַנדערע שרעקן? אַצינד איז אַביש באַלעבאָס פֿון דער ווייסל. אויף ווי ווייט זיין בליק גרייכט, איז נישט צו זען קיין שווימער פֿאַר אַ „מילאָען". אַ שאָד נאָר, וואָס דאָס וואַסער מאַכט נישט קיין שטויב, ווען יאָ, וואָלט ער אָנגעמאַכט אַזאַ וואָלקן נאָך זיך, אַז מענטשן וואָלטן געמיינט: דאָס פֿאָרט אַ כראַביע אין אַן אַכטפֿערדיקן געשפּאַן.

מיט אַ מאָל האָט ער זיך דערזען אין סאַמע מיטן טייך. ער האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער פּלייצע און געבליבן ליגן גלייך ווי אַ ברעט.

לייכטע כוואַליעלעך האָבן אים געוויגט. אַביש האָט מיט פאַרגעניגן באַטראַכט דעם ברעג, געוואָלט אים אויפוועקן פון זיין פוילער שלעפעריקייט, געוואָלט אַרויסרופן דעם עולם אויף אַ פאַרמעסט אין שווימען, אין כוחות...

— האָפּ־האָפּ! — האָט זיך זיין קול אַ הייב געטאָן אין דער לופטן. פון קיינעם נישט אויפגעכאַפּט געוואָרן, איז ער צוריקגעפאַלן אין טייך אַריין.

פון דער צווייטער זייט ברעג, אין דער בלוילעכער ווייסקייט — עטלעכע פויערישע ווייסע כאַטעס, וואָס טוליען זיך צו אַ גראַנאַטן וועלדל. אין דער נאָענט ליגט אויסגעצויגן אויף אַ בערגל זאַמד אַ גרויסער קודלאַ־טער הונט מיט גרויע און שוואַרצע לאַטעס, די אויגן צוגעמרוזשעט.

— אַלמאַ!... נאָראַ!...

אַביש האָט נישט געקענט אַרויסרייסן דעם הונט פון זיין דרימל, האָט ער גענומען פאַטשן מיט די הענט און פיס אין וואַסער, וואָס האָט זיך צעשפּריצט אַרום אים, פאַרגאַנגען אין אַ שוים — דאָס האָט ער אויף אַזאַ אופן געלאַכט, אויסגעלאַכט דעם פאַרזאָג פון זיינע חברים: היינט איז זונטיק... געלאַכט פון צו פיל גבורה.

און ווי ער נעמט זיך ווייטער שווימען, ערשט ער דערפילט פּלוצעם אַ שטראָם אונטער די פיס, אונטער די הענט, ווי ס'וואָלט זיי ווער מיט אַ שטריק געוואָלט אַראָפּשלעפּן.

— אַבישל!... — גיט ער זיך, ווי שטענדיק אין אַ סכנה, אַליין צו מוט. און ער טוט אַ צעשפּרייט די אָרעמס און באַלד אַזאַ נעם צוזאַמען, מיט אַזאַ רציחה, ווי ער וואָלט אַריינגעכאַפּט אַ געפערלעכן שונא און אָט דערווערגט ער אים, צעקוועטשט ער אים. נאָר דער טייך נעמט זיך נישט איבער, ווייל בלויז דעם מענטשן בינדן, בינדן און פאַרשלעפּן מיט זיך. אָט איז שוין אַ פּעטליע פאַרלייגט אַרום די פיס, זיי זינקען שוין אין וואַסער אַריין... די געזונטע אָרעמס בלויז קעמפן נאָך, רייסן זיך אַלע ווײַלע אַרויס פון דער באַהאַלטענער צוים, צעפּליקן זי.

— אַבישל!... אַבישל!...

די ווייסל באַווייזט זיך פאַרן מענטשן מיט דער גאַנצער אימהדיקער ברייט און לענג, ווי דערמיט וואָלט זי געחוזקט פון זיין דערמוטיקונג. זי

ברייטערט אויס איר געהיימען שטראָם און נעמט אַרום דעם מענטשן מיט אַ רייף. אַביש ציט זיך איין, וויל ווערן שמעלער, קלענער און זיך אָפּגנ־בענען, נאָר ער קען שוין נישט רודערן מיט די פיס: שווערע משאות הענגען אויף זיי, שלעפּן אים אין גאַנצן אַראָפּ; און אין דער היים — אַ ווייב, קינדערלעך, פערד און וואָגן...

אין דער פוילער, דרימלענדיקער שטילקייט האָט אויפגעריסן אַ געשריי שאַרף, באַפעלעריש, אַ געשריי וואָס איז געווען אָנגעזאַפּט אי מיט יללה פון טויט, אי מיט דער קראַפט פון לעבן. און אויף די מענטשן ביים ברעג איז עס געפאַלן, ווי אַ גאַס רעגן: מ׳איז אויפגעשפרונגען פון שלאָף, געוועקט אַנדערע, טייל האָבן זיך פאַר גרויס בהלה געכאַפּט צו זייערע קליידער, ווי זיי וואָלטן פלאַמען פון אַ שריפה דערפילט.

— דאָרט, אין וואַסער... — האָט אַ קינד אָנגעוויזן. פון הענט האָט מען געמאַכט דאַשקעס איבער די אויגן, געטריבן פון זיך די זון.

— אַ מענטש!

— אַ זשידעק...

— ט׳זיין מיט איינעם ווינציקער.

ס׳געשריי איז געוואָרן מיט יעדער רגע שווערער, אָנגעשוואָלענער, לעכצנדיקער.

— אוי, ווויי... טאַטעלע, מאַמעלע...

און אויפן ברעג:

— זשידקו, ווער קוילעט דיך?

— אַ טאָכטער האָסטו עפּעס אַ שיינע?

— ווי הייסט זי, כאַיקאַ?...

עמעצער האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געזאַנג:

„כאַיקאַ, כאַיקאַ כאָטש נאַ בעז,
יאַ ניע פוידען — באָ שאַבעס" — — —

פון אַלע זייטן זענען געפאַלן שטיקער געלעכטער, ווי סטאַדעס פערד וואָלטן זיך צעהירזשעט. די פוילקייט האָט זיך פון אַלעמען אָפּגעטאָן. נאַ־קעטע גלידער האָבן זיך געצויגן אין דער לופטן, תאַווהדיק זיך געזוכט איינע

די אַנדערע. געדעמפטע הייסע געלעכטערס האָבן געציִשעט. אַ מאַנדאָלינע האָט דין און צערייצט אויפגעשפּילט. דער זעלנער־יונג מיט דער האַרמאָשקע אין מויל האָט אַרומגעכאַפּט וואַנדזשעס טאַליע און אַוועקגעהאָפּצעט אין אַ טאַנץ...

אַביש האָט דערפילט, אַז די כוחות פאַרלאָזן אים. ווי אין אַ פּרעס האַלט אים דער טייך. ס׳וואַסער גרייכט שוין צום מויל, פאַרגיסט די אויערן... אַצינד איז זיין קול אָנגעזאַפּט געוועזן מיטן געוויין פון די קינדערלעך, די יתומימלעך, מיט דער יללה פון שלאָפן ווייב...

— כלאָפּצי! מענטשן!

אַ פרישׂ געלעכטער. טייל זענען אַריינגעקראָכן אין וואַסער אַריין, כדי בעסער צו זען דעם יידס מיט אַנגסטן באַשלאָגענע פּנים, חילד אויפגעברויזטע שוואַרצע גזשיווע. זייערע אויגן זענען גרעסער געוואָרן, פּייערלעך האָבן דאָרט אויפגעפלאַקערט.

אַ זונטיק־אויסגעפּוצטער אַרבעטער, וואָס איז פאַרבייגעגאַנגען מיט זיין מיידל, האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט.

— וואָס איז דאָרט?

— ניק. אַ יידלאַק...

דער אַרבעטער האָט נידעריקער אַראָפּגערוקט דאָס שטייפע זונטיק־קאַשקעטל איבערן שטערן, כדי די זון זאָל אים נישט שטערן צו קוקן אין דער ווייט.

— ער טרינקט זיך דאָך! — האָט ער אַ געשריי געגעבן און געכאַפּט זיך אויסצוטאָן.

חברה האָט אים באַלד אַרומגערינגלט: ברייטע פאַרברוינטע פּלייצעס מיט רויע פּנימער, גבורהדיקע, רויטע מיט אויגן פינצטערע, ווי הוילע לעכער, מיט גלאַטע שטערנס, אייז־קאַלטע, ברוטאַלע... איינער אין אַ סטודענטן־היטל האָט אַוועקגעוואָרפן אַ האַנט אויפן אַרבעטערס אַקסל:

— הינטישער זון! אונטערגעקויפטער פון יידן!... און דו, שבת־גויע... מ׳האָט דיך אויך אונטערגעקויפט מיט אַ שטיקל חלה!

— חיות זענט איר! — האָט דאָס מיידל, די באַגלייטערין פון אַרבעטער, אָפּגעענטפערט.

— פאַרמאַך דעם פּרעסער! און גיי טו צוריק אָן דיין מאַן.

חברה האָט אַרויסגעזעצט מיט אַ גראָב געלעכטער. דער זעלנער־יונג מיט דער האַרמאָשקע אין מויל האָט ווידער אָרומגעכאַפּט וואַנדזשעס פולע טאַליע...

מיט אַ מאָל האָט ווער אַ געשריי געטאָן:

— אַ הונט! דאָרט! דאָרט!

פון אַבישעס קולות האָט זיך דער אַלטער קודלאַטער הונט, וואָס אויף יענער זייט ברעג, אויפגעוועקט. אָפּגעטרייסלט זיך פון די פליגן, פון די זעמדעלעך, האָט ער אויסגעצויגן די מאָרדע, זי געדרייט אין אַלע זייטן — און פלוצעם האָט ער אַ ביל געטאָן שווער, אַלט און אַ יאָג געטאָן אין וואַסער אַריין. דער הונט האָט געקענט די ווייסל, פונקט ווי יעדעס ערטעלע ביי זיין באַלעבאָס דעם פויער; ער האָט געוווסט אויסצוהיטן זיך פון די „קעסל־גריבער", ווי פון די שגצישע שטיינער.

מיט די לעצטע כוחות האָט אַביש זיך געקלאַמערט אין הונט. און די חיה איז מעכטיק, נצחונדיק געשווומען. זיין רויטע צונג האָט זיך געקילט אַ האַלבע אין וואַסער. דער שווערער, אַלטער געביל איז ווי דערלייכטערט געוואָרן און פריידיק געהויבן זיך איבער דער לענג און ברייט פון דער ווייסל...

# ב י י ל ק ע

דעם גאַנצן טאָג האָט זיך ביילקע געפּאָרעט אין דער גרויסער טוב־קעלער שטוב, געריבן מיט הייס וואַסער און זייף די נישט גלייכע פּאָדלאָגע, גערייניקט די שויבן, וואָס זענען געווען ערטערווייז פאַרקלעפּט מיט צייטונגס־פּאַפּיר; געפּוצט די מעשענע גאַלקעס אין די עקן פון בעט, אין וועלכן זי שלאָפט צוזאַמען מיט דער מאַמען.

— ס׳פינקלט... שפּיגעלעך... — האָט איר פאַרטעמפּט גראָב פּנים זיך געפרייט.

פון אונטערן בעט האָט ביילקע אַפּערגעשלעפּט אַ פאַרשטויבטן קויש, אַן אַרומגעבונדענעם מיט שטריק און צוגעשלאָסענעם אויף צוויי שלעסער. דאָ איז געלעגן איר „וויפּראַווע״, וואָס זי האָט זיך איינציקווייז איינגעשאַפט פאַר די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס פון איר דינען.

יעדעס מאָל, ווען זי רירט זיך צו צום קויש, נעמט איר האַרץ האַסטיק קלאַפּן און אַ הייס געלעכטער קוועלט אַרויס פון איר צייטיק אויפגעגאַנגען לייב. דאָס מאָל אָבער האָט זי זיך נישט מער באַנוגנט מיט צערטלען און קושן די ווייס אויסגעהאָפטענע העמדער, די קאָלירטע בלוזקעלעך — היינט איז דער ערשטער יום־טוב אין איר לעבן. אָט באַלד, ווי נאָר ס׳וועט פינצטער ווערן אין דרויסן, וועט זיך די טיר ברייט אויפעפענען און די מחותנים וועלן אַריינקומען, און „ער״ אויך... ווען זאָל מען תנאים שרייבן? אויף ווען זאָל מען די חתונה אָפּשמועסן?...

פון קויש האָט ביילקע אַרויסגענומען אַ בלוי קליידל פאַר זיך, אַ נייע ווייס טישטעך און אַ פלושענע רויטע דעקע איבערצודעקן דערמיט דאָס בעט.

אין דעם איז איר עפּעס איינגעפאַלן. זי איז אַוועקגעלאָפן צו אַ קאָלעזשאַנקע, וואָס האָט געדינט אין אַ רייך הויז, און קוים מיט צרות,

אונטער כלערליי שבועות, געפועלט, אַז יענע זאָל איר באָרגן אַ וואַזאָן אָן דער מאַדאַמס וויסן. צוריקוועגס האָט ביילקע געקויפט אַ בינטעלע „פאַרגעס מיך נישט" — אַזוי האָט איר אָנגעזאָגט די קאָלעזשאַנקע.

— זע נאָר, מאַמע, ס'עט'ם געפעלן ?...

די מאַמע, אַ קליין איינגעטריקנט ווייבעלע, איז געווען פאַרטאָן ביים צוגרייטן כיבוד אין קיך־ווינקעלע.

— הלוואי זאָל נאָר אַלץ דורכגיין בשלום — האָט זי טיף אָפּגעזיפצט.

דערנאָך, מיט איר אויסגעמאָגערט קולעכל פון שרייען אויף דער גאַס „פרישע וואַרעמע בייגל, דריי פאַר אַ צענערל", האָט זי אַ געשריי געגעבן:

— ביילקע, יאַך זאָל אַזוי דערלעבן גוטס, אַז זיי זענען שוין דאָ!

דאָס ווייסע בלענדנדיקע טישטעך מיט די שאַרפע פּרעס־קנייטשן, די ליכטיקייט פון דעם שטאַרק אַרויפגעדרייטן גאַזלאָמפּ, די פרישע געלקייט פון די פּאָדלאָגע־ברעטער — האָבן געשיינט איינס קעגן אַנדערן, געוואָלט איבערשטייגן איינס ס'אַנדערע מיט זייער יום־טובדיקייט און פייערלעכן וואַרטן אויף די געסט.

און ביילקע האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די קליידער און אויך זיך גענומען גרייטן.

— משוגע, מיינע שונאים! — האָט דאָס מאַמעלע אַ פּישטשע געגעבן און ווייל ס'איז פאַרגעשטאַנען אַזאַ ערנסטער מאָמענט, האָט זי שוין מער גאָרנישט געזאָגט, אַפילו דעמאָלט ווען ס'מיידל האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך ס'העמד.

ביילקעס מעכטיקע לייב האָט געפּאַרעט אונטערן וואַרעמען וואַסער, די ברוסטן זענען געוואָרן שטייף אונטער דער באַרירונג פון די אייגענע הענט, אָנגעגאָסן זיך מיט אַ גלוסטונג, און אַ פאַרבענקט לאַכן, אַ הייס, אַן אומגעדולדיקס, האָט זיך אַרויסגעריסן פון איר קעל.

— זיי קומען דאָך שוין אַריין! — האָט דאָס מאַמעלע אַרויסגעיאָגט פון זיך אַ קוויטשל.

ביילקע האָט זיך נישט איבערגענומען, מיט תאווה האָט זי געזייפט דאָס לייב, עס געצערטלט און דערפילט „יענעמס" פינגער. זי האָט גע־

קושט די גלידער און געפילט „זיינע ליפּן“. אינעם קליינעם וואַנט־שפּיגעלע האָט זי נאָכגעזוכט יעדן קערפּער־טייל באַזונדער. און אַז זי האָט באַטראַכט אירע רויטע אָנגעקוואָלענע ברוסט־וואַרצלען, האָט זי מיט אַ מאָל דערפילט אַזאַ זיסן ווייטיק, ווי אַ פּאָר קינדערישע ליפּעלעך וואָלט פון זיי געזויגן. יעדעס שטיקל שטאָף, וואָס זי האָט דערנאָך אויף זיך אַרויפגעצויגן, האָט איר אַרומגענומען, ווי מיט קינדערישע הענטעלעך.

— זע נאָר, מאַמע, — האָט זי אָנגעוויזן אויף די נאַקעטע ווענט, אויפן פאַרשוואַרצטן באַלקן — ס׳שיינט, ס׳שפּיגלט...

*

די געסט זענען אָנגעקומען.

קודם־כל האָט זיך אַריינגעשטעלט אַ ברייטע יידענע מיט אַ הויכן בוזעם און מיט אַ סוחרישן בליק אין די פלינקע אייגעלעך. זי האָט גלייך דערזען דעם „שמאַלץ־גרוב“, וועגן וועלכן די שדכנטע האָט אַזוי פיל אָנגעמשלט.

נאָך איר איז געגאַנגען דער מאַן: אַן אויסגעמאָרדעוועט גופל מיט אַ פאַרשלאָפן פּנים, איינגערעמט אין אַ פאַרגרויט דאַר בערדל.

און „ער“ ווו איז? — האָט ביילקען אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן.

די מחותנים האָבן זיך באַזעצט.

— ריין, ריין... דאָס אַליין איז שוין אַ שטיק נדן! — האָט די מחותנתטע מיט אַ סוחריש שמייכעלע געזאָגט.

ער, דער מאַן, האָט אַרויסגענומען פון אַ הינטערשטער קעשענע אַ שאַכטעלע טיטון מיט גילזן, אָנגעשטאָפּט עטלעכע פּאַפּיראָסלעך און פאַררייכערט. זיין מיד, פאַרשטויבט פּנים האָט נישט אויסגעדריקט קיין שום ווונטש, קיין שום נייגעריקייט. ער האָט געקוקט שטאַר פאַר זיך און געלאָזן זיך געפּיפּקעט.

דאָס מאַמעלע האָט דערלאַנג טיי מיט היימיש־געבאַקענע קיכעלעך.

— ני, באַלטשע, — האָט זי צום ערשטן מאָל פאַרצויגן דער טאָכ־טערס נאָמען, ווי דערמיט וואָלט זי צוגעגעבן מער חשיבות דעם מיידל — וואָס שטייסטו, קים צום טיש, עפּן ס׳מויל אויף, רעד עפּעס „סטאַלע“ זאַכן.

ביילקע האָט געטראַכט פון „אים". יעדן פרימאָרגן, אַרום עלף דעם זייגער, שאַרט ער זיך אַריין אין דער קאַוויאַרניע ווו זי דינט, באַשטעלט צוויי פלעצלעך, אַ שטיקל הערינג און אַ גלעזעל קאַווע. ער איז אַ בלאָסער, אַ שטילער, שטענדיק באַלאָדן מיט פעקלעך. גלייך ווי ער עסט אָפּ, לויפט ער אַוועק. צוויי יאָר נאָך אַנאַנד האָט זי אים סערווירט צום טיש. איין מאָל, ווינטערצייט איז דאָס געווען, איז ער אַ גאַנצע וואָך נישט געקומען. דעמאָלט האָט ביילקע דערפילט אַ נאָגנדיקע בענקשאַפט, אַז עפּעס, צו וועלכן זי איז שוין געוואוינט געווען, איז פלוצטאַלבן פאַרשוווּנדן. זי האָט זיך נישט געקענט קיין אָרט געפינען. ערשט איצט האָט זי דערזען, אַז דאָס קעכל, אין וועלכן זי שטייט פון זיבענע אין דער פרי ביז עלעווע ביי נאַכט, איז ברודיק, פאַרפעטסט, אַ פּיצלס; ערשט איצט האָט זי דערפילט אַ מידקייט אין גאַנצן לייב.

נאָר ווען ער האָט זיך ווידער באַוויזן, האָט איר אַ פרייד אַרומגעכאַפּט. די אַרבעט איז איר צוריק געוואָרן ליב.

אָן דער באַלעבאָסטעס וויסן האָט זי די פלעצלעך אויפגעשניטן, באַשמירט מיט פּוטער און אַריינגעלייגט בלעטלעך שווייצער־קעז. די קאַווע איז דאָס מאָל געווען כמעט בלויז מילך.

ביי נאַכט האָט ביילקע נישט געקענט איינשלאָפן. און אויף צו מאָרגנס איז זי אַוועק צו אַ שדכנטע...

די מחותנתטע האָט געזופּט די טיי מיט אַ רעש און געלויבט ס'געבעקס:

— טויזנט טעם!... — דערביי האָט זי געדרייט מיטן קאַרבירטן בלאָנדן האָר־שייטל פאַר גרויס אַנטציקונג — דערפאַר מאַך יאַך שמאַלץ!... און אַ געפילט מעגעלע!... צוואָע, האַרשל? — האָט זי אָנגעטראָטן דעם מאַן אויפן פוס.

האַרשל איז שיער נישט אויפגעשפּרונגען, וואָרעם זי האָט פּונקט אָנגעטראָפן אויף אַן אָטשיסק. זיין נאָז און מויל האָבן זיך אויסגעקרימט אין אַ זייט.

— אַ נפקא מינה! — האָט ער אַ ברום געטאָן — דער עיקר, וואָס איז מ'כוח נדן?

— טאַקע אַזוי — האָט זי אים געשומען אונטערהעלפן (די גאַנצע צייט האָט זי געוואַרט, אַז ער זאָל אָנהייבן). זי האָט גערעדט געדיכט, שנעל, מיט אַ פעט קול — די שדכנטע האָט אויסגעמשלט אַ פּאַלאַץ אויף אינס „וואָהניג". ווו זשע אי'דאָס מעבל, די קרעדענצן מיט די שפּיגלען? די צוויי „באַזעבלעכע" בעטן? אין אַזאַ, כ'בעט אין איבער, „לאָך" קען זיך נישט זמיעשטשען אַ פּאָרפאָלק מיט קינדער.

דאָס איינגעטריקנטע מאַמעלע איז געוואָרן נאָך קלענער — בלויז הכנעה. זי האָט דערלאַנגט פרישע גלעזער טיי, אָפּגעשיילט עפּעלעך און געטענהט מיט אַ געמאַכט לאַכעלע:

— ס'עט אַלצדינג זיין! ס'עט זעכער זיין! און וואָס עפּעס שפּרעכן זי שוין פון „קינדער"? אין לעבן, ווייס יאָך, גייט עס אַ לעקעלע פּאַמע־לעכער... און וואָסי, מיט אַ שטוב האָט מען עפּעס חתונה? אַלץ עט זיין! און קוקן זי נאָר אָן מיין מיידל, ס'איז אַן „אָסאָבע", נישט ווי די הײַנטיקע „פּאַנישושוס", די מייזעלעך. שטעל זיך נאָר אויף באַלטשע־לעבן; אַ פּאָלנער מענטש... אַ פּאָר הענט צו מאַכן גאָלד!...

— אָבער אין טאָפּ אַריין 'עט עפּעס זיין צו לייגן פון דעם „גאָלד"? — האָט דער מחותן ווידער אַ ברום געטאָן — און וועגן געשעפטל? יאָך רעד אַלץ, און עץ ענטפערט מיר לאַנגער נון.

— מיין מנשהלע, מיינען זי, איז אַ טימטאָם? אַ קעפּל — לאָמעך שוין האָבן אַזאַ'ן יאָר! זיי זעען ס'אַראַ שונא יאָך אַליין בין מיאָ?

*

די מחותנים זענען אַוועק מיט גאָרנישט.

דאָס מאַמעלע איז געבליבן זיצן איינגעהויקערט, ס'קעפּל פאַרוואָרפן אין אַ זייט, די אויגן־הייטלעך ווייטיקלעך צוזאַמענגעצויגן, די פאַרטרוקנטע ליפּן האָבן אונטערגעציטערט.

אַ שטילקייט האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבערן שטיבל.

די בלענדנדיקע ווייסקייט פון טישטעך, די העלע ליכטיקייט פון דעם שטאַרק אַרויפגעדרייטן גאַזלאָמפּ — איז פאַרשאָטנט געוואָרן. אַ רויט עפּעלע איז געבליבן ליגן נישט דערשיילט, און די רויטע שאָלעכץ איז, ווי אַ טויט שלענגל, געלעגן אויפן ווייסן יום־טובדיקן טישטעך...

# אַנהייב שול־יאָר

דעם אָנהייב שול־יאָר, להיפוך צו די פריערדיקע יאָרן, האָט די באַקאַנטע בוכהאַנדלונג פון גוסטאַוו מייזעלעס, אויף כמיעלנע גאַס, געפּוס־טעוועט. פאַרן איינגאַנג זענען געשטאַנען צוויי מיטגלידער פון דער סטו־דענטן־אָרגאַניזאַציע „דאָס יונגע פּוילן" און קיינעם נישט אַריינגעלאָזט. סיידן אין ווען זיי האָבן אַ יידן דערקענט. איז דער קונה געווען אַן אַר־יער, האָבן זיי אַפּעלירט צו זיין פּאַטריאָטיש געוויסן: אַזוי און אַזוי, דער פּוילישער האַנדל מוז אַנטיידישט ווערן... יידן קיין פּאַלעסטינע... פּוילן פאַר פּאָליאַקן... איז דאָס נישט געווען גענוג איבערצייגנדיק, און דער קונה האָט זיך איינגעשפּאַרט: פינף יאָר אַז מיינע קינדער לערנען אין מייזעלעס ביכער און — יעזוס מאַריאַ! — הלוואי וויטער נישט ערגער... אָדער: וואָס איז דאָס אַזוינס? מיר לעבן אונטער אַ דעמאָקראַטישן רעזשים און כ'בין פריי צו דענקען נישט ווי איר, מיינע הערן! — דאַן האָט מען אים, דעם „יודעאָ־קאָמוניסט", דעם „מאָסקווער אַגענט", דעם „יידישן ציבעלע־פּרעסער" גאַנץ קאָרעקט דערלאַנגט אין די ציינער. אָהאָ! „דאָס יונגע פּוילן" איז באַהאַוונט געווען אין דער קונסט פון באָקס לחלוטין נישט ערגער ווי אין טריגאָנאָמעטריע.

פון געשעפט אויס האָט ליפּשיץ אַלץ צוגעזען, אַלץ צוגעהערט; ער איז אַרומגעגאַנגען פון ראַיאָן צו ראַיאָן און נישט געקענט זיך באַפרייען פון דרויסנדיקן טומל, פון דעם גרויען טאָגליכט, פון לאַנגווייליקן רעגנדל, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו ראַצן אין דאַך־פענצטערל. נעכטן האָט אַ שטיין געלעכערט די אויסשטעלשויב; און ער, ליפּשיץ, האָט אָפּגעהאַלטן די אַנדערע צוויי אָנגעשטעלטע אי צו פאַרקלעפּן, אי צו טוישן די ביכער, פאַרפלעקטע פון דעם צעשפּרונגענעם טינטער. אַצינד רייסט זיך דער

סעפּטעמבער־ווינט דורכן לאָך. ליפּשיצן דאַכט, אַז דער ווינט יאָגט בלויז אַרום אים, שפּעט פון אים, לאַכט אויס זיינע אידעאַלן וועגן פולקאָמענער דעמאָקראַטיע.

ער איז געגאַנגען: די פּלייצע איינגעבויגן, איין האַנט איבערן רוקן פאַרוואָרפן, צונויפגעקניפּט אין אַ פויסטל, די צווייטע — אַראָפּגעלאָזט, מיט די שמאָלע בלאַסע פינגער אין דער לופטן, ווי זיי וואָלטן אים אומברחמנות־דיק געבריט. דער ווייסער אַרבעטס־כאַלאַט האָט אים געמאַכט לענגער און דאַרער. ס׳איז שווער געווען פעסטצושטעלן דעם קאָליר פון זיינע אויגן, פון שיטער־באַוואַקסענעם קאָפּ האָר. טראָץ זיין מאָגערקייט האָט דאָס פּנים ניט געשאַפן קיין איין אויסגעשפּראָכענע ליניע, אַלץ איז געווען קאָנ־טורלאָז, פאַרמעקט, מוטנע און קאַרג, צעגעסן פון שטויב, אָפּגעבליאַקעט פון עלעקטריש ליכט.

— שיפּרין, האָסט געקלונגען צו סקראַ? — פרעגט ער מיט זיין פאַרשטויבט קול, און גלייך קומט דאָס אים פאָר איבעריק און נאַריש, פונקט ווי ס׳איז איבעריק און נאַריש זיין אַרויפקלעטערן צו די בעלעט־ריסטישע פאַכן. „וואָס דאַרף ער״? „וועמען זוכט ער״? אָט איז פּרק — „דריי מתנות״, „אויב נישט נאָך העכער״ — פּרץ אין פּויליש. און דערלעבן קאָנאָפּניצקאַ. דערלעבן ווירגיליוס. איבערן לייטערל דראַפּעט זיך צו אים אַרויף דאָס סעפּטעמבער־ווינטל און שפּיצט אַריין אין זיין אויער אַ קלאַנג פון אַן ערגעץ־ווו אויסגעזעצטער שויב...

— גוטמאַנאָווונאַ, זייט אַזוי פריינדלעך און דערלאַנגט מיר דעם רעגיסטער! רעכטס... אָט דעם. אַ דאַנק.

„צו וואָס דער רעגיסטער, פלוצטאַלבן?״ ווי אַ דרעשטש לויפט אין אים אַרום דער עכאָ פון צעבראָכענעם גלאָז. דער קאָפּ טוט אים וויי און עפּעס איבלט אים. עס דאַכט אים: ער שטייט אויף אַ געוואַלדיקער הייך, אַרום איז פּוסט, קיין שנירל רויך פון ווי וויט נישט צו דערזען; ער וויל אַראָפּקריכן און קען נישט... מיט אַ מאָל רופט מען אים: גוסטאַוו מייזע־לעס פרוי זיצט מיט אירע צוויי קינדער אויף אַ באַנק און רופט אים.

— נו, ליפּשיץ, נייעס? — פרעגט זי אים.

— ס׳וועט קומען, ס׳וועט אומפאַרמיידלעך קומען! געדולד! מיט

רעאַקציע בויט מען נישט קיין לאַנד אויף, פאַרקערט. פוילן איז נאָך נישט אויסגעניכטערט פון איר באַפרייונג־שיכרות. פוילן איז נאָך געגליכן צו אַ קליין הינטעלע, וואָס לאָזט זיך פאַרנאַרן מיט אַ קיכעלע. די אַקאַדעמישע יוגנט גלייבט נאָך אין די „גלעזערנע הייזער״... דער פויער הייבט שוין אָבער אָן צו באַגרייפן, אַז דער פוילישער פריץ און זיין נעכטיקער צאַרישער באַלעבאָס איז דאָס אייגענע. און די שטייגנדיקע אַרבעטסלאָזיקייט... יאָ־יאָ, ווי קאָמיש דאָס זאָל אייך נישט אויסקוקן, איז אייער גורל, אונדזער אַלעמענס גורל אָפּהענגיק —

— פאַרדאָן, ליפשיץ... מ׳דערקענט באַלד, אַז איר זענט נישט קיין פאַמיליע־מענטש. איבריקנס, כ׳ווייס נישט... אפשר זענט איר גאָר אויפן ריכטיקן וועג... אַ פאַמיליע־מאַן טראַכט מיט גאַנץ אַנדערע קאַטעגאָריעס, אין דעם קען איך אייך איבערצייגן, מיין גוסטאַוו זעט אַלץ שוואַרץ... וועלכע פּערספּעקטיוון האָבן מיר דאָ פאַר אונדזערע צוויי קינדער? קיין מאָל איז נישט אַזוי רייף געווען ביי אונדז דער געדאַנק פון עמיגרירן...

אין דרויסן איז עפּעס אַ טומל. אַ קוויטש פון אַ פרוי אָמפּערט זיך מיט אַ פּאָליצייאיש פייפל... דורך דער געלעכערטער וויטרינע שפּרינגט אַריין: „זאָלן לעבן די געטאָ־בענק!״

ליפשיץ קומט צו זיך, דערזעט אַז ער שטייט נאָך אויפן לייטערל, און קלעטערט אַראָפּ אַ ביסל פאַרשעמט: צו וואָס האָט ער געבעטן דעם רעגיסטער?

דער זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוויי. די אָנגעשטעלטע זענען אַוועק מיטאָגן. דאָס רעגנדל האָט זיך איינגעשטילט. אָבער די גרויקייט איז געוואָרן געדיכטער, שווערער. פאַר וואָס גלייב איך אַזוי פעסט ווען כ׳דיסקוטיר מיט אַ פרעמדן — פאַרקלערט זיך ליפשיץ בלייבנדיק אַליין אין דער פוסטער בוכהאַנדלונג — און נישט ווען כ׳בין מיט מיר אַליין? — אַ לענגערע ווילע שטייט ער אומבאַוועגלעך, דעם בליק אין ערגעץ נישט געווענדט... און ער נעמט זיך אויספּאַקן זיין מענאַשקע.

צוליב די אומשטענדן גיט אים די מאַמע מיט דאָס מיטאָג. מ׳קאָן אים נאָך באַפאַלן אין גאַס, אָדער — גאָט באַהיט! — אַרויסוואַרפן פון טראַמוויי אין סאַמע לויף. אַזוינס איז שוין אויך געשען. ער איז פאַר איר

אַלץ: איר לעבן, איר חלום. זינט זיין דריטן לעבנסיאָר (נאָכן טאַטנס טויט) האָט זי אַוועקגענומען פון אייגענעם מויל, אַבי אים זאָל קיין נעגעלע נישט קווענקען; איז אויפגעזעסן ביי דער אַרבעט ביזקל טיף אין דער נאַכט אַריין כדי איר קרוין, איר לייבעלע, איר לעאָנעקל זאָל ווייטער לערנען, אויסוואַקסן אַ לייט, מיט אַ מעדאַל, מיט אַ קאַבינעט.

דאָס עסן איז אויפגעוואַרעמט. ער פאַרזוכט עטלעכע לעפל און לייגט אַוועק. ער איז מיד, מיד, אוי ווי מיד. שוין יאָרן בענקט ער פון גוט אויסשלאָפן זיך אין אַ ברייט בעט, איינער אַליין אין אַ שטוב, מיט בילדער אויף די ווענט, מיט בלומענטעפּ אין פענצטער; נישט אָפּפילן דעם רויך פון קעכל, נישט הערן דורך דער וואַנט דאָס געוויין פון אַ קראַנק מיידעלע, און דער עיקר — דאָס דאַזיקע שרעקלעכע אויסקראַצן טעפּ, דאָס דאַזיקע זשעדנע סמאָטשקען ביינער... דריי און דרייסיק יאָר איז ער אַלט! און שטענדיק, שטענדיק איז זיין לעבן אָפּהענגיק געווען פון וועמען אַנדערש. אַ ליאַדע געזעץ, אַ ליאַדע רעדע פון וועלכן ס'איז מיניסטער איז בכוח געווען צו בייטן דעם גאַנג פון זיינע טעג. גלייך נישט ער וואָלט באַלעבאָס געווען איבער זיין לעבן, גלייך נישט זיין לעבן וואָלט עס גאָר געווען, נאָר אַ פרעמדס, אַ געבאָרגטס.

דער זייגער האָט געשלאָגן דריי. שיפּרין איז אַריין מיט אַ גדולה: ער האָט דערהאַלטן דעם „אַפידעיוויט" פון אַמעריקע. ווי איז זיין מיינונג, ליפּשיצס, וועגן די עקאָנאָמישע פּערספּעקטיוון פון די פאַראייניקטע שטאַטן?

ליפּשיץ האָט אין זיך אַ שמייכל געטאָן און געפרעגט:

— וויפל ביסטו שוין אַלט?

— דעם ווינטער ווער איך צוואַנציק יאָר.

— ביסט שוין פאַרליבט געווען?

— יאָ, אין שול זייענדיק. היינט איז מיר שווער צו דעצידירן זיך...

— פאַר וואָס?

— ערשטנס — פלענער... כ'האָב נאָך נישט אויפגעגעבן דעם וויאָ־לאָנטשעל! און צווייטנס, אַליין... ווי זאָל איך דאָס זאָגן?... אַליין בין איך צוגעגרייט צו אַלע סיורפּריזן: כ'קען מאָרגן ווערן אַרבעטסלאָז, אַ שטייגער;

אָט קען מיר אַ טראַמוויי אָפּשניידן אַ פוס... איבערמאָרגן קען אַרויס אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע יידן וואָס האָבן נישט געמאַכט דעם דאָקטאָראַט, טאָרן נישט זיין קיין אָנגעשטעלטע... אָט מוזן דאָך שוין יידישע סוחרים באַווייזן אַ דיפּלאָם פון אַ האַנדלסשול. און אַצינד „מיי דיאַר" דאַרף מען שוויצן איבערן ענגליש!...

דרויסן פאַר דער טיר איז ווידער אַ שטיקל טומל, די צוויי סטודענטן אַמפּערן זיך מיט אַ יונג בלאָנד מיידל. די גוטמאַנוווגאַ שטעלט זיך אויף די שפּיץ פינגער.

— ס'איז פאַננאַ גוראַל — זאָגט זי.

שיפּרין פאַלט איר אין די רייד אַריין:

— ליפשיץ, איר גלייבט טאַקע אין אַ מלחמה? לויט ווי איך פאַרשטיי היטלערס רעדע...

ענדלעך עפנט זיך די טיר פאַר פאַננאַ גוראַל. ליפשיץ קומט איר אַנטקעגן, כאָטש מיט די ביבליאָטעק־אַבאָנענטן פאַרנעמט זיך די גוט־מאַנוווגאַ. ער איז צופרידן פון דער געלעגנהייט אויפצופרישן זיין שול־פראַנצויזיש מיט אַזאַ אינטערעסאַנטער לעזערין. וואָס פאַר אַן איינדרוק מאַכט אויף איר מאָליער? און סטענדאַלס זשיליען סאָרעל? איז זי נישט אין דער מיינונג, אַז די מאָדערנע ליטעראַטורן אין אַלע לענדער ליידט אומגעהויער פון דעם געיעג — „אַ טו פּרי" — נאָך אָריגינאַליטעט? נאָך „טיפּן"?... דאָס גרויע, דאָס קליינלעכע פון דעם אַרום שיילט זיך פון אים אָפּ. ער איז צוריק אין גימנאַזיע, ער וועט שטודירן אויף אַגראָנאָם און אין דער פרייער צייט וועט ער איבערזעצן ווערלענען.

— איז וואָס גיב איך אייך? — קומט ער צו זיך.

פאַננאַ גוראַל האָט זיך פאַררויטלט, אַראָפּגעלאָזט דעם בליק צו אירע פינגער, וועלכע זענען איר אין דעם מאָמענט געוואָרן שטאַרק איבעריק, און זיך איינגעזויגן מיט די בלאַנקע דריבנע ציינדלעך אין אירע רויטע זאַפטיקע ליפּלעך.

— כ'בין זייער צופרידן... — קווענקלט זי סוף כל סוף אַרויס, דעם בליק נאָך אַלץ פאַרטשעפּעט אין די שפּיצן פינגער, פאַר וועלכע זי האָט דאָך געפונען באַשעפטיקונג: די מאַנטל־קנעפּ צו דרייען — זייער צופרידן

געווען... פון אייער ביבליאָטעק, נאָר... ס'איז מיר זייער אומאָנגענעם... אָט האָבן זיי ביי מיר געוואָלט אַרויסרייסן דאָס בוך און זיי וואָלטן עס געווען צעפליקט!... און איר קענט דאָך מיין מאַמושו, זי האָט אַזוי מורא פאַר אינ־צידענטן! אונדזערער אַ קוזין איז גאַנץ וואַזשנע צעשלאָגן געוואָרן. איז... גיב איך אייך מיין ערנוואָרט צוריקקומען אַזוי גלייך ס'וועט מעגלעך זיין.

און דאָס בלאָנדע מיידל האָט אויסגעשטרעקט איר ראָזע הענטל. ליפ־שיץ האָט עס לענגער ווי מ'דאַרף געהאַלטן, ווי ער וואָלט זיך אין דעם גע־קלאַמערט, ווי ער וואָלט געוואָלט זיך אָנשטעקן מיט דער אַזוי פאַרשטענד־לעכער נאַטירלעכער רויִקייט, וואָס אָטעמט אַרויס פון פאַננאַ גוראַל. אָט די רו, נאָך וועלכער ער בענקט פון קינדוויז אָן, וואָס האָט אים פאַרפעלט צו ענדיקן זיין שטודיום... און ווען דאָס ראָזע הענטל האָט זיך אַרויסגע־גליטשט, האָט ער ווידער געהערט דעם רעגן קלאַפּן אין דאַך־פענצטער, געפילט דעם נאַסן ווינט זיך פאַרגאַרטלען אַרום זיין גוף. דער וואַנטזייגער טיקטאַקט, שיפרינס פּען קראַצט, און ענדלעך, ענדלעך ווערן די שויבן פאַרקלעפּט מיט נאַכט.

— „גוד נייט", מיסטער ליפשיץ.

— אַ גוטן, שיפרין!

— אַ גוטע נאַכט, גוטמאַנוווגאַ!

און ער גייט אַהיים. פינף יאָר טרעט ער שוין איבערן זעלבן וועג. יעדעס הויז, יעדער לאַמטערן רופט ביי אים אַרויס אַ געגעץ. פריער איז ער פיר מאָל אין טאָג — זעקס יאָר לאַנג! — געקראָכן מיט געגשע, זאַמענ־האָף, פּזשעיאַזד, רימאַרסקע... אַגראָנאָם געוואָלט ווערן. פאַר וואָס האָט ער טאַקע נישט עמיגרירט? אַהאַ! די מאַמע אַליין, קראַנק, אויף דער עלטער... איבעריקנס, ניין! עמיגראַציע לייזט נישט דאָס פּראָבלעם. מיר מוזן אויס־קעמפן אונדזערע רעכטן דאָ, אויפן אָרט!

ער זעט אויס יינגליש־דאַר און יינגליש אויסגעוואַקסן אין זיין רעגן־פּלאַשטש מיטן אויפגעהויבענעם קאָלנער,ביידע הענט איינגעגראָבן אין די טאַשן, דעם שוואַרצן הוט טיף איבערן שטערן. האַסטיק שלענגלט ער פאַרביי די מויערן, ווי איינער וואָס אַנטלויפט, וואָס ווערט פאַרפאָלגט, וואָס

האָט מורא. מורא ?... יאָ, מורא ! צייט איך קען אייך האָט איר תמיד פאַר עפּעס מורא געהאַט...

מיט אַ מאָל בלייבט ער שטיין. אַ פרעמדע גאַס, אַ פרעמד הויז. דאָ האָט געוווינט רחלע... וואָס איז מיט איר געוואָרן אין ווייטן באַליוויע ?... יאָ, מורא... לייגסט כסדר אָפּ ! אַלע מאָל שפּעטער ! שפּעטער ! און דערווייל פאַרגייט די יוגנט. איך בין אַ פרוי... איך בענק... איך וויל אַ קינד !... אַך, ווי אומגעדולדיק דו ביסט ! ווי עגאָאיסטיש איר זענט אין גרונט ! און איך וויל נישט מיר זאָלן, ווי אונדזערע עלטערן, שעלטן דעם גורל און פאַרברי־צירן קינדער. איך וויל נישט, אַז מיין קינד זאָל לעבן אונדזער לעבן, מיר אַלע זענען האַלבע מענטשן !... איך וויל, אַז זיין לעבן זאָל זיין אַ פולס, פאַרגאַנצט, אַז זיין טאַט זאָל נישט שטיין אין אייביקן ווידערשפרוך מיט זיינע געדאַנקען...

דער רעגן איז געוואָרן שטאַרקער. אַרום די לאַמטערנס זאַמלט זיך נעפּל. אַן אַלט יידיש קול קרעכצט : „הייסע קאָכיקע בייגל, דריי פאַר אַ צענערל !“ ערגעץ קלאָגט אויס אַ הונט זיין היימלאָזיקייט, און ליפשיץ שפּרייזט גאַס־איין, גאַס־אויס.

# אַ גרויע האָר

קיינעם איז נישט געווען אויפפאַלנדיק, אַז דאָס מוזיניקל פייגעלע, אָדער ווי אַלע האָבן זי גערופן, פאָלע, קריגט אַ העכערע פלייצע. ס'אַ נאַטיר־לעכע זאַך פאַר שניידערינס, ווער שמועסט, גוטע שניידערינס, וואָס זיצן פערצן־פופצן שעה אין טאָג איבער זייער אַרבעט. און חוץ דעם — וועלכער ייד גייט עס נישט אַ ביסל איינגעבויגן?

נאָר פאַר וואָס פאָלע פאַרזיצט, דאָס האָט מען שוין נישט געקענט באַגרייפן. פון דער גאַנצער שטוב מיידן, פון אַלע אירע חברטאָרינס, איז זי איינע געבליבן פריילידיק. אמת, קיין שיינהייט איז זי טאַקע נישט געווען, אָבער קיין מיאוסקייט — זיכער אויך נישט. אַ מיידל אַ פשוטע, מיט אַ גראָדן שכל, שפּאָרזאַם, ציכטיק, גאַנץ שלאַנק, עפּנט אַ מאָל אַ ביכל, האָט ליב אַן אינטערעסאַנט טעאַטער־„שטיק", און אַ באַלעבאָסטע — שוין איין מאָל אַ באַלעבאָסטע!

— ביי איר וועט אַ מאַן האָבן אַ לעכטיקן גן־עדן — האָט פרימעטל פאַרזיכערט יעדן איינעם. און ווי אַן אַלמן, אַ געגטער, צי סתם עפּעס אַ פּראָווינצער, האָט זי גלייך גענומען אָפּשלאָגן שוועלן, אונטערשיקן פרומע גבאיטעס נאָך „אויסקונפטע". אַלע פרייטיק פאַר נאַכט האָט זי געקויפט דעם „ראַדיאָ" און דעם גאַנצן שבת־נאָכן־טשאָלנט־דרימל געפּטרט ביי די אַנאָנסלעך פון „שידוכים־ווינקל".

— פאָלעשי, זע נאָר דאָס... צוואָ?... וואָס שטעלסטו דאָ איין? פאָלג מיך און שרייב צו!...

נאָר פאָלעשיס צו־ברייטלעכע, פאַרטריקנטע ליפּן פלעגן זיך זויער־לעך פאַרקרימען.

דאָס אָ האָט דער מאַמען אונטערגעהויבן:

— אַלטער צאַפּ! אַלטע קוואַקע! מיינסט ד'עסט נאָך עפּעס אויסזיצן? עסט שוין גאָרנישט אויסזיצן... אויף וואָס וואַרטסטו, ווילעך וויסן! אַז אַ דאָקטער זאָל זיך אין דיר פאַרליאַפּען?... ס'געפעלט איר נישט — הערסטו! וואַרט־וואַרט, כע באַלד פאַר דיר אָ'באַקן אַ חתן אי שיין, אי יונג, אי רייך... וואָסטע זיך אָנגעלייגט אויף מיינע אַלטע ביינער! קוים, וואָס כ'זשיפּיע...

פאָלען האָט געגומען שטיקן, ווי איר מאַמעס רייד וואָלטן זיך אַרום איר שמאָל, בלייך העלדזל אַרומגעדרייט, אָבער זי האָט זיך באַהערשט און נישט אַרויסגעוויינט. היינטיקע נאַכט וועט זי שוין דערפאַר פּיטש־נאָס מאַכן דאָס קישן.

— דאַכט זיך, מאַמע, אַז אויף מיין לעפל עסן פאַרדין איך נאָך — ענטפערט זי געוויינלעך בעת אַזעלכע געשרייען. זי שלייכט זיך אַוועק צו דער הויכער דעמבאָווער שאַנק, וואָס שלינגט איין אַ האַלבע וואַנט, און נעבן וועלכער זי ווערט ווי פאַרלוירן, און נישטערט לאַנג אויף צו געפינען איר מאַנטל, כאָטש הענגען הענגט ער אויף זיין שטענדיקן אָרט.

דעמאָלט קריכט אַפער פון אונטערן איבערבעט פרימעטלס אַ פּוס, קאָפּעט זיך אַרונטער אונטערן מאַנס פערינע און דערלאַנגט אים דאָרט אַ לייטישן שטאָרכע אין אַ זייט אַריין. מער נישט.

יואל טאַפּעצירער געפינט זיך גראָד אין זיבעטן הימל פון קוגלשלאָף, די סאַמעטענע יאַרמלקע איבערן פנים פאַררוקט, ס'מויל אויפגעפראַלט, דורך וואַנען ס'זעצט אַ געדיכטע פאַרע, און די פאַטלעס רויטע באָרד רייבן אַן אויער פון קישן, ווי מיט אַ פאַרזשאַווערטן וויעכעטש. פון ווייבס שטאָרכען פאַלט ער גלייך אַראָפּ אויף דער זינדיקער ערד און נישט אויפקלע־פּנדיק קיין אויג, נישט געבנדיק זיך קיין ריר, ווערט אים באַלד קלאָר, וואָס דאָס ווייב מיינט.

— ב'טאָקע אַזוי, פייגעלע... — חזרט ער איבער דאָס זעלבע וואָס פאַר־אַכטאָגן שבת. זיין קול איז אַ צוגעדישעטס, עלעהיי נישט ער וואָלט גערעדט, נאָר זיין סאַמעטענע יאַרמלקע. איין רגע שפּעטער זעצט שוין ווידער אַ פאַרע פון זיין אויפגעפראַלטן מויל.

פאָלע האָט געפונען דעם מאַנטל. זי טוט אים אָן פאַמעלעך, געלאַסן, ווי אַלע גלידער וואָלטן איר געבראָכן, בלאָזט אַראָפּ אַ פעדערל פון לאַץ,

שפּיט אַרויף אויף דער האַנט און גלעט צו די האָר איבערן שטערן, דרייט אויס דעם קאָפּ צו די קנאַפּל — צי שלעפט זיך נישט עפּעס נאָך — און גייט אַרויס.

אין דרויסן שיינט אַ פריילעכע זון. ווו אַ קער — קאָכיקע ליפּן מיט געלעכטער, פינקלדיקע אויגן, באַקן וואָס רויטלען זיך, קינדער אין וועגעלעך, אַ בייכל אין די הויכע מאַנאַטן, פאַרלעך פאַר אַ קינאָ, פאַרלעך אין סאָדעוואַסער־געוועלבער, פאַרלעך אין טאַקסוווקעס...

פאַלען דאַכט זיך, אַז אַלע קוקן אויף איר, אַלע ווייסן וויפל יאָר זי איז שוין אַלט, אַלע האָבן נאָר וואָס געהערט דער מאַמעס גוואַלדן... און אַ פאַרשעמטע פלאָנטערט זי זיך אַריין אין די זייטיקע פּוסטע געסלעך. דאָ איז נישטאָ די געפאַר אָנצוטרעפן געוועזענע חברטאָרינס.

אַזוי זענען אַנגעפאַלן חדשים אויף חדשים. ביז איין מאָל, אין אַ פראָסטן מיטוואָך, האָט איר דאָס שפּיגעלע אַנטפּלעקט אַ גרויע האָר איבערן לינקן שלייף. פון דעם טאָג אָן האָט זי מער נישט אָפּגעענטפערט אויף דער מאַמעס טענות און, שווייגנדיק, מיט אַ טעמפּער אונטערטעניקייט, זיך געלאָזט שלעפּן צו שדכנים, צו גוטע ווייבער, אויף זעעכצער.

— האַ ?... — פלעגט מען ווי לאַנג אין איר אַריינגאָדערן און סוף כל סוף אָנברוגזן זיך צוליב איר שוויגן.

— כ׳ווייס נישט וואָס זי שטייען אַזוי אין גרויסן, וואָס זי בראָקירן אַזוי... די „גלאָקן״ וואָס וואַרטן מיך דאָ... יאָ — יאָ, ניין — ניין! רייסן די שיך נאַ וואָלע באָסקע...

אַצינד, אַז ס׳האָט שוין געהאַלטן אויף אַ דרך, האָט פרימעטל אויך געהאַט אַ דעה: וואָסי, איר קינד דאַרף אַריינפאַלן צו נ׳אַליאַדע האָן אין די הענט אַריין? אַזאַ אײדעלע נשמה! אַזאַ שטילע טויב!

*

פאַלע איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ שאָטן; אויפגעשטאַנען פון דער מאַשין צום טיש און פון טיש אין בעט אַריין. מיט איטלעכן טאָג איז זי געוואָרן דאַרער און גרינלעכער. שבת נאָכן עסן איז זי מער נישט איבערגעטרעטן

די שוועל אין גאַס אַריין. זי איז געבליבן ליגן אויף איר קויקע, דעם אויס־געלאָשענעם בליק אָנגעהאָנגען אין דער האָקע פון הענגלאָמפּ, צי גאָר אין אַ צווייט שפּינוועבעכץ.

אין איינעם אַ טאָג האָט זיך פרימעטל איבער איר איבערגעבויגן:

— זאָרג נישט, קינד, זאָרג נישט... ס׳וועט דיר נאָך זיין וווּיל ווי די וועלט... אַ באַלעבאָסטע פאַר זיך, מיט אַ מאַן ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר, מיט קינדערלעך... הערסט? אַ טייערן שידוך פאַר דיר! אַן אייגן געשעפט אויף פּאָריסאָווסקי... מיט גענדז, האַנדלט ער, מיט גענדז!... וואָכנס און יום־טוב ציבעלעס מיט געהאַקטע לעבערלעך, גענדזענע לע־בערלעך... גענדזן־שמאַלץ!... כ׳האָב׳ם פאַרבעטן אויף טשאָלנט...

דעם קומענדיקן שבת האָט זיך די טיר געעפנט מיט אַ זאַמאַך און ס׳האָט אַריינגעפּראַכט אַ הויכער אויסגעשטאָפּטער פאַרשוין, רויט ווי אַ צוויק — אַן אמתע מענטש!

— גיט שבת, יידן! אוי... הויאָך! הויאָך! אויף שטאָקן ווער יאַך אַ טויטאָ! פּפּפהע...

און ער איז אַראָפּגעפאַלן אויפן ערשטן בענקל ביים טיש. ס׳בענקל האָט אַזאַ יללה אַרויסגעלאָזט, ווי אָט־אָט הויכט עס די נשמה אויס, און נישט אויפגעהערט צו קרעכצן און צו קלאָגן כל־זמן דער פאַרשוין האָט עס געדישעט.

— שלום־עליכם ר׳...

— סענדאָ! סענדאָ, הייסאָך! סענדאָ הייבלום!

און אין יואל טאַפּעצירערס האַרטער דלאָניע האָבן זיך אַריינגע־וועלגערט פיר לענגלעכע טייגלעך פלייש — דער גראָבער פינגער איז געווען אַ העלפט אָפּגעהאַקט.

אַזוי גלייך ווי די טיר האָט זיך צוגעמאַכט, אַזוי איז די שטוב פאַרשטאָפּט געוואָרן מיט אַ שאַרפן ריח פון שמאַלץ, פון גענדזענע גריווענעס, פון געפּרעגלטע ציבל, פון קנאָבל, פון פוך, פון צעטרייבערטע קישקעס, פון בלוט... אַלץ איז אין אים געווען ווייך און פולכנע, דורכגעזאַפּט מיט פעטס: זיין קול, די טוכענע געהאַקטע קאַפּאָטע, די רויטע נאָז־פּאַטשיילע, אַפילו דער שוואַרצער הוט, וואָס איז אַוודאי ערשט געקויפט געוואָרן אין

מיטן דער וואָך. זיין קאָפּ האָט דערמאָנט אין אַ גלאָק — אויבן שמאָל און אונטן ברייט, מיט עטלעכע שטאַפּלען גוידערס. דאָס פּנים — אָפּגעגאָלט, אויסגעצופּט, אָן אַ זשאַרקע ביין, פּוכקע, ראָזע, ווי באַגאָסן מיט אַ געדעמפּט יאַיכעלע...

פאָלען האָט ער בלויז אָפּגעמאָסטן מיט זיין גענייט קצבֿיש אויג, און שוין געוווּסט ווו ער האַלט אין דער וועלט.

אַ העלפט פון גאַנצן טשאָלנט האָט פרימעטל אין זיין טעלער אַריינ־געלייגט: אַדרבא, זאָל ער זען, אַז ר׳איז נישט חלילה אַריינגעפאַלן צו פּענטאַקעס! ער האָט געקייעט אויף אַלע באַקציין, געפּאַטשט מיט די ליפּן און צוגעפּראַכט, ווי ער וואָלט געקראָכן אויף שטאָקן. געענדיקט האָט ער פּאַר אַלעמען, אָפּגעווישט די ליפּן מיטביידע הענט און געבעטן אַ שעפּ וואַסער.

— פאָלעשי־קרוין, ווילסט זיך מטריח זיין? — האָט פרימעטל זיס געזאָגט.

פאָלע האָט געברענגט אַ האַלבע קוואָרט וואַסער.

— העעע... קענסט דע׳גיסן. נישקשה... — און אַ גליטש געטאָן די אייגעלעך איבער איר צניעותדיקן בוזעם — הע־הע... אַ גראָסאַרטיק טשאָלנט, מחותנתטע!

פאָלע איז צוריקגעגאַנגען אין קיך אַריין און דערגאָסן פול, ווי אויף קידוש צו מאַכן.

— אָ!... אָ!... דזשענקויע.

ער האָט אָנגענומען די שעפּ ביי ביידע אויערן, און אַ לאַנגע מינוט איז די שטוב פאַרטויבט געוואָרן פון אַ זופּעריי און אַ גולגולען, גלייך דער מענטש וואָלט דריי טעג מיט דריי נעכט געבלאָנדזשעט אין אַ מדבר.

נאַכער האָט פרימעטל אויפגעגעבן אַ האַלבן קוגל דעם גאַסט.

— עססס... צעט מיר אָנגעבן אַ גרוס... פאָלעשיס מלאכה!

דער גאַסט האָט שוין געהאַט פאַרפּאַקט ס׳מויל, האָט ער בלויז אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ, ווי צו זאָגן: אַזוי... ני, האָב יאַך נישט אַ גיטן קיקער? יאַך האָב באַלד דערשמעקט אַז זי קען!

— פּאַאַן! פּאַאַן! — האָט ער געזאָגט אָפּרוקנדיק דעם טעלער מיט

אַ קלומפּער — מאַנע, איר צו לאַנגע יאָר, האָט אויכעט נישט געקענט בעסער. אָבער געפּילטע קרעפּלעך, דאָס זעט עך, איז געווען איר... ווי זאָגט מען עס, איר... נו!... איר... יאָ, יאָ! אָט דאָס מיינאָך טאַקיש: ספּעצעלעטעט.

פֿאָלע האָט אַלץ געהערט ווי דורך אַ נעפּל. איין פֿאַרלאַנג האָט איר געמאַטערט — שלאָפֿן, שלאָפֿן. און דער פֿרעמדער וויל אַלץ נישט אָפּטרעטן, ער לאַכט, גראַבלט די ציין, באַטשקעט וועגן צוויי קינדער, געהאָרכזאַמע, קלוגע, געראָטענע. איינס, דאָס סאַמע יינגסטע, אַ מיידעלע — אַ שטיק בריליאַנט — ווייסט עס שוין צו זאָגן ע״ע פֿאַרן מאַכן... און ביי נאַכט לאָזט עס שלאָפֿן... פֿאַר וואָס לאַכן אַלע? פֿאַר וואָס לאַכט דער טיש? פֿאַר וואָס גייען זיך די ווענט פֿאַנאַנדער? פּלוצעם האָט אַלץ אַרום פֿאָלען גענומען פֿאַלן...

מ׳האָט זי אויסגעצויגן אויפֿן בעט.

*

צו מאָרגנס איז געווען זונטיק און סענדער הייבלום האָט געהאַט פֿרייע צייט, איז ער געקומען מבקר־חולה זיין דער קראַנקער. ער האָט מיטגעבראַכט אַ היפּשע געגדזענע דרויבע מיט אַ כמאַל פּעטס.

— אומנישט זיך איבערגעשראָקן, סענדער־לעבן! עפּעס געכאַפּט אויפֿן ניכטערן מאָגן, האָט עס איר, נעבעך, צוגעשפּאַרט צום הערצל... — און פֿרימעטל האָט אים געלאָזט שטיין ביי דער טאָכטערס געלעגער און אַרויסגעשאַרט זיך אויף די שפּיצן פֿינגער.

פֿאָלעס אויגן האָבן אַ צאַפּל געטאָן און גענומען לויפֿן איבערן צימער, ווי זיי וואָלטן גערופֿן צו הילף. אירע האָר האָבן אויסגעקוקט אומגעווינלעך שוואַרץ, און שטייף, און צעקרימט, ווי נאָך יסורים. אַ פֿייכטער גלאַנץ האָט באַדעקט איר געזיכט.

סענדער האָט געזען אירע נאַקעטע אָרעמס: חלה־ווייסע אָרעמס, שמאָלינקע, רונדע, גלאַטינקע... סענדער האָט געזען איר קלאָרן האַלדז: אַ ווייך העלדזל, אַן אויסגעפּילט העלדזעלע... סענדער האָט געזען איר ראָזע נאַכטהעמד, דעם לייכטן קאָנטור פֿון אירע ברוסטן: צוויי בולקעלעך, צוויי

זעמעלעך מיט פוטער, צוויי געַנדזענע קלאָפּסעלעך... און מיט די שפּיצפינ־גער געגלעט איר קליין דאַר הענטל.

— העעע... הע... הע...

פאַרן אַוועקגיין האָט ער אַרויסגעשלעפּט פון בוזעם אַ פאַרפּעצטן פינפער־זלאָט.

— נאַ !... אויף אַ נאַש !... טשעקאָלאַדע...

יעדן טאָג איז ער איצט געקומען, אַ מאָל באַגינען, אַ מאָל ביי נאַכט, אַ מאָל אין מיטן טאָג.

— כ׳גאַי אַדאָרך...

— זע׳נאָ דאָ גאָר, ער פאַרענטפערט זיך: פאַ׳קעיאָט... הלוואי וואָלט סענדער־לעבן געהאַט מער צייט !...

ער איז געווען נישט איבערגעטאָן, מיט אויפגעטרענטע לאַטעס אויף די עלנבויגנס און אויף די קני, אויסגעגלאַנצט, באַפּעדערט, מיט פאַרטריקנטע בלוט־פלעקן אויף די הענט, אויפן שטערן, און אַרום די שטיוואַלעס — אַ ים מיט שטרויעלעך, איינגעבאַקענע, פאַרוואַקסענע מיטן לעדער. פון יעדער קעשענע האָט ער עפּעס אַרויסגעצויגן: אַ נישט אָפּגע־צופּטן פליגל, צעבראָכענע פאַרזענקטע פיסלעך מיט לאַנגע שוואַרצע נעגל, פּיפּקעס, קישקעלעך פאַר אַ קרופּניק, האַלב צעקוועטשטע לעבערלעך — און געזאָגט אַלע מאָל ס׳אייגענע:

— באַ מיאָ אי׳דאָס די בעסטע פיגולקעס קייגן סאַרנע בראָך ס׳זאָל נישט זיין. יאָך האָב אַלע דאָקטאָרס אין באָד... פאַשעט זי מיר אויס צו דער חתונה, הע, מחותנתטע ?...

פאָלע פלעגט אויפשוידערן יעדעס מאָל ווען ער האָט אַריינגעבראַכט. זי האָט זיך פאַרגעשטעלט, ווי ער נעמט זי אַרום, ווי ער קוועטשט צו זיינע ליפּן צו אירע, ווי זיינע צוויי קינדער לויפן זי נאָך אין גאַס:

— מאַמע !... מאַמע !...

— סטאָלפּ ! נ׳זיין איינע אַליינט אויף דער וועלט, איז בעסער ? אָן אַ קינד, אָן אַ רינד ? מיזט מיינען, אַז דיין מאַמע ט׳אייביק לעבן...

*

דריי וואָכן שפּעטער, אין טאָג פון דער חתונה, איז פּאָלע נעלם געוואָרן פון שטוב, אַרויסגעגאַנגען נאָך צימערינג — און פאַרשוווּנדן.

דער גאַנצער הויף שכנים איז געוואָרן מויל און אויער:

— קלאָר ווי צוויי מאָל צוויי, אַז זי האָט זיך געוואָרפן אין דער ווייסל אַריין!

— כ'ווייס גאָ'נישט! פאַ'וואָעס זאָל זי ניש' האָבן דאַנטלאָפן צו ב'איר שוועסטער קיין שעדלעץ? זי מיט יענע זענען געווען ס'לעבן...

— זעט עץ, יאַך על אין יאָ זאָגן ווי פייגעלע איז אַהינגעקימען: זי האָט זיך אָנגעדינגען אויף אַ שטעלע. קאָכן קען זי? האַלטן אַ נאָדל אין דער האַנט קען זי?

— מ'ווי איז מיר נעבעך...

— אַהה!...

ווען סענדער איז פאַר נאַכט געקומען בראש פון אַ האַלב שאָק קצבים, אויסגעפּוצטע אין עסיק און אין האָניק, און דערהערט די בראָך, האָט ער אַרויסגעיאַכמעט אויפן קול:

— זי האָט מאָך אימגליקלאָך געמאַכט, די מאָד! אַזוי פיל אָנגעבראָטן!... אַזאַן תל!... אַזאַן מאַלעיאָ!...

# דער קאָשמאַר פון אַ סעפּטעמבער־נאַכט

אַ לאַנגער פינצטערער צוג האָט געיאָגט איבער פעלדער, טייכן, אָן אַ זייט געשליידערט וועלדער, טונעלן דורכגעהאַקט, אָפּגעשטויסן וואָק־זאַלן און שטעט. אַ פינצטערער שטיק הימל, ווי אַ שוואַרצער רויבפויגל, איז אים נאָכגעלאָפן.

אין די וואַגאָנען האָבן באַוואָפנטע שטורמיסטן געוואַכט אויף דער שטילקייט. הונדערטער יידן זענען געלעגן אָנגעוואָרפן, צונויפגעקוועטשט איינער אויפן אַנדערן מיט זייערע אין איילעניש פאַרקנופּט געפּעק — רעשטלעך פון היים און הויזגעזינד... דאָס קינד, וועמענס טאַטע־מאַמע איז ערגעץ פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ ווייטערן וואַגאָן, האָט ווידער אַרויסגעוויינט פאַר הונגער צי אויס מורא. דעם קינדס געוויין האָט די יידן געשטיקט ווי זייערע אייגענע טרערן... זיי האָבן מיט אַ מאָל, טראָץ דעם פאַרבאָט, ווי מענטשן וואָס האָבן שוין נישט וואָס אָנצוווערן, גענומען רעדן פון אַלע זייטן, רעדן הויך, שאַרף:

— ווו איז די מאַמע?

— זאָל מען עס איינגעמען!

— גיט עס מיר אַהער!

איינעמס אַ ווייס קולעכל האָט זיך אַריינגעגליטשט:

— ווו פירט'ן אונדז, יידן? וווהין?... זאָגטס... ענטפערטס...

ביים פאָרטיער האָט אַ שטורמיסט אַ טופּע געטאָן. דער גלאַנץ פון זיין באַיאָנעט האָט אָפּגעבליצט איבער אַלעמס קעפּ.

— פערפלוכט! נאָך איין מאַל...

דאָס קינד איז פאַרציטערט געוואָרן, די דערוואַקסענע אויך. דאָס

קינד האָט מיט הענט און פיסלעך צו די גרויסע זיך געטוליעט, און די גרויסע האָבן די קעפּ אַראָפּגעלאָזט.

פון יענער זייט וואַגאָן־שייבלעך איז די פינצטערניש געוואָרן שווע־רער, האָפענונגסלאָזער, ווי דער לאַנגער צוג וואָלט זיך אין וויסטע טונעלן פאַרפּלאָנטערט און קען מער נישט אַרויס.

פאַר טאָג האָט מען זיי פון די בעטן אַרויסגעריסן, בלויז דערלויבט דאָס סאַמע נייטיקסטע איינצופּאַקן און אויף לאַסטוועגענער, אָדער צו פוס אין לאַנגע קאָלאָנעס, זיי אָפּגעפירט אין באַשטימטע זאַמל־פונקטן. אַנדערע זענען אַרעסטירט געוואָרן אין זייערע געשעפטן, ביים וואַרשטאַט, אין ביורא. אָן די עלטערנס וויסן זענען קינדער געשלעפּט געוואָרן פון די שולן, שטרענג עסקאָרטירט פוןביידע זייטן מיט באַוואָפנטע ס. ס. אין יידישן פּערטל האָט מען אָפּגעשטעלט אויטאָמאָבילן, באַלעבאָסטעס מיט די קיישלעך, דינסטמיידן, אַלטוואַרג־אויפקויפער, שיקיינגלעך, בעטלערס.

נאָכן גרינשפּאַן־אַטענטאַט, איז בערלין זינט עטלעכע טעג געווינט געווען צו אָט די פּראָצעסיעס, וועלכע זענען אין זייער מערהייט ענלעך געווען אויף טראַגיקאָמישע קאַרנאַוואַלן. די נאַציס האָבן בכיוון געפּאָרט אַ פעטן דיאַבעטיקער מיט אַ הויכער פליישיקער יידענע אין אַ קאַראַקולענעם פּאַלטן, אין גרויסע אוירינגען (די ווערטפּולע זאַכן זענען נאָך דער דעפּילאַדע קאָנפיסקירט געוואָרן פאַר שטרייכערס קאַסע), און זיי אַוועקגעשטעלט אויבן אָן. דערנאָך איז געגאַנגען אַ מאַן אין גאַטקעס — פאַר גרויס צעטומלעניש פאַרגעסן אַרויפצוכאַפּן די הויזן — אַ יינגל אין אַ פאַרקערט אָנגעטוענעם שיך, אַ דאַמע מיט אַ פּאַראַסאָל און אין אַ בלוי זיידן באַל־קלייד לעבן אַ הער מיט איין ראַזירטער באַק; אַ יונג שיין מיידל, וואָס האָט זיך כסדר אַראָפּגעבויגן אויפצוהייבן אירע זיך גליטשנדיקע זאָקן; צעפלאָשעטע פאַר־ווייגטע ווייבער מיט קינדער און זויג־קינדער; פאַרמעליקטע און באַפּע־דערטע קרעמער; דאָקטוירים נאָך אין די ווייסע שפּיטאָל־פאַרטעכער; אַדוואָקאַטן אין זייערע טאָגעס; סטאָלערס מיט טראָטשינעס און זעגעכץ אין די האָר; אויפגעקומענע באַלעבאַטים און סאַלאָנאָווע פרויען, וואָס האָבן צום ערשטן מאָל איבערגעלעבט אַן אויפריכטיק געפיל: שרעק.

אין די זאַמל־ערטער האָבן יוגנטלעכע היטלעריסטן, כמעט קינדער נאָך, געהאַלטן וואַך. זיי האָבן נאָכגעקרימט די ווייַנענדיקע מאַמעס, וועלכע האָבן נישט געוווּסט ווו זייערע קינדער און מענער זענען אַהינגעקומען, גראָב געזידלט אַלטע לייט, זיי געשטעלט מיטן פּנים צו דער וואַנט, די הענט אין דער לופטן. זיי האָבן אימפּראָוויזירט אַנטיסעמיטישע לידלעך און גע־שווירן צו דערלויבן אויסרייכערן אַ פּאַפּיראָס דעם, וואָס וועט מיטזינגען. אַ פרוי האָט זיך געבעטן מ׳זאָל איר אַריינקויפן אַ זעמעלע פאַר איר פיר יאָריק מיידעלע. גוט — איז איין היטלעריסט איינגעגאַנגען — אָבער פריער זינגט דאָס „האָרסט וועסעל־ליד!״. שכנים האָבן קוים אָפּגעהאַלטן די פרוי נישט אָפּצוענטפערן. זי איז אַריין אין אַ ווינקעלע און געשטופּט דעם קינד אין מיילכל די לאַנג שוין אַנטווייַנטע ברוסט... אַ באַזונדער פּראָגראַם איז געווען באַשטימט פאַר די אינטעלעקטועלע: שטיין אויף די שפּיץ נעגל, שפּרינגען אויפן אָרט, פאַלן אויף דר׳ערד נישט איינבייגנדיק די קני, מאַרשירן אין אַ קרייז איינער הינטערן אַנדערן, די הענט אויפן רוקן פאַרלייגט, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

אַ גאַנצן טאָג זענען אָנגעקומען פאַרטיעס יידן: קראַנקע אין באַנ־דאַזשן — פון שפּיטעלער, אַלטוואַרג פון מושב־זקנים, טויב־שטומע און בלינדע פון אַנשטאַלטן אַרויס, צום טויט דערשראָקענע קינדער פון יתומים־הייזער.

שוין אַכט שעה, אַז דער לאַנגער פינצטערער צוג לויפט, יאָגט ערגעץ אין דער נאַכט אַריין...

פּלוצעם איז ער שטיין געבליבן. די פאַרטיערן זענען אויפגעפּראַלט געוואָרן האַסטיק, מיט אַ קענטיק איילנדיקן רעש, און די שטורמיסטן האָבן גענומען טרייבן די יידן, פאַר די פיס זיי געשלעפּט, פאַר די קעפּ, פּעקלעך, קויבערס, וואַליזן, רוקזעק זענען געפלויגן באַנאַנד מיט די מענטשן. טייל געפּעק האָט זיך אין דער לופטן צעשאָטן.

— מיין העמד!

— מיין קינדס פאַלטנדל!

צענדליקער פאַר הענט האָבן זיך אַ צי געטאָן, געקראָכן איינע אין

די אַנדערע אַריין, געכאַפּט וואָס ס'איז נאָר אונטער די פינגער געקומען, וואָרעם באַלד האָבן די שטורמיסטן אָנגעהויבן יאָגן.

די עדה יידן איז געלאָפן איבער די ברייטע נאַקעטע פעלדער, גליטשיקע, צעווייקטע פון די האַרבסטיקע רעגנס. פייכטע ווינטן האָבן נאָכ־געיאָגט זיי, ווי הינט, פאַר די פאָלע אָנגעכאַפּטע, אין זייערע לייבער זיך איינגעביסן, עלטערע — דעם רוקן געבויגן, יונגוואַרג — די פיס געפּענטעט.

אָבער די ס. אַ. האָט געהאַלטן אויג און מיט די ביקסן־קאָלבעס צוגעטיילט כוח די אָפּגעשטאַנענע.

טייל האָבן גענומען אַ מאַמען, אַ טאַטן אויפן אַקסל און אַזוי אַרום געלאָפן. די בלינדע האָבן זיך פאַרלוירן געקלאַמערט אין די יתומים און זייערע ווייסע שטעקנס געשטרעקט אין דער נאַכט אַריין. דאָס אַלטוואַרג פון די מושב־זקנימס האָט זיך קראַמפּהאַפט אָנגעהאַלטן מיט ביידע הענט אין די טויב־שטומע, ביי וועמען די אויגן זענען געווען צעפּראַלט און די ליפּן פאַנאַדערגעריסן. טעכטער, וועמענס איידעלע פּלייצעס זענען צו שוואַך געווען פאַר אַ משא, האָבן זיך הינטער זייערע עלטערן אַוועקגעשטעלט, ווי אַ שוצוואַנט. דאָס האָט די שטורמיסטן באַזונדערס אויפגעהייטערט, און שטאָט די ביקסן־קאָלבעס האָבן זיי באַנוצט זייערע גרויסע, האַרטע הענט, אַריינגעקניפּט, אַריינגעקנעטן די פינגער אינעם ווייכן מיידלשן לייב. אָבער זיי, די טעכטער, האָבן זיך געגעסן די ליפּן, אַבי די עלטערן זאָלן נישט וויסן זייער ווייטיק. קליינע קינדער האָבן געצויגן זייערע מאַמעס פאַר אַ שפּיץ קלייד און זיי געטרייסט מיט די זעלבע ווערטער, מיט וועלכע די מוטער האָט זיי נאָך אין באַן איינגענומען...

דער אַלטער מאָזעס פרידמאַן איז געלעגן אין די אָרעמס פון זיין זון און זיך געבעטן:

— לאָז!... כ'בין נאָך ביי די קרעפטן. נעם די מאַמען, קורט... — כאָטש ער ווייסט, אַז די מאַמע האָט שוין אַ פּאָר מאָל אָפּגעזאָגט, גלייך דאָס גיין וואָלט פאַר איר געווען אַ מיסיע, אַ דערלייזונג.

קורט איז הויך, שטאַרק; קורט קען שטעלן אַ ברייטן טראָט און זיך געפונען צווישן די סאַמע ערשטע, אויסמיידן די קאָלבע, די שטאַרכעס —

דאָך גייט ער פאַרהעלטנישמעסיק פּאַמעלעך, שלעפּט דעם פוס; ווייל ער האַלט אויג אויף זיין מוטער.

העכער פון מיטלוווקס, שמאָלטשיק, טוליענדיק אַ קליין שוואַרץ שאַכטעלע צו איר ברוסט, איז זי האַלב געגאַנגען, האַלב אונטערגעלאָפן. פון איר מויל איז קיין פּיפּס נישט אַרויס, אַפילו ווען אַן ס. אַ.־יונג האָט זי מכבד געווען מיט אַ קלאַפּ. טייל מאָל גיט זי זיך אַ גליטש אין דער בלאָטע, אָדער פאַלט איבער עפּעס, אָבער באַלד גלייכט זי זיך אויס, ווי גאָרנישט וואָלט געשען, און גייט ווייטער. פון דעם טונקעלן קלייד הייבט זיך אַרויס איר אויסגעצויגן בלייך געזיכט — אַפּאַטיש, גלייכגילטיק ביז אומפּיל־באַרקייט. אירע ווייסע האָר זענען פול מיט ווינט.

קורט איז געגאַנגען הינטער איר, כדי מיט זיין גוף זי פאַרהיטן. אָבער די שטורמיסטן האָבן זי נישט געשוינט:

— נו, יידישע הורן־מוטער!

קורט האָט געברויזט פאַר כעס, פאַר שאַנדע: איז ער נאָך ווערט אָנגערופן צו ווערן מיטן נאָמען מענטש, ער, וואָס קוקט צו, ווי מ׳שלאָגט זיין מאַמען? ווי מ׳פּייניקט זקנים און קינדער? וואָס האָבן מיר נאָך אָנצוווערן?

פּלוצעם האָט עס אים אַ הייב געטאָן פון אָרט, אין די ערשטע רייען אַריינגעוויכערט.

עטלעכע פאַר הענט האָבן זיך אויסגעצויגן ווי צוואַנגען און אים איינגעקלעמט. דער עולם האָט נאָך גיכער גענומען לויפן.

— דומקאָפּ!

— אַ פּראָוואָקאַציע!

— זיי ווילן אונדז אויסקוילן!

אין קורטן האָט געברענט די חרפּה. זייער שכנות האָט אים געשטיקט, ווי פון זייערע לייבער וואָלט אַ סם זיך אויסגעטיילט. די אימה, וואָס איז זיי באַפאַלן, האָט אים געעקלט; מיט אַ קנעכטיש שווייגן האָט יעדער באַפּאַנצערט זיין קליין שטיקעלע לעבן. אַ רגע האָט ער אַליין זיך געפּרוווט טרייסטן: ניין, דאָס איז גאָר אַ האַלוצינאַציע! נאָר באַלד האָט אים דער

געדאַנק פאַרלאָזט. — און ווידער זענען זיי געלאָפן פאַר אים, איינגעשרומ־פּענע, באַהאָנגען מיט פּעקלעך — סימנים פון אַ מענטשלעך לעבן. אָט איז אָנגעקומען, ביי די הענטלעך זיך אָנהאַלטנדיק, אַ ייִנגעלע מיט אַ מיידעלע און יעדן אַריינגעקוקט אין פּנים אַריין, ווי זיי וואָלטן געזוכט אַ נאָענטן מענטש. און, ניין, אפשר זוכן זיי גאָר אַזוי אַ הילף ביי די גרויסע? אָט טראָגן פיר מענער פאַרביי אַ שוואַנגערע פרוי, זי ליגט אַ פאַרשטייפטע פון צער, די אויגן צום הימל אויפגעפּראַלט. אַ פאָטער האַלט אַ זויגקינד אין אַ קישן איינגעוויקלט, בינדט נישט אָפּ דערפון דעם בליק, קריכט נאָך אינ־סטינקטיוו דעם עולם. אַלע ווײַלע טרעפט אָן זיין פוס עפּעס אַ שטער, זיין קערפּער גיט זיך אַ וואַקל, פאַלט שיער נישט אום, דעם קינדס פּנימל איז צעקרימט פון געוויין און דער פאָטער שטופּט עס אין מיילעכל זיין שליימיקע, זויערלעכע צונג. אַ ווײַלע כאַפּט עס ציען די נאַסע וואַרעמע זאַך, און לאָזט עס אָפּ, און וויינט נאָך מער. נעמט דער פאָטער עפּעס אונטער־זינגען, עפּעס מאָדנע זיסע ריידעלעך, אָן אַ צוזאַמענהאַנג, פאַרבלאָנדזשעטע פון אַ העט־ווייטער קינדער־וועלט... זיין קול כריפּעט צו, ווערט אַלץ מערער פאַרנעפּלט; די פאַרטריקנטע ליפּן באַוועגן זיך נאָך אויס געוויינ־הייט. די אויגנדעקלעך לעגען זיך צו. בלויז זיינע פיס האַלטן אָן דעם טראָט, זיי זעען אויס ווי אַ באַזונדערער טייל פון זיין גוף.

מיט אַ ניכטערקייט, וואָס האָט אים אַזש ווי געטאָן, האָט קורט גע־קוקט אויף דעם אַלעם. ס׳האָט אים באַהערשט אַ געפיל, אַז ער לויפט שוין אַזוי אָן אייביקייט. ניין, די נאַכט וועט זיך קיין מאָל שוין נישט ענדיקן! פאַר וואָס זשע דער פּחד?

די מאַסע איז איצט אַריין אין אַ וואַלד. די פינצטערניש איז גע־וואָרן איין קנויל, אָן אימהדיקע שטילקייט האָט געלויערט פון אומעטום, געשראָקן מיט טויזנט פּחדים. האַרבסטיק־אָנגעפאַלענע בלעטער און צוויי־געלעך האָבן געקרעכצט אונטער די פיס. איבערגעוועקטע פייגל זענען מיט שלאָף אויף די פליגל געשפּרונגען פון זייערע נעסטן. אַ מילך־ווייס העזעלע האָט פאַרבייגעבליצט איבערן וועג און דערטרונקען געוואָרן אינעם חשכות, אַ חיהלע האָט מוראדיק שאַרף אַ געשריי געטאָן. אַ צעצויגענער קראַ־קראַ האָט דורכגעשטאָכן דעם וואַלד און זיך צעבראָכן אין אַ סך שטיקלעך.

ערגעץ נאָענט האָבן זשאַבעס געקוואַקעט. און ראַפּטעם איז אַלץ פאַרשטומט געבליבן. פון אַלע זייטן האָט דער וואַלד שווער און בייז געאָטעמט.

די יידן זענען געלאָפן, זיך אָנגעשטויסן אין ביימער, מיטגעריסן צווייגן, געפאַלן איבער וואָרצלען, אָדער פון בלויזן געדאַנק, אַז ס׳ליגט עפּעס... אָט אַהער האָט מען זיי געוואָלט פאַרנאַרן, דאָ, אין געדיכטן וואַלד, מיט זיי אַ סוף צו מאַכן! די בהלה איז געוואַקסן פון סעקונדע צו סעקונדע, געבוירן טייוולאָנישע וויזיעס: נאַקעטע צווייגלעך, וואָס האָבן זיך פאַר־טשעפּעט אין די צעפלאָשעטע ווייבערישע קעפּ האָר, זענען געווען פינגער פון סקעלעטן, נידעריקע קוסטעס — מכשפהס פון מעשה־ביכלעך. וואָס לענגער דער וואַלד האָט זיך געצויגן, אַלץ האַסטיקער איז מען געלאָפן, איינער אויפן אַנדערן געקראָכן; מיט די אַקסל, מיט די הענט זיך דורכ־געהאַקט אַן אויסגאַנג, זיך באַפרייט פון געפּעק, פון אַ פרעמדער האַנט, וואָס האָט זיך איינגעביסן אין אַ פּאָלע, אין אַן אַרבל און זיך נאָכגעשלעפּט. פּאַמיליעס זענען געוואָרן צעריסן, צעהאָדערט, קינדער האָבן געוויינט, אַ שוועסטער האָט גערופן אַ ברודער, מאַמעס האָבן ספּאַזמירט — און די מאַסע האָט אַלץ געיאָגט גיכער, שנעלער, געזונקען אין קאַלוזשעס, גע־טאָפּטשעט אין ליימיקע ראָזון, אויף מענטשלעכע גלידער געטרעטן, נישט פאַרנומען די קרעכצן פון די בלינדע, דאָס דערוואָרגענע רעווען פון די טויבשטומע — ווי זי וואָלט אין גאַנצן באַשטאַנען פון פיס, פון ריזן־פיס...

אומגעריכט איז די ערשטע גרופּע שטיין געבליבן, אַ גרויל האָט זיי אַרומגעכאַפּט און צוריקגעשליידערט אויף אַ הינטער: פאַר זיי האָט זיך אַ פעלד אויסגעשפּרייט, אַ פעלד מיט גריבער טיפע, קרומע, צעוואָרפענע זיגזאַגיק, גריבער מיט פאַרסטאָיעטע געלבלעכע פליסיקייטן... קיין איין לעבעדיקער קלאַנג האָט אַהער נישט געגרייכט, גלייך דער אָטעם פון דער וועלט וואָלט דאָ אָפּגעשטאָרבן. די פינצטערניש פון הימל, וועלכע איז דאַכט זיך דרייפאַכיק שוואַרצער געוואָרן, האָט זיך צונויפגעגאָסן מיט דער שוואַרצ־קייט פון די גריבער אין איין אומגעהויערן תהום...

און בסך־הכל זענען דאָס געווען געוויינלעכע גרענעץ־גריבער!

— ששש!... ששש!... — האָט די ס. אַ. באַפוילן און געדראָט מיטן געווער.

אַלץ איז מיט אַ מאָל געוואָרן אַזוי פּשוט, אַזוי פאַרשטענדלעך. מיט ווילפל פרייד איז איצט יעדער געלאָפן, און נישט געפילט צו מאָל, אַז דאָס בלאָטיקע וואַסער שפּאַרט אים אָן ביז די קני. אויך די אַלטע זענען פלינקער געוואָרן און קליינוואַרג האָט זיך אָפּגעקלעפּט פון טאַטע־מאַמע, הפקרדיק איבערגעיאָגט איינס דאָס אַנדערע, ווי ס׳וואָלט אַ געוועט אַנט־שטאַנען. אַ פאַרבלענדעניש האָט אַלעמען געפאַנגען, גלייך אַ גאַנץ לעבן וואָלטן זיי געשקלאָפט און אַצינד ערשט דערגרייכט זייער צוגעזאָגטע פרייהייט. אַלץ פרישערע שטראָמען ענערגיע האָט זיי פאַרפלייצט, געהויבן פאָרויס; און ווער ס׳האָט זיין פּעקל פאַרלוירן, און ווער זיין היטל, האָט זיך מער נישט געקימערט דערויף. „איך לעב!״ „איך לעב!״ — האָט אין יעדן איינעם געשאַלט.

פּלוצעם האָט אַ יללה דורכגעשטאָכן זייער פרייד: דער פאָטער פון זויגקינד האָט מיט אַ מאָל דערזען, אַז דאָס קישן איז ליידיק; קריכנדיק אין די גריבער איז עס ערגעץ אַרויסגעפאַלן. ווי אַלע פּיינען פון דער דאָ־זיקער נאַכט וואָלטן איין יאָמער אויסגעקנאָטן, אַזאַ איז געווען זיין געשריי — אַ מאָל היסטעריש און אַ מאָל טויב־כריפּענדיק, אַ מאָל פאָטערלעך צאַרט און אַ מאָל אַכזריותדיק רוי. מיטן גאַנצן לייב האָט ער זיך אונטערגעטונקען אינעם בלאָטיקן געמויזעכץ, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צוויי לאַנגע הענט און מיט די נעגל אַרויסגעריזשעט הויפנס ליים און זיי צעבערעקלט אין דער לופטן. מיט אומגעוויינלעכער קראַפט איז ער געשפּרונגען גרוב־איין, גרוב־אויס, און אַלע מאָל צוריקגעיאָגט צום קישן — שוין אָפּגעקילט פון קינדס גופל — ווי אַ הונט עס באַשמעקט, דאָס ציכל מיט די ציין אויפגעפּליקט, דעם פוך צעשאָטן — ניין! ער האָט די אייגענע אויגן נישט געטרויט און גענומען לויפן צוריק, צום וואַלד. עס וויינט!... ער הערט באַשיינפּערלעך ווי עס וויינט!...

יידן זענען אָפּגעטראָטן אין אַ זייט, פריי געמאַכט דעם וועג. גאָר־נישט איז נישט בכוח געווען אים איינצוהאַלטן. זיין געשריי איז געשטיגן אַלץ העכער, שאַרפער, געריסן זיך פון זיין פאַרבלאָטיקט פּנים, פון די צעשיטע צעווייקטע קליידער, פון זיינע צוויי אויסגעשפּרייטע הענט — ער אין גאַנצן איז שוין איצט געווען איין שטיק יללה.

און אַפילו דעמאָלט, ווען עטלעכע שטורעם־יונגען האָבן אים אין זייערע שווערע לאַפּעס איינגעשלאָסן, האָט ער זיך נאָך לאַנג געאַמפּערט, נישט געשפּירט זייערע קלעפּ, נישט געפילט זייערע אייזערנע פינגער אַרום זיין האַלדז. און מיט אַ מאָל האָבן זיינע אויגן אויפגעלויכטן: אָט קומט זי דאָך אָן, לינאַ! ווי גרויס, סאַראַ גרויסע זי איז געוואָרן! זי בייגט זיך איבער אים אַריבער, קושט אים מיט אירע האָניק־זיסע ליפּעלעך און גלעט אים, גלעט זיין הייסן, מידן קאָפּ — — —

— נו! — איז געפאַלן אַ קאָמאַנדע צום עולם.

און ווען אַלע זענען שוין געווען אויף יענער זייט גריבער:

— ווער ס'וועט וואַגן צוריקצושטעלן אַ פוס וועט דערשאָסן ווערן ווי אַ הונט!

*

וועגן דער דאָזיקער נאַכט, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט אין סעפּ־טעמבער, יאָר אַכט און דרייסיק, האָט מיר דערציילט קורט פרידמאַן אַליין. מיר האָבן זיך באַקענט גאַנץ צופעליק אויף איינער פון די וואַרשעווער גאַסן; ער האָט מיך אָפּגעשטעלט און געבעטן אַ פּאַפּיראָס.

— פינף מאָנאַטן זענען שוין אַריבער — האָט ער פאַרענדיקט זיין דערציילן — און די דאָזיקע נאַכט לעבט אַלץ אין מיר מיט איר ערשטער פרישקייט, זי גייט מיר נאָך אויף שריט און טריט, איך זע זי אין חלום, איך זע זי, ווי נאָר ס'הייבט אָן טונקל ווערן אין די גאַסן, איך זע זי אין יעדן מענטשן־צוזאַמענלויף. און דאָס וואָס כ'האָב אייך איבערגעגעבן איז אפשר קוים אַ דריט־חלק! צי ווייסט איר, אַז אָנקומענדיק אויפן פּוילישן באָדן, האָט די גרענעץ־וואַך אויף אונדז געשאָסן, אָנגעטריבן ריזיקע פּאָ־ליציייִשע הינט, וועלכע האָבן עטלעכע פון אונדז צעביסן — כאָטש דער פּוילישער מאַכט איז געווען באַקאַנט די האַנדלונג פון דייטשלאַנד, און אַז מיר אַלע זענען פּוילן אָפּשטאַמיקע? צי ווייסט איר, אַז מ'האָט אונדז געיאָגט ביז פּאַר טאָג, די פּאָליאַקן מיט לאַנגע בייטשן — און די שטורמיסטן מיט זייער געווער? און אַז אין דעם שוואַרצן שאַכטעלע, וואָס מיין מוטער האָט שטענדיק געדריקט עס צו איר האַרץ, איז געלעגן דאָס אַש פון מיין

עלטערן ברודער, פאַרפייניקט אין דאַכאַו? ניין, איר ווייסט גאָרנישט... דריי חדשים האָב איך זיך געוואַלגערט אין זבאָנשינער לאַגער. מיין מוטער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד, מיין פאָטער איז באַלד דערנאָך געשטאָרבן — און כ׳בין אַנטלאָפן. אַצינד בין איך פינף און צוואַנציק יאָר. וואָס טוט מען? ווו וועל איך קריגן אַ פאָסטן? כ׳האָב גערעכנט צו אַנגאַזשירן זיך אין דער שפּאַנישער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, אָבער איצטער איז שוין פראַנקאָס מיליטער אין מאַדריד. און איך פיל אין זיך אַ געוואַלדיקן איבערפלוס פון כוחות, אַ געוואַלדיקן דראַנג נאָך טאַט! נאָך טאַט! נאָך טאַט!

# דער לעצטער דאָרפסייד

1

ווידער אַ מאָל איז הערש־לייב אויפגעשפּרונגען, בלויז אויער גע־וואָרן... איין קני אינעם היי, דעם ביוסט פֿאַרויסגעשליידערט, ביידע הענט פֿאַזע ברוסטקאַסטן, די פֿינגער האַלב־איינגעבויגן — גרייט, ווי נאָר דאָס טירל זאָל געעפֿנט ווערן, אַרויפֿוואַרפֿן זיך און ווערגן, שטיקן! ער האָט געצויגן די לופֿט מיט אַן אָפֿן מויל, לייכט און געשווינד, נישט וואַגנדיק אַ באַוועג טאָן מיט קיין אבר. און וואָס לענגער ער האָט זיך איינגעהאָרכט, אַלץ אָנגענעמער איז אים פֿאַרגעקומען דאָס אָפּוואַרטן, אַלץ זיכערער איז ער געוואָרן אין זיין כוח. די פֿינצטערניש האָט זיך געהוידעט פֿאַר זיינע אויגן. אין אַ שפּאַרע פֿון טירל האָט קרום געשטעקט אַ שפּיץ לבנה ווי אַ פֿיניש קלינגל.

אָבער ס׳איז גאָרנישט געשען. אין דרויסן האָט אַזוי גערוישט דער אַלטער קאַשטאַנבוים.

אַנטוישט און פֿאַרמאַטערט דורכן אימפּעטפֿולן אָנשטראָם פֿון ענער־גיע, איז הערש־לייב צוריקגעפֿאַלן אויפֿן היי. אַ היץ האָט אים באַשלאָגן: עפּעס אַן אומגעהויערע מאַסע האָט אים געשטערט פֿונאַנדערצוקלייבן זיך אין דעם, וואָס האָט אים כסדר געפּלאָגט: וווּ וועט ער זיך אַהינטאָן אין שטעטל? וואָס וועט פֿון זיינע קינדער ווערן?

— אַ וויסט אָנשיקעניש אויף אים! — האָט ער אין זיין אָנמעכטיקייט אַרויסגעצישעט אַ קללה. ער האָט אָנגעשטאָפּט די לולקע און נערוועז גע־נומען פּיפּקען.

אין הינטערגרונט, אַנטקעגן אים, איז געלעגן די „שוואַרצינקע" — זיין בהמה, זיין פֿאַרמעג. פֿון דעם חשכות אויס האָט ער דייטלעך אָפּגעשיידט דעם סאַמעטענעם גלאַנץ פֿון איר שיינער פֿעל, דעם ברייטן הינטן אירן,

וועלכן די ליג־פּאָזיציע האָט ברייטער געמאַכט, איר ווייס־געפּלעקטן רונדן בויך מיטן אָנגעטרונקענעם ליכטיקן אייטער, וואָס האָט ממש אַרויסגעקוואָלן פונעם שטרויי אַרויס, דאָס אַלץ האָט אים גרויס הנאה פאַרשאַפט. ער האָט נישט געקענט זיך איינהאַלטן איר נישט אַ פּעטשל צו געבן איבערן רוקן: „נאַ... נאַ...“ ער האָט אַרויסגעצויגן פון כאַלאַטל־קעשענע דאָס פּלעצל, וואָס יענטל האָט אים אַריינדערלאַנגט פאַרן שלאָפן, ס׳האַרץ אונטערצולענען, און זיך געטיילט מיט דער חיה. איר געזונט רעגלמעסיק קייען, איר כראָמש־טשען, דער וואַרעמער קוישער ריח, האָט אים צוריקגעבראַכט צו זיינע געוויינלעכע דאָרפישע זאָרג וועגן פאַרלעגענע קעזלעך, אַז אונטער דער קוואָקע האָט מען, אָסור, באַדאַרפט די פיר קאַטשענע אייער: די מרשעת וועט זיי, ווי אַנומלטן, פּראָסט פשוט צעפּיקן. די סטרוגאַטשעס קוואָקע איז אַ צדיקת, אָבער מיינע... פּאַסקודנע וועטערן! ס׳בליעכץ ווערט פאַרשרפהט... פ׳דעם ווינטער, מ׳זאָל דערלעבן, וועט ער איינשיטן עטלעכע פּעסלעך קרויט, שאַט נישט, קונים וועלן שוין זיין!...

איי־איי! און יענטל איז שוין קאַ׳נעהאָרע אַ כלה־מיידל, די מאַמע, אַ לעכטיק גן־עדן איר דאָרט, האָט אים געהאַלטן אין איין צורעדן צו איטשעס יונג. כ׳לעבן...

— טאַטע! טאַטע!

הערש־לייב האָט צוריק דערזען די שטאַל; די פינצטערניש האָט אים אויף סניי אַרומגערייפט, דערמאָנט פאַר וואָס ער ליגט דאָ.

— גיי אַריין שלאָפן! כ׳על זי שוין היטן — האָט דאָס דרויסנדיקע קול אַריינגעשריגן — עסט קאַ כוח נישט האָבן מאָרגן אין דער פרי, העיעסט?

הערש־לייב האָט אויפגעהויבן אַ האַנט אין דער לופטן, ווי ער וואָלט געוואָלט דערווערגן די דאָזיקע אומברחמנותדיקע שטימע, נאָר זיין האַנט איז ווייך צוריקגעפאַלן: אַ שוידער איז אים דורכגעלאָפן דורכן לייב ביים וואָרט „מאָרגן“...

*

זעקס יאָר צייט האָט היפּאָליט — דעם פּריצס זינדל — שטודירט אין וואַרשע, נאָר אַנשטאָט אַדוואָקאַט, איז ער גאָר געוואָרן אַ פּאַרטיי־מאַכער,

אַ פעליעטאָנען־צושטעלער אין אַ צייטונג מיט אַ גרויסן טיראַזש, און ער האָט אָנגעפירט מיט די אַנטיסעמיטישע עקסצעסן אויפן אוניווערסיטעט: פוילן פאַר פאָליאַקן! יידן — קיין פּאַלעסטינע! נישט ווינציק געוואָגט און חוצפּהדיק, האָט היפּאָליט גאָר שנעל זיך אַרויפגעשרויפט צו דער מדרגה פון אַ „יוגנט־פירער". דאַן האָט היפּאָליט באַשלאָסן צו ווערן דעפּוטאַט. דער יינגסטער מיטגליד אין סיים!... צו דעם צוועק האָט אים געפעלט פּאָפּולאַריטעט ביים פּראָסטן פאָלק (ביז אַצינד איז ער אַקטיוו געווען בלויז צווישן דער אינטעליגענץ), דעריבער האָט ער אַריבערגעפּעקלט זיין טע־טיקייט אינעם קליינעם שטעטל אַריין, אין דאָרף: אונטערגעצונדן הייזער, צעראַבעוועט סטראַגאַנעס אויף ירידים, אָנגעבויקערט אַ פּויערל די ביינער, פאַר וואָס ער קויפט אין יידישן קלייטל.

צווישן די דאָרפסיידן אין מילענקאָ איז דער חורבן געווען נישט קלענער. יעדן באַגינען האָט עמעץ אַנדערש געפונען זיינע צוויי־דריי מאָר־געס ערד צעטרייבערט, אָדער די בהמה אָפּגעסמט, צי גאָר די סאָד־ביימלעך מיט די וואָרצלען קאַפּויער. די פּאָר יישובניקעס האָבן אַלץ פאַרקויפט בחצי־חינם און קריק אין שטעטל אַוועק: „פּאָרט אייגענע! דאָ קען מען זיי דאָך אויסשעכטן, אַז קיין האָן זאָל צו מאָל נישט אַ קריי געבן". בלויז איין הערש־לייב האָט זיך איינגעשפּאַרט: מיעך ט׳מע אַרויספירן פון דאַנען אַ טויטן — פרינטער ניש!" און ער איז דווקא געקראָכן איבער דער געגנט, ס׳היטל עזותדיק פאַרשאַרצט איבערן שטערן — אַ ברייטע פלאַך אָפּגעזונקט פון דער זון, אָן אַ קנייטש, פון וועלכער ס׳האָט אַראָפּגעיאָגט אַ טעמפּע גבורה; די קליינע גרינלעכע אויגן — אָנגעצילט צו אַלע וועגן; די הפקר געוואַקסענע פעך־שוואַרצע באָרד — אייך קאָלטן, געטראָגן פון ווינט. עפּעס אַזוי ווי אַ מגושמדיקע פויסט. און געשפּאַנט האָט ער כלומרשט אָנ־געשפּאַרט אויף אַ סענקאַטן שטאָק. דאָס שטעטל יידן האָט אונטערגעשיקט דעם שוחט צו אים, געבעטן זיך ווי ביי אַ קינד: „ס׳טייטש, הערש־לייב, האָב גאָט אין האַרצן! יידיש לעבן שטייט אין קאָן... ס׳וועט חלילה צו אונדזערע אַלעמענס קעפּ אויסגיין!"

*

הערש־לייב איז צעמישט געוואָרן ביים וואָרט „מאָרגן". היפּאָליטס באַנדע האָט אים אַ לעצטן טערמין געגעבן צו פאַרלאָזן ס׳דאָרף, אויב וויל ער נישט, ער און זיינע קינדער, האָבן אַזאַ סוף ווי זייך קאָבילע, וואָס איז געפונען געוואָרן מיט אַן אויפגעטרענטן האַלדז.

— נו, טאַטע! מ׳ווייי מיער... ס׳גייט שוין באַלד טאָגן...

אויפן הויף איז געשטאַנען יענטל אין אַ דין קליידל, אַ צעקנאָדערטס, אַן איינגעלאָפּנס פון אַ סך וואַשן, וואָס איז צוגעפאַלן צו איר אויפגעיוירן מיידליש לייב און אומגעלומפּערט נאָכגעצייכנט אירע שווערע ברוסטן, די ברייטע שטאַרקע לענדן, די מעכטיקע שויסן. פוןביידע שוואַרצע צעפּ ליגט איינער צעפּלאָשעט איבערן פולן נאַקן, דעם אַנדערן פלעכט זי פלעגמאַטיש, האַלטנדיק איינגעקלעמט צווישן די ליפּן אַ בינטעלע האָר. אַרום אירע פיס האָט דער קאַשטאַנבוים אויסגעשפּרייט אַ קײלעכיקן שאָטן. געוואוינט פון קינדערווייז־אויף תמיד פאַרנומען צו זיין, האָט איר געקאָסט געזונט איינצושטיין מיט ליידיקן — און דעם פאַר־פלאָכטענעם צאָפּ אויף ס׳נײי אויפגעלאָזט; זי האָט הויך געגענעצט און ביים פאַרמאַכן דאָס מויל אַ פּיר געטאָן מיט דער צונג איבער די אָנגעקוואָלענע מייערן־רויטע ליפּן, ווי נאָך אַ גוט פאַרדייען. אין מיטן דרינען פאַלט איר איין צו פּרוּוון ס׳שלעסל פון דער הינערקאַמער, שאַרט זי צו די פיס צום באַשטימטן אָרט, אָן אַ באַוועג פון קערפּער, גלייך דאָס אַריינבערענגען אין אים לעבן וואָלט פאַרבונדן געווען מיט אַ געדאַנקלעכער אָנשטרענגונג. ערגעץ ווו בילט אַ הונט. זי דרייט אויס דעם קאָפּ. די לבנה קומט איר אַנטקעגן — אַ גרויסע, רונדרונדיקע, דערמאָנט זי אין גרויסן סאַגאָן, אין דעם איבערבלייבעכץ פון דער וועטשערע. זי גייט אין קיך אַריין, דערטאַפּט אין דער פינצטער דעם טאָפּ און וואַרפט אַלץ אין זיך אַריין.

ווען זי איז צוריקגעקומען צו דער שטאַל, איז הערש־לייב געשטאַנען פאַרן אָפענעם טירל.

*

אַוודאי מעג מען זיך אויף יענטלען פאַרלאָזן. אַנומלט האָט זי איינע אַלייך איינגעהאַלטן סטרוגאַס איבערגעשראָקענע קאָבילע אין גאַלאָפּ. דעסט־וועגן איז הערש־לייב נישט געגאַנגען שלאָפן. זאָל עס זיין לעצטע נאַכט דאָ זיין? ס׳האָט אים אָנגעכאַפּט אַ שוואַכקייט, אונטערן האַרץ איז עפּעס שווערס געוואַקסן און געקלעמט...

דער הויף איז געשטאַנען איינגעטונקען אין לבנה־ליכט. פון אַלע זייטן האָבן זיך אַוועקגעשפּרייט סעדער, לאָנקעס, פעלדער און געשיכורט די לופט מיט זייער ערשט בליִונג. און געדאַכט האָט זיך צו הערן דעם אָטעם פון דער ערד, רויִק, זיכער און זאַט, ווי דער אָטעם־צוג פון אַ יונגער מאַמען, וואָס זויגט איר ניי־געבוירן קינד.

— זאָל עס זיין לעצטע נאַכט דאָ זיין?

די שטילקייט האָט אים ווייַ געטאָן, דער ריח פון אויפגייענדיקן גרינס האָט אים געשטיקט. ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט ביים קאַשטאַנבוים, נישט קענעדיק מאַכן אַ שריט ווייטער. ווען ער זאָל אַזוי איינשלאָפן, איינשלאָפן און מער שוין קיין מאָל נישט אויפוואַכן! נאָר ווי אַ שד איז זיין געדאַנק אַרומגעשפּרונגען, אויסגעריסן פּאַסן פאַרגאַנגענהייט, גערעדט צו זיין שכל; דו — אַ פרעמדער? דו, הערש־לייב?... אויף דער ערד דאָ האָט דיין זיידע איינגעאַקערט זיין לעבן, דאָ איז דיין טאַטנס וויגעלע געשטאַנען. אָט, אָט איז דאָס הייזל, וואָס דער זיידע האָט אויפגעבויט; דיין טאַטע האָט דאָס סכך פאַרטוישט אויף שינדלען, אַ צווייט פענצטער דורכגעהאַקט, און דו, דאָס אייניקל, האָסט די ווענט מיט אַ שיכט צעמענט אַרומגעדעקט...

נאָך קיין מאָל האָט הערש־לייב נישט געפילט אַזאַ שטאָלץ קוקנדיק אויף זיין הייזל, נאָך קיין מאָל האָט זיך עס אים נישט באַוויזן מיט אַזאַ פּאַרנעם. דריי דורות האָבן זיך איינגעביסן מיט לייב און לעבן אין דעם פּיצעלע ערד, און נישט דעם פּריצס דעספּאָטיזם, נישט דאָס אויפגעהעצטע געמיט פון הונגעריקן פויער זענען אין שטאַנד געווען צו פאַרטרייבן. אמת, דער זיידע, ווי דאָס אייניקל, זענען פויערים אין פולן זין פון וואָרט קיין מאָל נישט געווען. הערש־לייב האָט מערער געלעבט מיטן שטעטל איידער

מיטן דאָרף. און נישט אַזוי מיטן שטעטל, ווי מיט די דאָרטיקע יידן — מיט זייער שטענדיקע ברויט־זאָרג און אייביקער פּאָגראָם־שרעק. באַגינענס, ווען ער פלעגט אַרויספירן זיין מילכוואַרג, זיינע גרינסן אין שטעטל אַריין, אָדער אַוועקלאָזן זיך אויף אַ יריד, איז אַזוי גלייך ווי ער איז אויפן שאָסיי אַרויס, אַזוי פלעגט זיך ס׳דאָרף פון אים אָפּשיילן, אַנטרונען ווערן פון זיינע חושים, און אַ שווערער טרויער, אַן אומצוטרוי פלעגט אים דאַן באַפאַלן צו יעדן נישט־ייד, אַפילו צו זיינע בעסטע שכנים, מיט וועלכע ר׳איז באַזאַמען אויפגעוואַקסן. אָבער צוריקקערנדיק אַהיים האָט אים די ערד באַגעגנט ווי אַן אייגענעם. זיין געשטעל האָט זיך אויסגעגלייכט געזונט, ברייט, די באָרד האָט אויפגעגלאַנצט מיט איר שוואַרצקייט — ער איז געווען ביי זיך! און ווי אַ קורצזעעוודיקער, וואָס טוט אָן אַ גוט געפּאַסטע בריל, אַזוי איז פון זיינע אויגן אַראָפּ די פאַרנעפּלונג, און ס׳דאָרף — ביזן מינדסטן שטעגל — האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין רעטין־הייטל. אַנדערע דאגות האָבן אים אַרומגערינגלט: וועגן וועטער, אַז די קאָבילע דאַרף מען פירן צו וועלטשוכן... און וויפל פרייד ביים פאַרזוכן דאָס פּענעצל קעז, ביים קייען די ערשטע אויסגעקאָפּעטע קאַרטאָפל!

פלוצעם איז אַ וואָלקן אָנגעלאָפן אויף דער לבנה. אין הויף איז געוואָרן וויסט, דאָס הייזל האָט זיך אויסגעקרומט. אַ חורבה האָט הערש־לייב געזען. און די חורבה רעדט צו אים:

— מאָרגן טרייבט מען דיך פון דאָרף אַרויס! דיך מיט דיינע קינדער!

אַ פאַרביילויפנדיק ווינטל כאַפּט אויף די ווערטער, צעשיט זיי איבער די פעלדער און דער קאַשטאַנבוים שאָקלט צו מיט זיין אַלטן קאָפּ: מאָרגן... מאָרגן...

הערש־לייב האָט זיך אָפּגעריסן פון אָרט — די ערד אונטער זיינע פיס האָט אים געברענט. ער האָט דורכגעהאַקט וויעלאָפּאָלסקיס גיטער, פאַרביי די וואַסערמיל, דעם טאַרטאַק, און אַוועק אין דער ריכטונג צום פּריצישן שלאָס.

*

וואָס בענטער ר׳איז אָנגעקומען, שווערער איז זיין טראָט געוואָרן. די פייער־רייפן זענען פאַרשווונדן פון פאַר זיינע אויגן. אַ קילע קלאָרקייט האָט זיך באַזעצט אין זיין מוח.

נישט קיין אָנפאַל פון שוואַכקייט איז דאָס געווען. הערש־לייבן האָט עפּעס אַנדערש אָפּגעהאַלטן, זיך אָנגעהאָנגען אין אים מיטן גאַנצן געוויכט פון אַחריות: די שרעק פאַר די אַנדערע יידן, די אין שטעטל, צו זיי וועט אויסגיין די נקמה!

ער איז געבליבן שטיין אויפן מיטן שאָסיי, וועלכן דאָס שוין פאַר־בלאַסטע לבנה־ליכט האָט לענגער און פוסטער געמאַכט. אַ היימלאָזע שטיל־קייט האָט געהויערט פון ביידע זייטן פעלד. זיין קאָפּ איז געהאָנגען איבערן ברוסטקאַסטן, די אויגן־לעפּלעך זענען געווען ווייטיקלעך פאַרקוועטשט, די הענט — פאַרוואָרפן איבערן רוקן. „פאַר וואָס זאָל ער נישט טאָרן אַלץ מיטן רויך אָפּוישן? קונים זענען סיי ווי נישטאָ — היפּאָליט האָט געדראָט מ׳זאָל זיך נישט וואַגן אָפּצוקויפן ביים ייד... פאַר וואָס האָט דער פאַראָבעק גאַרליוק קיין מורא נישט געהאַט, אַז ס׳וועט אויסגיין צו די איבעריקע פויערים ?...“

אַ האָן האָט אויסגעקרייט. אַ קו האָט געמעקעט. די שטילקייט האָט זיך אַ בלעזל געטאָן ווי אַ געסטאָיעט וואַסערל, אין וועלכן ס׳פאַלט עפּעס אַריין. אומגעריכט האָט אַ קנאַל פון אַ בייטש אויפגעציטערט, רעדער האָבן זיך צעסקריפּעט שווער, פאַרעקשנט, און איבערגעפאָרן די רעשטלעך נאַכט. הערש־לייב האָט גענומען צוריקגיין. אַנטקעגן אים איז אַ גרויער פלעק עזותדיק געוואַקסן.

*

פון סטרוגאַס קוימען האָט שוין געצויגן אַ רויך, אַ ברייטער היימישער רויך. אַן אַנדערש מאָל פלעגט שוין אין דער צייט פלאַקערן די קיך ביי הערש־לייבן, אַ טשייניק וואַסער האָט געזידט, די קופּערנע פאַן מיט מילך איז געווען אָפּגעוואַלן... אַצינד איז זיין הייזל געשטאַנען פאַרשטאַרבן, איבערן הויף — קיין סימן פון לעבן נישט, און אים האָט זיך אָנגעהויבן דאַכטן, אַז ער גופא איז שוין אויך לאַנג געשטאָרבן.

דאָך, איבערטרעטנדיק דעם שכנס שוועל, און דער טעם פון פריש־פאַרבריטער ציקאָריע האָט זיך אָפּגעזעצט אויף זיינע ליפּן, און דער וואַרע־מער ריח פון אויפגעבעטע געלעגער האָט אים איינגעהילט — איז ער אויפ־געררודערט געוואָרן.

— דיר איז ווויל, סטאַש! — האָט ער געזאָגט נישט אָן קנאה.

סטרוגאַ האָט מיט זיין פלייצע פאַרשטעלט דאָס גאַנצע פענצטער. ער איז פאַרפאַרעט געווען אין אַ זייער אָנגעשטרענגטער און פּרעציזער אַרבעט: אין שפּאַלטן איין שוועבעלע אויף פיר טיילן. היינט איז זונטיק, צייט איז דאָ געַנוג, גרייט ער צו פאַר אַ גאַנצע וואָך, וואָרן זיין אַלטע גיט זיך אַליין נישט קיין עצה — שניידט איין די פינגער און צעקרישלט דעם שוועבל. נישט אויפהייבנדיק די אויגן ענטפערט סטאַש: „באה!" און ווידער אַ מאָל „באה!", און פאַרשווייגט. דערנאָך טוט ער אויסדרייען צום ייד זיין קנאָכיק פאַרגעלט פנים און זאָגט:

— אָן אונדזעריקן איז אפשר ווויל נאָכן טויט... — זיינע שווערע ליפּן קלעפּן זיך פונאַנדער אויף אַ שמייכל, נאָר קומען קומט אַרויס עפּעס אַ זויערע גרימאַסע. זיין שטימע קלינגט מיט אומעט, פאַרוויסט, גלייכגילטיק, אָבער פון איר שלאָגט מיט אַ היץ, ווי אינעווייניק אין אים וואָלט זיין לעבן, פראַצע געלעגן פאַרוואַנדלט אין אַ ווולקאַן, וואָס זיין שעה איז נאָך נישט אָנגעקומען אויפצורייסן. ער דערציילט וועגן זיין זון ווינצענטי, וואָס האָט זיך אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין גאָלדענע חלומות און דערפאַר אָ פוילט ער ס׳דריטע יאָר שוין אין טורמע.

— אָבער אַ פּאָגראָם! אַ פּאָגראָם! — האָט הערש־לייב ראַפּטעם אַרויסגעשריגן — מילא, אַ בענדלדיקער שלאָגט, אַ נאַטשאַלניק שלאָגט — זענען זיי דאָך צו דעם. אָבער אַן אייגענער, האָסט זיך קליינערהייט מיט אים געשפּילט... און פאַר וואָס? ווייל אַ ייד, ווייל כ׳גיי נישט אין קאָשציאָל...

דורך אַ הינטערטיר איז אַריין די סטרוגאַכע מיט אַן עמער וואַסער. אין איר זונטיק־ספּודניצע און אין רויטן קאַפּטאַנדל איז איר עפּעס אומ־אָנגענעם געוואָרן אַקעגן דעם יידנס בראָך.

— היינט איז אונדזער ווינצענטיס געבוירן־טאָג, מאַכט מען זיך אַ שטיקל שמחה... זיך איבערגעטאָן... אַ שקאָרמעץ ציקאָריע איינגעהאַנדלט...

זיצט, לעיבאַ, איר'ט מיטהאַלטן אַ טעפּעלע. אָרעם קינד, דאָרט... — כליפּעט זי אַרויס.

אַלע דריי האָבן באַזעצט אַן עק פון נאַקעטן דעמבע־טיש און ראַשיק גענומען זיפּן די שיטערלעכע ביטערע ציקאָריע. סטרוגאַ האָט פאַרזיכערט, אַז זינט דעם וועלט־קריג — ער איז דעמאָלט געלעגן אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל — האָט ער נישט געהאַט ס'פאַרגעניגן צו קוויקן זיך מיט אַזאַ באַטעמט ביסעלע ציקאָריע. די סטרוגאַכע האָט דערציילט (שוין צום ווּיפלטן מאָל) וועגן צענער־זלאָט, וואָס איר טאָכטער יאַדוויגאַ, ערגעץ אין דער פרעמד אַ דינסט, האָט אַריינגעשיקט אויף פּאַסכע.

— שיין פון איר זייט, הע ?... אַ גאַנצן צענער !... — דערויף איז אַריינגעטראָטן אַ לאַנג שווייגן, ווי עס טרעפט געוויינלעך ביי פּויערים.

הינטערן פענצטער איז דער פרימאָרגן אָנגעלאָפן בלוי און זוניק. הערש־לייב האָט נאָכגעקוקט אַ טשערעדע בהמות. אַ יונג זשרעבאַקל איז נאָכגעשפּרונגען אַ קאָבילע ; אויפן פאַראָבעק אַנדרושקאַס אָקסל האָט גע־בליאַסקעט די קאָסע... אַ נעפּל האָט פּלוצעם פאַרצויגן זיינע אויגן. און אפשר זענען עס בלויז די שייבלעך אַזוי פאַרהויכט געוואָרן.

סטרוגאַ האָט האַרטנעקיק געזויגן פון זיין לולקע, געזשמורעט די אויגן צום פּאָל אַראָפּ, משמעות איבער עפּעס געטראַכט. אָבער די ווייכהאַר־ציקע אַלטיטשקע האָט יאָ געזען, וואָס אינעם ייד קומט פאָר, איז זי אַוועק אין איקאָנע־ווינקל און פיל מאָל זיך איבערגעצלמט : פאַר אירע צוויי קינדער, פאַרן מאַן און אויך פאַרן ייד. זי האָט אים געוואָלט מיט עפּעס טרייסטן און נישט געוווּסט ווי אַזוי.

הערש־לייב איז געזעסן, ווי פאַרגולמט, קוקנדיק דורכן פענצטערל, ביז יענטל איז אַריינגעלאָפן :

— שלאָפסט, אין אַלדע גוטע יאָ !

ביים געזעגענען האָט דער פּויער געגעבן אָנצוהערן, אַז ער וואָלט אים געליען די שקאַפּע, נאָר מ'קען דען זיכער זיין מיט היפּאָליטן ? און ער, אָן דעם פערד... אָבער נאָכן בריקל וועט ער אים אָפּוואַרטן און צו־העלפן אַריינשלעפּן דעם וואָגן זאַכן אין שטעטל אַריין.

עטלעכע מאָל האָבן זיי זיך געדריקט די הענט, צום סוף זענען זיי



יאָסל צוקער אין 1937

געפאַלן איינער אין אַנדערנס אָרעמס און אָן ווערטער געקלאַפּט זיך איבער די אַקסלען.

2

אויפן הויף, סאַמע ביים הויז־שוועל, איז געשטאַנען אַ שמאָלע לייטער־פור, יענטל איז געשפּרונגען אַראָפּ־אַרויף, געשלעפּט שטיקער מעבל פון שטוב אַרויס, געהויבן באַלן אָנגעצויגן בעטגעוואַנט, פון וועלכע דאָס פרימאָרגן־ווינטעלע האָט אויסגעצופּט ווייסינקע פוך־פעדערלעך און זיי פאַרנאַרט אין גרינעם פעלד אַריין...

איינע אַליין האָט יענטל אַלץ געמאַכט. איר ברודער איסערל „עקשן" (ווי זי האָט אים געקרוינט) האָט משוגע געשפּאַנט פון הויף אין שטוב אַריין, פון שטוב קריק אין דרויסן אַרויס, ביידע קולאַקעס פאַרשטופּט אין די הויזן־קעשענעס, אָנעם היטל, מיטן פענק צעדריוולטע שוואַרצע האָר קאַ־פויערגעשטעלט איבער דעם ברייטן געבאָמבלטן שטערן, וואָס האָט געהאַט עפּעס פון דער טעמפּער גבורה פון אַן אָקס. די שקצים האָבן אים געשעצט פאַר זיין שטאַרקייט, פאַר זיין „אַלץ קען ער" — אויסשינדלען אַ דאַך, און דרעסירן אַ פערד, און שיסן אַ האָז אין סאַמע געלויף, און לייגן אַ פּאָדקאָווע, און פאַרלייטן אַ טאָפּ — מיט איין וואָרט: אַלץ קען ער! הערש־לייב וויל, אַז זיין זון זאָל אָפּהיטן דעם הייליקן טאָג שבת? גוט, אָבער זונטיק אַרבעט איסר אַ העלפט טאָג נאָר; די רעשט צייט שפּילט ער מאַזורקעס אויף זיין מויל־האַרמאָשקע, טאַנצט מיט שיקסעס און טרינקט בראָנפן. נישט איין מאָל טרעפט, מ'זאָל אים געפינען כאָליען אין אַ שייער לעבן אַ פלאַקסענעם ווייבערישן קאָפּ. „הע, הע, ברודערקע... גענאַרסט, גע־נאַרסט... ביסט נישט קיין זשידעק!" — פלעגן פויערים לאַכן אין די וואָנצעס אַריין. אין שטעטל האָט איסער פיינט צו קומען: ער האַסט די דערשראָקענע יידישע אויגן, די איינגעבויגענע פּלייצעס, די קרענקלעך־אויסגעוואַק־סענע ליידיקגייערישע בחורים, די שווייגנדיק בלאַסע מיידלעך, וועלכע זאָרגן ווי באָבעס. דערפאַר אָבער מיידט ער נישט אויס קיין איין יריד, נישט כדי צו שאַכער־מאַכערן, נאָר ביים מינדסטן געשלעג, ביים מינדסטן סיג־

נאַלעכל אויף אַ פּאַגראָם — אַזוי ווערט ער איין קנויל פייער. און טאַקע פון אים האָבן זיך עס יידן אָפּגעלערנט נישט שולדיק צו בלייבן אַ קלאַפּ און אָפּדערלאַנגען מיט פּראָצענטער.

ווען היפּאָליט האָט אָנגעהויבן פירן זיין טעטיקייט אין דער געגנט, האָט איסער געשוווירן אים איינצושטילן אויף אייביק. און ער וואָלט געווען האַלטן וואָרט, ווען נישט זיין טאַטע מיט די אַנדערע יישובניקעס: „לאָז געמאַך! ביסט נאָך אַ ראָצער״! דערויף האָט איסער אַ שפּיי געטאָן מיט אַ פול מויל און זיי אָנגערופן „ווערעם״. — „מער ווי ווערעם זענט עץ נישט, אַ נישט וואָלט אַ ליאַדע שנעק נישט אויפגעהויבן צו ענק אַ האַנט״! פון דעם טאָג אָן האָט איסער פאַרלאָזט דעם טאַטן און זיך אָנגעדונגען אין אַ שכנותדיקן דאָרף. די שנאה צו די שטעטל־יידן האָט איצטער זיך אויס־געשפּרייט אויך אויף די יישובניקעס און אַפילו אויף זיין אייגענעם פאָטער.

הערש־לייבן האָט ווי געטאָן זיין זונס אָפּגעפרעמדקייט. זייער אָפט פלעגט ער צושיקן צו אים די שוועסטער מיט אַ היימיש ביסל געקעכץ, אָדער גאָר אַליין אַריבערכאַפּן זיך.

— ס׳איז דיר בעסער ווי ביים טאַטן? — פלעגט ער אים אַריינ־קוקן אין די אויגן, זוכן אַ פונק חרטה, וואָס וואָלט אים אויפגעהייטערט אין זיין דאָרפישן, יידישן עלנט. הערש־לייב באַקלאָגט זיך נישט, אַז ער פעלט אים אויס, אַז מאַנכע מאָל געשעט, ער זאָל הייסן יענטלען אַריינ־רופן אים, איסערן, עלעהיי ער וואָלט זיך אין שטאַל פאַרזוימט. נייך, ווען דעם לאָזט הערש־לייב קיין רמז נישט פאַלן. און אַז דער פונק חרטה, וואָס ער זוכט אין זונס אויגן באַווייזט זיך פאָרט נישט, איז הערש־לייב טיף צופרידן און שטאָלץ מיט זיין קינד, פון זיין האַנדלונג, פון זיין ענטפער:

— כ׳ווייס נישט צי ס׳איז מיר בעסער... נאָר דאָרט פיל איך זיך ווי אַ גלייכער צווישן גלייכע, ס׳איז גאָר עפּעס אַנדערש.

ווען ס׳האָט צו אים דערגרייכט, אַז זיין טאַטע קלייבט זיך אַריבער אין שטעטל אַריין, האָט ער אַ לאַך געגעבן, אָבער באַלד האָט דאָס אים פאַרדראָסן און ער האָט זיך פאַרשעמט פאַרן אייגענעם געלעכטער: ער, וועלכער האָט געגאַרט צו זען זיין טאַטן (און אַפילו געגלייבט, אַז ר׳איז עס טאַקע) אַן אַנדערן, נישט ענלעך אויף די איבעריקע יידן, וואָס אַנטלויפן

פאַר אַ הינטל און בענטשן גומל טאָמער גייט פאַרביי אַ גרינער דאָנערשטיק אָן פאָגראָמירן. ניין! אַ בלבול! זיין טאַטע איז נישט קיין פחדן! פאַר נאַכט, נאָך דער אַרבעט, איז ער אַרויפגעשפּרונגען אויף אַ פערד און אָנגעיאָגט אַהיים. נאָך קיין מאָל נישט האָט איסער אַזוי הייס גערעדט, אַזוי פריי, אַזוי לאָגיש — ער, וואָס פלעגט געוויינלעך שווייגן. פּלוצעם, אין סאַמע רעדן, איז ער אַרויסגעלאָפן, געכאַפּט ס׳פערד ביים צוים און אַוועק צו פוס. טרערן האָבן אים געשטיקט, טרערן פון באַליידיקונג. ערשט אָפּשפּרייזנדיק אַ מהלך צווישן די קילע, שמעקעדיקע פעלדער, האָט דער קנופּ טרערן זיך אויפגעלאָזט און אַ געוויין האָט אים דורכגעטרייסלט. און ער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז, די הענט אונטערן קאָפּ, די אויגן אינעם הימל פאַרטרונקען... זיין לעבן איז אים אַנטקעגן געקומען, זיין שפּעטערדיק לעבן: ער נעמט זיך אַ געזונט ווייב, אַ פעסטע, אַזאַ ווי יענטל איז, זי העלפט אים באַאַרבעטן די ערד, און געגנוג דאָס פאַרען זיך מיט די קעזן! פערדלעך האָדעוועט ער, פערדעלעך ווי די אָדלערס, איי, ברודערקע, זענען עס פערד!... און זיין ווייב ברענגט אים קינדער אויף דער וועלט, איטלעכס יאָר אַ פרישן פיקער... אַ דאָרף מיט יידן אויסגעוואַקסן, קאַנעהאָרע, אַ דאָרף צו דערפּער גלייך! און פאַר איין קלאַפּ טיילט מען קריק צען, איי, טאַטעלעך, טרענט מען ס׳לעדער!...

אויף צו מאָרגנס האָט ער זיך אַריינגעטאָן אין דער אַרבעט מיט אַ געוואַלדיקן פלייס, אַז ס׳איז ממש פון אונטער זיינע הענט געפלויגן, און דער געדאַנק האָט אים נישט אָפּגעלאָזט קיין רגע, זיך אויסגעברייטערט, פאַרביקער געוואָרן, געכישופט... טייל מאָל פלעגט זיך אים מיט אַ מאָל אויסדאַכטן, אַז די אַלע פויערים אַרום אים זענען יידן, און זייערע קולות צו די פערד, בהמות, הינט, חזירים — ווערן אַרויסגעזאָגט אין יידיש. פאַר וואָס זאָל דאָס אוממעגלעך זיין?

אַ סך וואָכן האָט ער זיך נישט געוויזן אין דער היים. יעדעס מאָל ווען ער האָט זיך דערמאָנט אין איר, איז ער געוואָרן שלעכט ווי אַ טייוול; איבער אַ קלייניקייט האָט ער זיך געכאַפּט שלאָגן, צו אַלעם וואָס ער האָט געזאָגט, האָט מען געמוזט איינשטימען, ער האָט געגעסן פאַר דריי און געצויגן פון פלעשל פאַר צען. און אָט איז ער עס אָנגעפלויגן מיטן באַגינען,

ווען יענטל איז געשטאַנען אויפֿן וואָגן ווי אַ מאַנספּאַרשוין און מיט אַ העמערל געמייסטערט, פֿאַרבונדן, איבערגעלייגט, אַלץ אויפֿן קאָפּ געהאַט — ביזקל אַ האַקע, אויף וועלכער ס׳האָט אַ מאָל, נאָך אין ויידנס צייטן, גע־האַנגען עפּעס אַ ליימענער טעלער מיט מענטשעלעך.

— ווי׳ז דער טאַטע! גיי ברענג מיר דעם טאַטן אַהער! און שוין, די אויסע רגע!

*

ווען הערש־לייב איז אָנגעקומען און דערזען זיין זון, האָט ער אַראָפּ־געלאָזט דעם קאָפּ.

— נאָך וואָס ביסטו געקומען? צו וואָס?... רעד נישט... זאָג מיר גאָרנישט... כ׳האָב אַנדערש נישט געקענט... כ׳האָב אַנדערש נישט געטאָרט...

איסער האָט אויף אים אָנגעצילט אַ בליק:

— נישט געטאָרט! נישט געקענט! אָבער וואָס הייסט אַזוינס אַלץ איבערלאָזן אויף הפקר? וואָס, מען האָט דאָס געגזלט, מ׳זאָל דאַרפֿן פֿון דעם אַנטלויפֿן?

דעם טאַטנס שווייגן, דעם טאַטנס אַראָפּגעהאָנגענער קאָפּ האָט אים נאָך מער צערייצט.

— אַ מאָדע געמאַכט זיך צו לויפֿן, אין אַלדע שוואַרצע יאָר! טאָמער וואָס־ווען — איז איין אויסוועג: פּליטה! די אוקראַינטשיקעס אַנטלויפֿן אויך? און די פּוילישע פּאַראָבקעס? מיט ווידלעס טרענען זיי פּאָליציאַנ־טישע בייכער! מיט די בלויזע העק פֿאַרטרייבט מען די שטייער־עקזעקוטאָרן!

הערש־לייב האָט מיט ווייטיק אויסגעהערט.

— כ׳זאָג דען ביסט אומגערעכט?... — האָט ער ענדלעך איבער־געריסן זיין שווייגן — אָבער איך בין דאָך אַ ייד...

איסער האָט הויך און קורץ אַרויסגעלאַכט, זיינע העל־גרויע אויגן האָבן זיך פֿאַרצויגן מיט אַ גרינעם שאָטן, די נאָז־פֿליגל זענען געוואָרן אָנגעשטייפֿט.

הערש־לייב איז שנעל אַדורך פֿאַרביי אים, ווי אַ פֿאַרשולדיקט קינד

פאַרביי זיין פאָטער, באַהאַלטן זיך אין שטוב, אין דער אויסגעלײדיקטער שטוב. זיינע טריט האָבן אָפּגעהילכט אין די ווינקלען, ווי טריט פון אַ היימ־לאָזן אויפן פוסטן טראַקט אונטער אָנגעכמאַרעטע הימלען.

און פּלוצעם האָט אים אָנגעהויבן אויספּעלן אָטעם — די חרובע לעדיקייט האָט זיך פאַרלייגט אַרום זיין האַלדז, ווי אַ פּעטליע, און געוואָרגן, געוואָרגן.

אַזוי גלייך ער איז צוריק אין דרויסן אַרויס, האָט ער מיטן ערשטן בליק דערזען זיין „שוואַרצינקע" צום וואָגן פאַרשפּאַנט.

— די מינוט לאָז מען זי אויסשפּאַנען! די אויסע רגע! — האָט ער זיך אָנגעצונדן, און נישט וואַרטנדיק קיין סעקונדעלע, עס אַליין גענומען טאָן.

יענטל האָט אים אָנגעקוקט, די הענט איבער איר ברייטן בויך פאַרוואָרפן, די פיס מאָנסביליש צעפירט.

— וואָסי, דיין אָפּגעשאָכטענע שקאַפּע איז געקומען צו פליען פון יענער וועלט?

— ניין, די בהמה וועל איך ענק געבן, זי זאָל זיך די זייטן אָפּרייסן... עסט זיך אַליין איינשפּאַנען! און איסער מיט דיר! — אַ גראָבער טונקעלער אָדער איז אָנגעלאָפן אויף זיין שטערן.

איסער איז געזעסן ביים פלויט, די מראה בלאַס פון אויפרעגונג, פון אַנטוישונג.

— מיך רעכנטס נישט אַריין! שפּאַנט ענק... שלעפּטס...

הערש־לייב האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן. שוין האָט ער אים געהאַלטן פאַר די אַקסלען און מיט אים געטרייסלט, אַזש דעם יונגס פּנים האָט זיך פאַר ווייטיק אויסגעקרימט.

— וועסט שלעפּן, האָב איך געזאָגט, וואָרן כ'ממת דיך!

זיין גאַנצער צאָרן, וואָס האָט אים געשטיקט פון ביי נאַכט אָן, האָט ערשט איצט געפּלאַצט. ער האָט געסאָפּעט און געהעשעט, אַ רציחה־שוים איז אַרויס אויף זיינע ליפּן. הענט און פיס האָבן זיך פון זיין קערפּער געריסן, נישט געוואָלט מער וויסן פון קיין צוימען. חיינען האָט אים גע־גלוסט הערן, ווייגען צוליב אים, שרייען פון ווייטיק צוליב אים, רופן נאָך הילף און בעטן — ביי אים זיך אָפּבעטן... און מיט יעדן קלאַפּ איז אים

לייכטער געוואָרן, און אין זיין קעל — לויזער, אַ משא איז פון זיין האַרץ אַראָפּ.

נאָר אומגעריכט האָט איסער זיך אַ צי געטאָן צו דער סטאָדאָלע, ווו ער האָט נאָך פריער געהאַט באַמערקט דעם היי־גאָפּל, און אים אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט.

אַ ווײַלע האָבן פאָטער און זון נישט גערירט זיך פון אָרט. צוויי פּאָר פאַרטרונקענע אויגן האָבן אויסגעפּילט די דיסטאַנץ... און ראַפּטעם, ווי זיי וואָלטן באַנומען אַ דרויסנדיקן באַפעל, האָבן ביידע גלייך אָנגעהויבן גיין איינער אויפן אַנדערן. הערש־לייב האָט צעקנעפּלט זיין כאַלאַט, זיין העמד, פאָרויסגעשטויסן די האָריקע ברוסט.

אויבן, אויפן וואָגן, איז יענטל געשטאַנען מיט אַן אויפגעפּראַלט מויל, די אויגן אויסגעקיילעכט. אַן אַכזריותפולע שטילקייט האָט צוגעדושעט דעם הויף. ס׳איז מער נישט געווען קיין הימל, קיין בוים. מען האָט בלויז געהערט אַ חיהש עטעמען פון צוויי...

מיט אַ מאָל האָט הערש־לייב דערשפּירט דאָס קאַלטע שטאָל. דער באָדן אונטער אים האָט זיך אַ וואַקל געגעבן.

— נו, שטעך אַריין!

די לופט האָט אויפגעציטערט. דאָס אומגעריכטע, לעבעדיקע מענטשן־קול האָט צוריקגעברענגט איסערן צו זיך. און אַ שרעק האָט אים אַרומגעכאַפּט, אים פאַרטראָגן פון הויף אַרויס, איבער די פעלדער אַוועק.

הערש־לייב איז צוגעגאַנגען ביזן פאַרקאַן, פעסטער איינגעצויגן דעם פּאַסיק איבער די הויזן און מיט בייזער הנאה נאָכגעקוקט זיין אַנטלויפנדיקן זון.

— נע... מ׳קען שוין פאָרן...

3

אין דרויסן האָט שוין געוואַרט פאַן היפּאָליט מיט זיין באַנדע. ער האָט קאָמבינירט, אַז דאָס געשעעניש זאָל זיך אָפּשפּילן אין אַ זונטיק, ווען דער פויער איז פריי. „דאָס פאַרטרייבן דעם לעצטן ייד פון דאָרף מוז

דערהויבן ווערן צו אַ נאַציאָנאַלער טאַט, צו אַ סימבאָל פון פוילנס פאָלקס־דערוואַכונג!" — האָט ער זיך געהאַט אויסגעדריקט אין דער וואַרשעווער רעדאַקציע, פאַרלאַנגענדיק אַ ספּעציעלן קאָרעספּאָנדענט. אמת, פאַן היפּאָליט האָט געהאָפט אויף אַן אימפּאָזאַנטער מאַסע פון די שכנותדיקע דערפלעך, אָבער געקומען זענען בסך־הכל אַ דריי צענדליק פויערים און פויערטעס, מערסטנס באָרוועסע, פאַרקאָלטנטע, אין אויסגעוואַקסענע צעלאַטעטע הויזנעס, אין ברודיקע איינגעלאָפּענע ספּודניצעס, פון וועלכע ס׳זענען אַרויסגעשוווּמען איינגעקוואַרטע לייבער, אויסגעפּליאַסקעטע פון דער נויט טייל האָבן געגלייבט, אַז ס׳וועט זיין אַ געלעגנהייט צו ראַבעווען, און געהאַלטן אָנגעגרייט זעק אונטער די אָרעמס. די ווייבער האָבן געפּילדערט ווי אויף אַ יאָרמאַרק; די מענער האָבן גערייכערט וואָלוועלע מאַכאָרקע און פון מאָל צו מאָל מיטגעשיבט מיט אַ פאַרטאַביקט שטיק שפּייעכץ — אַ וואָרט.

היפּאָליטס פאַרטיי־חברה איז געשטאַנען אין אַ זייט פון עולם, צו וועלכן זיי האָבן געפילט אַ פיזישן עקל. דאָס איז געווען אַ טייל פון דער יוגנט, וואָס דאָס אויפגעבלאָזענע פּילסודסקי־פּוילן און די עם־האַרצישע אוניווערסיטעטן האָבן פאַבריצירט סעריעסווייז. זיי האָבן זיך שטאַרק גע־ווילט מיט עפּעס אַ מיאוסן וויץ וועגן אַ יידישער אַקושערין.

פאַן היפּאָליט גופא האָט אַרומשפּאַצירט אויפן שאָסיי מיטן עקסטרע־אַראָפּגעשיקטן זשורנאַליסט, דיסקוטירט:

— פאַר וואָס זאָל מען נישט אונדזער פאַראָרעמטן דאָרפישן עלע־מענט אַריינציען אין האַנדל אויפן יידנס פּלאַץ? אַדרבא, פאַן וואַלטשינסקי, ווייזט מיר אָן די קעגן־אַרגומענטן...

איינער פון די „מענטשן" איז אַנטקעגנגעקומען און געמאָלדן זיין „עלטסטן", אַז די מוזיקאַנטן זענען דאָ.

די מוזיקאַנטן — די פייערלעשער פון דער סביבה — זענען געווען אַ מאַן זעקס, אין זייערע פאַראַדנע מונדירן, מיט די מעשענע קאַסקעס און אויסגעגלאַנצטע שטיוועלעך. ביי איטלעכן איז אַראָפּגעהאָנגען פון לינקן אַקסל אַ בלאָז־אינסטרומענט. היפּאָליט האָט אַלעמען געדריקט די האַנט און מכבד געווען מיט פּאַפּיראָסלעך. זיינע „מענטשן" האָט ער איבערגעגעבן

אַ לעצטע אינסטרוקציע, אָבעראַמאָל דערמאָנט דעם עולם אינעם צוגע־זאָגטן שנאַפּס מיט פאַרבייסעכץ, דאָס וואָס האָט זיי פאַרויס שוין צעהיצט...

און דעמאָלט האָט זיך באַוויזן דער ייד, איינגעשפּאַנט מיט זיין טאָכ־טער צום פורל באַלעבאַטישקייט, די קו אָנגעבונדן צו אַ שטריק ביי ביידע הערנער, און דעם שטריק אַרומגעקנופּט אַרום יידנס קולאַק.

די דורותדיקע שנאה האָט אַ סמאַל געטאָן די פּויערים. די ווייבער זענען פאַרשטומט געבליבן און זייערע מאַטע אויגן זענען אָנגעטריפט געוואָרן מיט אַכזריות, די מאַנסבילן האָבן זיך געגריזשעט די שפּיצן וואָנצעס און פריי געמאַכט זיך די הענט.

— אָ! אָ! — האָט עמעצער אָנגעוויזן די קו.

— ס'אַראַ אייטער!

— אָוואַ... פעט!

— שוין איין מאָל אויסגעפּאַשעט!

און דער חלום זיך אָנצועסן, אַז דער בויך זאָל פּלאַצן, איז אין זיי אויפגעגאַנגען ווי שיכרות.

— וואָלט מיין אַלטע אָפּגעקאָכט אַ מאָלצייט!

— מיט קרויט... מיט אַ סך קרויט...

— און מיט קאַרטאָפל...

— און די קישקעס, ווייסטו, מיט וואָס כ'וואָלט אָנגעשטאָפּט?

— מיין באַבע טענהט, אַז ס'איז נישטאָ קיין בעסערס פון ווידל...

— פּשאַקרעוו!... אוך!...

הייסע רויטע צינגער האָבן אָפּגעקלעפּט דעם גאַוועך פון גראָע ליפּן און הויך פּאָסמאַקעוועט. אַ דערקוויקנדיקע הייטערקייט האָט אַלעמען באַהערשט. ווי יאַגדהינט פאַרן ערשטן שאָס, איז זיי באַפאַלן אַן אומגע־דולד: „באָלעראַ! וואָס שטייט מען אַזוי לעמישקעוואַטע?...“ —

דאָ איז פאַן היפּאָליט אַריין צווישן זיי.

— כלאָפּצי!

שפּירנדיק פון קינדוויז אָן אַ פאַראַכטונג צו דער מאַסע, איבער־צייגט, אַז זייער עקזיסטענץ־באַרעכטיקונג ליגט בלויז אין באַדינען די עליטע — פלעגט ער צו זיי תמיד רעדן נאָר וועגן פּרעס.

— כלאָפּצי...

ער האָט פאַר זיי אויסגעמאָלן די מיטאָגסער מיט פלייש יעדן טאָג, דאָס פלייש, וואָס וועט ווערן צוריק אָפּגענומען ביי די יידן — גאָטס פאַר־פייניקער; ציבעלעך געפּרעגלט אויף פרישינק חזיר־פעטס; יונגע רע־טעכלעך מיט סמעטענע, וועלכע מ׳וועט מער נישט דאַרפן פאַרקויפן דעם ייד; און ברויט — ברויט צעזעצט צו ווערן! און קאַרטאָפּל מיט סאַלע, דאָס וווּנדערבאַרע מאַכל קאַרטאָפּל... און אַ פלאַש בראָנפן וועט קאָסטן אַזוי פיל ווי אַ הייפּטעלע קרויט... ווער איז שולדיק אין אייער נויט? ווער מאַכט אָן דאָס יקרות אין לאַנד? אָט איז דער שולדיקער אין דעם אַלעם!...

די פּויערים האָבן געקוקט אים אין מויל אַריין, גלייך אַ כישוף וואָלט זיך דאָרט אָפּגעטאָן. און דאָס, וואָס איז פון דאָרט נישט אַרויס, וואָס די האָבן אַזוי געלעכצט צו דערהערן — האָבן זיי אין זיך אַליין דערגאַנצט — און געבליבן פאַרגאַפּט: זאָל דאָס מעגלעך זיין, אַז די גאַנצע נויט, די פינצ־טערע, נאַסע כאַלופּעס, דאָס האַרעווען ווי אַן אָקס פון זון־אויפגיין, ביז זון־פאַרלעש, די הויט־שינדנדיקע שטייערן, די אַלע חולאתן, וואָס דישען אויס זייערע קינדער אין די וויקעלעך — אַז דאָס אַלץ זאָל פאַרשווינדן? און ווען ס׳וועט רעגענען וועט מען טראָגן שטיוול — שטיוול פון לעדער גע־מאַכט! און די באָבע וועט מער נישט קאַרגן אַריינצושיטן אַ ביסל זאַלץ אין טאָפּ אַריין! און ווינטער וועט מען שוין נישט גיין שלאָפן מיט די הינער צוגלייך — אַ ליכטיק פייער וועט פלאַקערן אין דער הרובע, און אַ לאָמפּ וועט באַלייכטן...

הערש־לייב איז צעטומלט געוואָרן. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט כלומרשט אָפּכאַפּן אָטעם און דערווייל דורכגעזיפּט די פאַרזאַמלטע מיט אַ ווינקל אויג, געזוכט אַ באַקאַנטן פאַר אַן עת־צרה. צי ס׳איז געווען? — אַוודאי איז געווען! וועלכער פאַראָבעק האָט נישט געקענט אָדער כאָטשבי אין מאָל נישט באַגעגנט דעם ייד לעיבאַ? דעריבער טאַקע איז הערש־לייבן אומהיימ־לעך געוואָרן. וואָלטן זיך געיאָוועט בלויז פרעמדע, ווילד־פרעמדע, וואָלט ער געוווּסט: מ׳דאַרף זיך ריכטן אויפן ערגסטן. אָבער מיט אייגענע — ווייסט מען דען אַ מאָל אין דער וועלט, ווו מ׳האַלט מיט אייגענע?... ער האָט זיך געכאַפּט, אַז ער שטייט שוין צו לאַנג. און דאָס קען אויסגעטייטשט

ווערן פאַר פּחדנות. אָנשטרענגענדיק אַלע כּוחות, האָט ער גענומען שלעפּן דעם וואָגן, נישט געפּילט די שטריק זיך איינבייסן אין זיינע אַקסלען, גע־וואָלט וואָס גיכער האָבן ס׳דערפּל הינטער זיך.

די פּויערים האָבן זיך פּלוצטאַלבן אויפגעכאַפּט פון פאַרגאַפּסטקייט און אַ שליידער זיך געטאָן צום וואָגן. שוין האָבן הענט געהויבן דעם קויש, ווו די קוואָקע איז געזעסן. די אויסגעוואַרעמטע אייער האָבן אויפגעצאַפּלט, אַ שפּרונג געגעבן איבער קעפּ און גענומען פאַלן, אָנשטויסנדיק איינס דאָס אַנדערע און צעגיסנדיק אויף רויטע פּנימער זייערע קאַליעדיקע געלעכ־לעך. די הון האָט מיטן שנאָבל זיך געוועהרט, געפּאַטשט מיט די פליגל, נאָר מען האָט זי פעסט געהאַלטן — פאַרן קאָפּ, ביים גאָרגל, פאַר די פיס, פאַרן עק. יעדער האָט זי געצויגן צו זיך, מיט די נעגל זיך איינגעביסן — צו זיין זיכערער. א יונגער האַלצהעקער, אַ פּיפּיק פאַרשווינדל, האָט אַרויסגעצויגן זיין פיניש מעסער פון אַ שטיוול־כאַליעווע און באַפּוילן אָפּצולאָזן, וואָרן ער שינדט די הויט פון די פינגער. האָט מען אָפּגעלאָזט. ער האָט די קוואָקע איינגעקלעמט צווישן זיינע קני, איר דעם קאָפּ אָפּגעשניטן — און אַ וואָרף אין דער הויך, דאָס נעמלעכע האָט ער געמאַכט מיטן העלדזל, מיט די פיסלעך, פולקעס, מיט די פליגל. די רעשט האָט ער קונציק אַריינגעשיבט צו זיך הינטערן העמד און מיר נישט — דיר נישט אויסגערונען. אַלע האָבן געליאַרעמט, געקראָכן איינער אין צווייטן אַריין, זיך געשאָלטן, מיט די פויסטן זיך פאַרפאָרן אין די ציין אַריין: „די הון! די הון ווו איז?" אַ פּויערטע האָט דורכגעהאַקט אַ לאָך אין אַ זאַק און אָנגעשטאָפּט זיך דעם איינגעדאַרטן בוזעם מיט קאַרטאָפּל. פון אַלע זייטן האָט מען זיך געדראַפּעט אויפן וואָגן, און הענט — הענט ברייטביינעקע, מיט דלאָניעס ווי די ברעט־טער, מיט אויפגעלאָפענע אָדערן — האָבן זיך געהויבן און גענידערט, געפּליקט און געהאַקט, איבערגעקערט און געבראָכן, דאָס, וואָס איז צו שווער געווען צו נעמען מיט גוטן. ס׳האָט גערעגנט מיט ציבעלעס און מיט אָפּגעלעגענע עפּל, מיט הויפנס קאָרן־מעל. אַ בענקל איז געפלויגן באַנאַנד מיט אַ טעלער. אַ שיקסע איז געלאָפן אַהיים מיט אַ קישן אונטערן אָרעם און מיט אַן אייזערנעם סאַגאַן. בלויז די קו איז געוואָרן געשאַנעוועט, ווי מ׳וואָלט געוועזן זיך אָפּגערעדט. די קו האָט מען געוואָלט נעמען אַ לעּ־

בעדיקע, גאַנצערהייט, כדי יעדער זאָל קריגן אַ יושרדיקן טייל, לויט די צאָל מיילער אין שטוב.

ווען הערש־לייב האָט באַגריפן, אַז דאָס אינציקע וואָס קען נאָך ווערן אָפּגעראַטעוועט, איז די בהמה — איז שוין געווען צו שפּעט: אַ וואַנט פון די פויערים האָט פאַרשלאָסן זיין מעגלעכן ריקצוג. הערש־לייב איז אַ רגע ווי צעחושט געשטאַנען און פּלוצעם ראַשיק אַ צי געטאָן די שטריק, צו וועלכער די בהמה איז געווען צוגעבונדן.

דעם פּאַן היפּאָליט האָט די מעשה שטאַרק נישט געשמעקט: ערשטנס, האָט ער זיך געשעמט פאַרן חשובן פּרעסע־פאָרשטייער צוליבן כוליגאַנישן כאַראַקטער פון דער פייערונג; צווייטנס, האָט ער נישט געוואָלט אַרויסרופן אַן עפנטלעכן סקאַנדאַל, וועלכן די קעגנער וועלן באַשטימט זוכן פונאַנדער־צובלאָזן גראָד אַצינד, ערב די סיים־וואַלן, ווען „דאָס יונגע פּוילן" האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור.

— כלאָפּצי! כלאָפּצי! מיר פייערן היינט אַ סימבאָל... אַ סימבאָל...

דער טומל איז געשטיגן, פאַרגאָסן זיין פריציש־געפּלעגט שטימעלע, מיטגעשוואָנקט דעם געקלאַנג פון די קלויסטער־גלאָקן און פאַרפּלייצט די פעלדער פון ביידע זייטן שאָסיי, ווי ראַפּטעם אויפגעפּראַלטע שלוזן.

די קו האָט אימהדיק געגרעוועט. צענדליקער הענט האָבן זי גע־שלעפּט פאַרן וויידל, אויף צוריק, געקניפּט אין די ציצן אַריין, זיך פאַר־וויקלט אַרום אירע הינטערשטע פיס. אָבער פאָרנט איז געווען אַ שטריק — די שטריק, וואָס איר באַלעבאָס האָט געהאַלטן, און דאָס האָט זי באַרויִקט: מיטן באַלעבאָס איז זי אומעטום זיכער! און מיט גרויס מאַטערניש איז איר דאָך געלונגען זיך פאָרויס באַוועגן, דורכלעכערנדיק זיך אַ וועג מיט די הערנער, נאָכשלעפּנדיק נאָך די הינטערשטע פיס אַ מענגע מענטשן. אַ שווייס האָט באַדעקט איר פעל, די זייטן האָבן זיך איר אָנגעבלאָזן און אויפ־געלאָזט ביי איטלעכן שפּאַן און אַ מוראדיק מרוטשען איז דערביי אַרויס. מיט אַ מאָל איז דורך איר לייב אַ שוידערלעכער וויטיק, ווי עפּעס פרעמדס וואָלט אין אירע אינגעווייִדן אַריין. אירע אויגוויסלען זענען פאַרלאָפן מיט בלוט, זי האָט מער נישט געזען איר באַלעבאָס. אויס שטריק, אויס געפּענ־טעטע פיס, אויס יסורים. אַ שוידערלעכע פרייד איז איר באַפאַלן, די פרייד

פון אירע ווילדע סטעפּ־אָבות, אַ טייוולאָנישער פֿאַרלאַנג צו לאָזן אין שפּיל די שאַרפֿע הערנער, די מעכטיקייט פון אירע זעקס הונדערט קילאָ...

אַלץ וואָס אירע טלאָען האָבן אָנגעטראָפן, האָבן זיי צעברעקלט, צע־ריבן; מיט די הערנער האָט זי פלאַכן ערד אויפגעריסן און זיי געשליידערט אין דער לופטן; מיט די אויפגערייפטע זייטן געזעצט אינעם צערויבטן פורל — פון אַלעמען פֿאַרלאָזט אויפן מיטן וועג — אָפּגעשפּרונגען, זיך פֿאַרפלאָנטערט אין אַ פענק שטריק און אומגעפאַלן, און ווידער מיט באַ־נייטן אימפּעט אַרויף, טראַסקענדיק מיט קאָפּ, מיטן נאַקן, דורכבייסנדיק שטיקער האָלץ. זי האָט געקרייזט אַרום זיך אַליין, נישט ווייסנדיק ווו פריער צו לויפן, וואָס פריער אָנצוכאַפּן. אונטער איר איז דער באָדן פֿאַרפלעקט געוואָרן מיט טונקל־רויטע פליאַמעס... און אַלץ האָט פלוצעם אָנגעהויבן זיך צו לעשן: די בלויקייט פון הימל, דאָס גרינע פון די לאָנקעס. די זון איז אַראָפּגעפאַלן אויף דר׳ערד און זיך פֿאַרוואַנדלט אין געשליפן שטאָל. פון אַלע עקן אַרום איר האָבן אויפגעבליאַסקעט קאָסעס, היי־גאָפּלען, העק...

# דאָס אַנטלויפן פון אליעזר שעמניצער

1

זיבן טעג און זיבן נעכט האָט אליעזר שעמניצער געלעבט אונטער די חורבות פון דער צעשאָסענער מיל, זיך גענערט מיט פאַרשימלטע קערנער, צונויפגעגראַבלטע אין שפּאַרעס, און פאַרטרונקען מיט גאַרשטשעס וואַסער פון טייכל. זינט דער באָמבאַרדירונג פון 1916 האָבן דאָ געבאַלעבאַ־טעוועט די מייז. זיי זענען געשפּרונגען איבער די איינגעפאַלענע גאַרנס, זיך געדראַפּעט אויף די פאַרסמאַליעטע קראָקוועס, ווענט און שטענדיק צוליב עפּעס זיך אַרומגעביסן. זיי האָבן אָנגעמאַכט אַזאַ טאַראַראַם, אַרויס־געלאָזט אַזעלכע פּלוצטאַלבנדיקע קולות, אַז דער פינף און צוואַנציק יאָ־ריקער בחור פלעגט גערונצלט ווערן פאַר מורא. דאָס לאָך, וואָס ער האָט באַוווינט — אַ טייל פון אַ צעקוועטשטן קעלער — איז פול געווען מיט פּאַראַזיטיש פליעכץ, מיט פלעדערמייז, וואָס זענען דאָ אַ גאַנצן טאָג גע־שלאָפן איינגענעגלט אין ווינקעלעך. אויף די פּרוכנע בעלקעס, וואָס האָבן ממש מיט ניסים אונטערגעהאַלטן אַ שטיק סופיט, זענען אַרומגעקראָכן פעטע שוואַרצע שפּינען און צעהאָנגען זייערע רויב־נעצן. די פּאָדלאָגע איז באַדעקט געווען מיט אַ שליימיקער שיכט געמויזעכץ פון פוילנדיקע זעק קאַרטאָפל און מעלן; מענגעס ווייסלעכע און גרינלעכע שלאַנגען האָבן דערין געראָיעט. אליעזר האָט נישט צוגעטאָן קיין אויג און געלויערט אויף די מייז, מיט זיין לאַנגן סענקאַטן דראָנג געשלאָגן זיי איבער די בייכער, אין די קעפּ אַריין, אָבער זיי האָבן זיך געיאַוועט פון אַלע שפּאַרעס אַפּער, פון אַלע לעכער אַרויס, ווי זיי וואָלטן געקומען נקמה נעמען פאַר זייערע געפאַלענע ברידער און שוועסטער. און ווי נאָר די נאַכט האָט אַראָפּגע־

נידערט, פלעגט דער מענטש אַנטלויפן אין פעלד הינטער אַ קוסט, כדי צוריקצולויפן אויפן ערשטן טאָג־ווונק. אויך האָט דער מענטש געהאַט אָנגעגרייט אַ ראַזיר־מעסער, פאַרן פאַל ווען זיין באַהעלטעניש זאָל אַנטדעקט ווערן דורך די פּעטליוראָווצעס, כדי נישט אַריינצופאַלן אין זייערע לאַפּעס לעבעדיקערהייט. ער האָט בלויז וועגן זיך געטראַכט, פון זיין יונג לעבן; אַלדאָס איבעריקע — זיין פאַמיליע, די צענדליקער יידישע משפחות אין שטעטל, דאָס שוידערלעכע געיאָמער, וואָס האָט געגרייכט צו זיינע אויערן, דער ריח פון סאַזשע, פון סמאַל — האָט עקזיסטירט, אויף וויפל דאָס האָט אים דערמאָנט אין יסורים, אין טויט...

אויפן אַכטן טאָג האָט ער פאַרלאָזט זיין באַהעלטעניש. דאָס שטעטל, מיטן אויסנאַם פון צוויי־דריי געמויערטע הייזער, איז געווען איין באַרג אַש, עטלעכע לעבעדיקע שאָטנס זענען געקראָכן צווישן די חורבות און אָפּערגעשלעפּט מתים. שטשורעס זענען דאָ און דאָרט אויפגעשפּרונגען. אויסגעביינערטע הינט האָבן עפּעס הויך געגריזשעט... און אויבן איז דער הימל געווען געטלעך בלוי.

פאַר נאַכט האָט אליעזר אָפּגעפונען ביידע קערפּערס פון טאַטע־מאַמע, איטלעכן באַזונדער איינגעהילט אין שמאַטעס און אויף די פּלייצעס אַריבערגעפירט אין בית־עולם אַריין. דערנאָך איז ער אַוועקגעפאַלן אויף אַ בעט, וואָס האָט זיך געוואַלגערט אין מיטן גאַס. שרעקלעכע קאָשמאַרן האָבן אים געפייניקט: איבערן מאַרק הענגט די פולע לבנה אויסגעשמירט אין בלוט. אָפּגעשונדענע הייזקעס מיט אָפּגעהאַקטע קעפּ שטופּן זיך אַרום ענגגן מאַרק־פּלאַץ, שטופּן זיך צום גרינעם פּלומפּ, און פון יעדן הייזל שאַרן זיך אַרויס צעקאַליעטשעטע גלידער איינער הינטערן אַנדערן, אַ ריי נאָך אַ ריי, גלידער פון יונג און פון אַלט, שאַרן זיך צום גרינעם פּלומפּ צו אָפּצושווענקען דאָס בלוט... פון שולגעסל וויעט אָן אַ לאַנגער צעפלאָשעטער טלית מיט אַ זילבערנער עטרה און לויפט דורך דעם מאַרק מיט אַ „שמע ישראל”. שיכורע הוועיות יאָגן אים נאָך, אַ הירזשען פון פערד, אַ געקלומפּער פון שפּאָרן... אין דעם שטעלט זיך אַנידער ביי זיין געלעגער זאַכאַריאַש, דעם ווינקל־אַדװאָקאַטס בן־יחיד זאַכאַריאַש; נאַקעט, אויפן אָרט פון געשלעכט איז אויסגעשניטן אַ צלם. אליעזר נעמט לויפן, זיין פוס זינקט אין אַש, אין

צעריבענע געפעסן, אַ רויטע אויסגעפליקטע באָרד וואַקסט פלוצעם אויס אַנטקעגן אים און לאַכט: „לויף, לויף... דעריאָג די לבנה...“

אליעזר האָט אַרויסגעלאָזט אַ געשריי און איז אויפגעקומען. ס'האָט געטאָגט. פאַר אים איז געשטאַנען צאַלע קברן און אים געוועקט.

— קימטס קדיש זאָגן!

אין דעם זעלבן טאָג איז ער איינגעזעסן אין צוג קיין דייטשלאַנד. אַן אומגעהייערע פוסטקייט איז געווען אין אים און אַרום אים. ערשט נאָך אַ מעת־לעת פאָרן איז ער געקומען צו זיך. איין איינציקער געדאַנק האָט אים אָפּגעוואַרט: אַנטלויפן! אַנטלויפן פון זיך אַליין, פון דעם נעכטן, און ענדלעך אָנהייבן לעבן אַ פול לעבן, אַ פאַרגאַנצט לעבן, אָן דער אייביקער יידישער שרעק.

פאַר וואָס האָט ער דווקא אויסגעקליבן פראַנקפורט, אויב ס'איז דערביי נישט געווען די כוונה זיך אָנצושפאַרן אין דעם פעטער, וואָס וווינט דאָרט? איז אים דווקא די דאָזיקע שטאָט פאָרגעקומען נענטער, היימישער, ווי וועלכע אַנדערע שטאָט אין דייטשלאַנד? יעדן פאַלס, אַראָפּשטייגנדיק פון צוג, האָט ער זיך באַמיט צו קלערן וועגן טויזנט קלייניקייטן, אַבי נישט פון פעטער.

נאָכן אויסזוכן זיך אַ ביליקע קוואַרטיר, ווייט פון יידישן פערטל, האָט ער גענומען אַרומקוקן זיך וועגן אַ פּאָסטן. גאַנץ פרי פלעגט ער זיך אַוועקלאָזן איבער די גאַסן, נישט געמיטן קיין איין לאַבאָראַטאָריע, קיין איין אַפּטייק, און אין זיין אָרעמען, אָבער קאָרעקטן שול־דייטש פאַרפירט שמועסן, געוויזן זיין דיפּלאָם פון דריטן יאָר פאַרמאַציע, געבעטן אַדרעסן, טייל מאָל אויך אַ רעקאָמענדאַציע. ער האָט גערעדט מיט אַ דרייסט קול, ער איז נישט געקומען בעטלען, אויך נישט מאָנען, נייערט נעמען זיינע רעכטן — אַלע רעכטן צו לעבן! און די פערספּעקטיוו פון הונגערן, פון נעכטיקן אונטערן הימל, האָט אים להלוטין נישט געקימערט, נאָר צוגעגעבן מוט, געשטאַרקט. נאָך העכער אַ וואָך נישטערן איבער דער שטאָט האָט ער דערגרייכט זיין ציל ביים פעלדשער און פאַרמאַצעטיקער געאָרג עלבינג.

דער באַלעבאָס האָט פּאַמעלעך און פייערלעך גענומען דעם דיפּ־

לאָם, אויף דער געהעריקער דיסטאַנץ פון זיינע וויטיזיכטיקע אויגן אָנגע־שטעלט, און אַ שטיקל צייט דאָס איינשטודירט. ער איז געווען פון גענוג הויכן וווקס, זאָרגפעלטיק באַפליישט, דער וואָגיקער שאַרבן און דאָס גרויסע פּנים — נאַקעט ווי אַ קני, מיט זייער שיטערע ברעמען — אַ געמיש פון בלאָנד מיט ווייס. די בלויע אויגן פאַרשאָטנטע און קאַלטע. נאָז און ליפּן — פון אַ ריינער צייכענונג, אָבער שווערע, אָנגעכמורעטע. די ברייטע לענגלעכע גאָמבע האָט פאַרמאָגט אַ טיף חן־גריבעלע, וואָס האָט צוגעגעבן וואַרעמקייט דעם גאַנצן פירקאַנטיק געשניצטן קאָפּ. ס׳האָט פון אים גע־שמעקט מיט אָדעקאָלאָן און ציגאַר.

— ווי ? — האָט ער ענדלעך געלאָזט הערן פון פּאַפּיר אַרויס אַ טרוקן קול, ווי אַ פּאָליציי־אַגענט בעת אַן אָבלאַווע, אַ כמעט פיינטלעך קול — ווי ?...

— ערווין שעמניצער. — האָט אליעזר אונטערגעכאַפּט לייכט רויטווערנדיק — שטודירט אין וואַרשע... מיינע עלטערן שטאַמען פון די ערשטע דייטשע קאָלאָנען אין לאָדזש...

— אַך, זאָ ! — ער האָט אַראָפּגענומען די גאָלדענע פּענסנע, לאַנג און רויִק באַטראַכט דעם פרעמדן יונגנמאַן, וועמענס דייטשע אָפּשטאַמונג איז אים אויסגעקומען אומקלאָר, אויב נישט פאַרדעכטיקט.

— קיין אַנדערע דאָקומענטן ?

— ניין. קריג... שריפות...

— אַך, זאָ ! — ער האָט צוריק אָנגעטאָן די גאָלדענע פּענסנע. דער דאָזיקער בחור מיט די צעשראָקענע אויגן, מיטן נערוועזן מאָגערן געזיכט, מיט דער אָנגעזאַפּטער אַלטקייט אין גאַנצן קערפּער, האָט פּלוצעם אין אים דערוועקט אַ מיטלייד:

— פיל דורכגעלעבט ? איך — אויך ! פיר זין דעם קייזער צוגע־שטעלט, דריי אין פראַנקרייך געפאַלן, איינער ליגט בלינד אין שפּיטאָל, צוויי און צוואַנציק יאָר אַלט... יאָ ! יאָ !... אָבער אַלץ וועט ווערן, מוז ווערן, אָפּגעצאָלט ! ביז צום לעצטן פעניג ! יאָ !... — ער האָט דאָס אַלץ געזאָגט נישט העכערנדיק זיין מאָנאָטאָנע קאַלטע שטימע און געקוקט איבערן

יונגנמאַנס קאָפּ אַריבער, ערגעץ ווייט־ווייט, ווי ער וואָלט די צוקונפט באַשווירן.

— אַלזאָ, וואָס ווילט איר פאַרדינען? — און אָנגעהויבן אויסרעכענען אויף די פינגער: עסן, שלאָפן, וועש וואַשן, פלוס צען מאַרק אין טאָש.

— מאָנאַטלעך?

— באַשטימט! שלעכטע צייטן... גוטע געשעפטן מאַכט היינט בלויז דער שוואַרץ־אַרבעטער. יאָ, יאָ. און וואָס דאָס קאָסט אָפּ דער מלוכה־קאַסע! די דאָזיקע רעפּובליק פירט אונדז צו באַנקראָט, קלאָר.

געאָרג עלבינגס קאַרגשאַפט האָט געשמט אין דער געגנט. ער פלעגט פריער נישט גיין צו אַ קראַנקן איידער מ'איז נישט דורכגעקומען מיטן פּרייז. קיין מאָל האָט ער נישט פון זיין אָנגערופענער ציפער אַראָפּגעלאָזט אַזוי די גרויס. נאָר מ'פלעגט אים מוחל זיין, וואָרעם וואָס שייך געהאַקטע באַנקעס, מאַכן אַן איינשפריצונג, און איבערהויפּט אויסהיילן הינערואויגן, אַ קאַטאַר — איז נישט געווען זיינס גלייכן. אַפילו אָפּנעמען אַ קינד האָט מען אים גערופן — אַזעלכע געשיקטע הענט!

די סומע פון צען מאַרק איז פּאַקטיש געווען לעכערלעך — דער לוין פון אַ לערנייִנגל.

עלבינג האָט אָפּדערלאַנגט דעם דיפּלאָם און געפרעגט מיט אַזאַ טאָן, גלייך דער גאַנצער ענין וואָלט אים שוין נישט אינטערעסירט:

— איז הייסט עס?

ערווין האָט אין געדאַנק געציילט זיין קאַפּיטאַל, באַרעכנט אויף ווי לאַנג ס'וועט אים קלעקן צו לעבן, ווידער זיך געזען וואַגלען איבער דער שטאָט און צום סוף דאָס גרויזאַמסטע — דאָס אומפאַרמיידלעכע אָנקומען צום פעטער.

— יאָ! — איז אַראָפּגעפאַלן פון זיינע ליפּן.

דאַן האָט עלבינג אַרויפגעלייגט אַ שווערע ווייכע האַנט אויפן יונגנמאַנס אַקסל, געזאָגט מאָנאָטאָן און קאַלט:

— דו האַנדלסט קלוג. באַמי זיך צו געווינען מיין צוטרוי און דו וועסט זיך פילן אין מיין הויז, ווי אַן אייגן קינד.

דערויף איז ער צוגעגאַנגען צום שמאָלן געדרייטן גאָרן אין הינטער־געוועלב.

— אירמגאַרד!

אין אַ ווײַלע אַרום איז דערשינען אַ יונג מיידל — בלאָנד, צאַרט, בלוי־אויגיק.

— פּאַפּאַ?

— דאָ איז הער ערווין שעמניצער, ס׳שטימט?... אונדזער נייער אָנגעשטעלטער. פיר אים אַרויף אין הערמאַנס צימער אַרײַן, דאָרט וועט ער וווינען.

*

עלבינג האָט געוווינט אין אַ פירשטאָקיקער געביידע פון פאַר־ברענטער ציגל־פאַרב, פירקאַנטיק ווי אַ קאַסטן, דער דאַך צוגעפּלעטשט, און פול מיט אַ העסלעכער קאַזאַרמע־סימעטריע. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די זון שפרייזט איבער איר אַריבער, מיאוסט זיך זי אָנצורירן און תמיד, אין די זומער־טעג, איז פאַרשפּרייט געוועזן איר צופוסנס אַ ברייטער קאַנטיקער שאָטן, ווי אַ הענגבריק, וועלכע פלעגט זיך אויפהייבן מיטן אָנקום פון נאַכט. דאָס איינציקע פריילעכע אין דער געביידע איז געקומען פון די פעלד־גרינע און קאַלינע־רויטע באָקאַלן, וואָס האָבן אַרויסגעשטיפּט פון אַפּ־טייקערס צוויי וויטרינעס.

די דירה איז באַשטאַנען פון זעקס צימערן — הויכע, ברייטע, באַ־לאַגערטע מיט שווערע שטיקער אַלטפרענקישן מעבל, פון וועלכע ס׳האָט געװיאָגט אַ קעלט, ווי פון באַלעבאָס שטימע. די ווענט, די סטעליעס, זינט פערציק יאָר נישט אויפגעפרישט, האָבן אײַנגעשלונגען די דרויסנדיקע ליכט און צוריק אַרויסגעשפּיגן אַ גרינלעכע גרויקייט. ס׳האָט דאָ גע־פויזט אַ ריח און אַ שטילקייט, ווי אין נישט באַוווינטע שטיבן.

צו דער סעקונדע, אַ פערטל אויף אַכט, איז דאָס געשעפט שוין געווען געשלאָסן, דער שמאָלער גאָרן צום אַפּאַרטאַמענט האָט שוין געהאַט אָפּגעסקריפּעט אונטער דעם באַלעבאָס שווערן געלאַסענעם גאַנג, דער שנײַ־ווייסער כאַלאַט האָט שוין גערוט אויף אַ הענג־שטעקעלע אין דער וואָכע־

דיִקער מלבושים־שאַנק און אין דער געשניצטער עבענער פאַטערשטול מיט די צוויי לייבנקעפּ־אָנלענען האָט שוין געטראָגט ער אַליין, אָנגעטאָן אין אַ שוואַרצן סמאָקינג, אַן אויסגעגלאַנצטער אין די קלאַפּעס און ביי די עלנבויגנס. רעכטס צו אים איז געזעסן אירמגאַרד אין אַ טונקל גראַנאַט נאָכמיטאָג־קלייד מיט אַ ווייס בעבע־קעלנערל און ווייסע מאַנקעטלעך — אַן אָנדענק פון איר שול־אַרבעט, די האָניק־בלאָנדע צעפּ איבערן נאַקן צע־טיילט, מיט צוויי ראָזע שלייפעלעך, ווי אַ פּאָר זומער־פייגעלעך, אין די עקן אַריינגעפלאָכטן. אויף דער לינקער זייט פאַטערשטול איז געווען דאָס אָרט פאַרן אָנגעשטעלטן.

דאָס עסן איז צוגעגאַנגען פייערלעך שטיל. קיינער האָט נישט אָנ־גערירט דעם לעפל פאַרן באַלעבאָס און אויך נישט צוריקגעלייגט אים פריער. נאָך יעדער שפּייז האָט געאָרג עלבינג מיט אַ פּאַפּירענער סער־וועטקע זיך אָפּגעווישט דעם שטערן מיט די ליפּן, אַרויסגענומען אַ פּאַר־פרעסט נאָזטיכל, פּאַמעלעך עס אויפגעלייגט און אויסגעשנייצט די נאָז מיט אַ טרוקענעם פּייף. דאַן האָט אירמגאַרד זיך דערלויבט אַ דריק געבן ס׳עלעקטרישע קנעפּל פּאַזע דעם בראָנדזענעם זשיראַנדאָל איבערן טיש. דורך דער צייט, וואָס עלבינג האָט צוריק אַריינגעלייגט זיין נאָזטיכל, האָט מען דערווייל אָנגעקלאַפּט אין טיר. האָט די טאָכטער געזאָגט „אַריין!“, איז אַריינגעקומען אַן עלטערע פרוי מיט אַ קיך־הויב, געבראַנגט אַ וויטערע שפּייז, זיך פאַרנייגט און אַרויס.

אויף אליעזר־ערווינס ליפּן פלעגט אַרומוואַנדערן אַ קוים־מערקבאַר שמייכעלע. ס׳האָט אים כסדר געקיצלט אַרויסצובאַצן אין אַ געלעכטער. אָפט פלעגט ער גנבנען אַ בליק צו אירמגאַרדן, אָבער מאָמענטאַל פלעגט זי אים אָפּפילן, ווערן אומגעשיקט אין אירע באַוועגונגען און זיך פאַר־רויטלען ביז איבער די אויערן. טייל מאָל האָט דער באַלעבאָס אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון טעלער אַרויס, אַ קוק געטאָן לינקס, אַ קוק געטאָן רעכטס און צוריק זיך פאַרנומען מיטן עסן. דאָס איז געווען זייער איינציקער — זאָל זיין אַ שטומער — אָבער פאָרט אַ געדאַנקען־אויסטויש.

ווען דער שטייזייגער האָט אַרויסגעשלאָגן אַכט, איז אַלץ געווען געענדיקט. דער ערשטער איז אויפגעשטאַנען ער אַליין, אַרויסגעבראַנגט אַ

„דאַנקע שיין" צו קיינעם נישט געווענדט און אַריין אין ביבליאָטעק־צימער רייכערן אַ ציגאַר. דער צווייטער האָט זיך אונטערגעהויבן דער אַנגעשטעלטער, געזאָגט אַ „דאַנקע שיין" שוין יאָ ערגעץ געווענדט — צום באַלעבאָס טאָכטער — און אַוועק צו זיך אין צימער. די לעצטע איז אויפֿגעשטאַנען אירמגאַרד, אַ ביסל צעפּלאָמט, אַ לאָז געטאָן דעם בליק צו דער ביבליאָטעק־טיר, נאָך באַוויזן כאַפּן אַ קוק אויף ערווינס פּלייצע און צוגעזעצט זיך אויף דער סאָפע עפּעס שטריקן אָדער פֿאַרריכטן.

געגנוי צען דעם זייגער איז די עלעקטריע געוואָרן אָפּגעשניטן. די שטוב האָט פֿאַרמאַכט די אויגן און געוואַרט אויפֿן שלאָף, וואָס איז באַלד אָנגעקומען מיט רויִקע, פּשוטע חלומות פֿאַר איטלעכן באַזונדער.

צו מאָרגנס, האַלב אַכט אין דער פֿרי, האָבן זיך געזעצט פֿרישטיקן בלויז די מענער, ביידע פֿריש אויסגעראַזירט און באַשמעקט מיט אָדע־קאָלאָן. דעם באַלעבאָס עסן איז באַשטאַנען פֿון אַ גרויסן קופּעל ביר, וואָס ער האָט געזופּט מיט לענגערע פּויזעס בעת ער האָט געלייענט דאָס פֿרי־מאָרגן־בלאַט. פֿאַרן אָנגעשטעלטן איז געווען גרייט אַ גלאָז ווייסלעכע קאַווע, אַ האַלב קלעצעלע צוקער מיט פֿיר האַלבע פֿענצלעך ברויט מיט מאַרמע־לאַדע. לויט דער שוואַכער וואַרעמקייט פֿון דער קאַווע, דעם שיטער־באַשמירטן ברויט און דעם פּינקטלעך אָפּגעהאַקטן קאָסטקעלע, האָט ערווין דערקענט דעם אַלטנס קאַרגע האַנט, וואָרעם די דינסט איז געשלאָפֿן ביי זיך אין דער היים און אירמגאַרד איז ערשט אויפֿגעשטאַנען נאָך זייער אַראָפּ־גייען אין געשעפֿט אַריין.

אין אַפּטייק האָט ערווין דערלײדיקט די קונדן, אויסגעפֿירט די ספּעציעלע פּרעפּאַראַטן. געאָרג עלבינג פֿלעגט זיצן ביי דער קאַסע ווי אַ מומיע, די אָרעמס אויף דער ברוסט פֿאַרלייגט, די גאָלדענע פֿענסנע צווישן די פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט און קוקן צו דער טיר־צו מיט אַ פֿאַר־טראַכטן איינזאַמען בליק, אַ בליק פֿון אַ מענטש, וואָס ליידט אין געהיים. „יאָ, יאָ..." פֿלעגט זיך פֿון מאָל צו מאָל פֿון אים אַרויסרייסן. נאָר ווען אַ קונה האָט די טיר אויפֿגעמאַכט, איז ער צוריק געוואָרן דער שטאָלצער, העפֿלעך־קאַלטער געאָרג עלבינג. מיט אַן עלטערן קליענט פֿלעגט ער זיך פֿאַרגינען אויף אַ גלייכווערטל, אויסהערן אַ פּליאָטקע וועגן אַ פֿאַך־קאָלעגע,

אַריינשמעלצן אַ פּאָליטישע פראַזע — אָ, גאָט באַהיט! אַ דיסקוסיע פאַר־פירן — דאָס קיין מאָל נישט! צו וואָס פאַרשאַפן זיך בייז בלוט? און ווער ווייסט, אפשר נאָך גאָר אַ שונא אויך? „רעליגיעזע אָדער פּאָליטישע איבער־צייגונג מוז קומען פון זיך זעלבסט“ — פלעגט ער קורץ אָפּהאַקן. און אַזוי גלייך ווי ער פלעגט בלייבן ווידער אַליין, איז ער אויף ס׳ניי אַריינגעפאַלן אין זיין מומיע־צושטאַנד, מיט אַ בליק פון אַ מענטש, וואָסליידט אין גיהנום.

ערווין האָט נישט געהאַט אַ סך צו טאָן אויף אַ מאָל, און פּונקט ווי דער באַלעבאָס, פלעגט ער זיך צוזעצן ביים לאַבאָראַטאָריע־טיש און טראַכטן וועגן זיין צוקונפט, וועלכע איז אים נאָך פאַרגעקומען היפש פאַר־נעפּלט, אָדער זיך צוהערן צו אירמגאַרדס דריבנע טריטלעך אין דער הייך, צו איר מעלאָדיש שטימעלע — און אַ גוט געפיל האָט אים באַהערשט, אַ געפיל פון רו און זיכערקייט, נאָך וועלכן ער האָט אייביק געחלומט.

אומגעפער אַרום האַלב צען קומט אַראָפּ פון גאָרן די טאָכטער, אָנ־געטאָן אין אַן אַלטן אָבער נעטן מאַנטל מיט קענטיקע צייכנס פון איבער־געניצעוועטקייט, מיט אַ שוואַרץ צעראַטן מאַרק־קײשל, און זי בלייבט שטיין פאַרן טאַטן ווי פאַר אַ ריכטער. עלבינג קוקט זי לאַנג אָן, און כאָטש ער ווייסט, אַז אויף געלט וואַרט זי — נאָר געלט! תמיד געלט! — פאָדערט עס אַ לענגערן יישוב־הדעת ביז זיין האַנט באַוויליקט אַראָפּצוטויכן אין די קעשענע־אָפּגרונטן נאָכן קאַסע־שליסעלע. צווישן די באַנקנאָטן וערן זיינע שווערע פינגער איבערראַשנדיק־פלינק: זיי כאַפּן, ציילן, דערלאַנגען — און שוין איז אַלץ פאַרשלאָסן. אייגן געלט וואַרעמט אים, פרעמד געלט (צו דער קאַטעגאָריע ווערן אויך פאַררעכנט אַלע מינים אויסגאַבן) בריט אים. בעת דער גאַנצער פּראָצעדור ווערן צעבראָכן צען ווערטער:

— גוט מאָרגן, טאַטעשי.

— דאַנקע שיין, טאַטעשי. (מיט אַ קניקס).

— גיב נישט אויס אַלץ. (אָנגעברוגזט).

שבת צום אָוונטברויט פלאַקערט דער זשיראַנדאָל אויף אַלע פינף פייערן. נאָכן דעסערט ווערט דאָס טישטעך נישט אַראָפּגענומען, אַלע בלייבן זיצן. געאָרג עלבינג הייסט זיך אַריינברענגען די פושקע ציגאַרן,

און ביט אָן, ווי געווינלעך, אויס ריינער דערצויגנקייט, אַ ציגאַר זיין אָנגעשטעלטן.

— אַה... — כאַפּט ער זיך כלומרשט, אַז יענער רייכערט נישט — יונגערמאַן, דו טוסט ווי א חכם! ס׳איז אויסברענגעניש און פאַרן האַרץ איז עס סם, סם! הלוואי וואָלט איך נישט געווען אָנגעהויבן, וואָלט איך פאַר דעם געלט שוין היינט פאַרמאָגט אַ ווילִיע.

נאָך אַכטע קומט אָן זיין שוועסטער עלזאַ — אַלמנה נאָך אַ רעזערוו־לייטענאַנט, פאַרשווונדן בעת אַ באָמבאַרדירונג אויפן בעלגישן פראָנט, צי גאָר אין נאָרד־פראַנקרייך. גאַנץ גענוי ווייסט מען נישט. זי איז אַלמניש דאַר, אַלמניש אויסגעאיידלט, טראָגט אַ קליין שיטער גרעקל פון די אייגענע האָר — געלבלעך־ווייסע האָר, און ארום האַלדז — אַ דאָפּלטע שנור פּערל מיט אַ מיניאַטור־צלמל, געמאַכט פון מאַנס אַ גאָלדן פינגערל. איר שטימע איז יונג, קלינגענדיק, מאַכט עס דעם איינדרוק, ווי נישט זי וואָלט גע־רעדט, נאָר עמעצער הינטער איר, אַ מיידעלע הינטער איר. זי קושט די פּלי־מעניצע אין שטערן און ביידע מענער באַגריסט זי אַ שאָקל געבנדיק דעם קאָפּ. מיט דער צייט האָט ערווין אויסגעפונען עטלעכע געמיינזאַמע שטריכן צווישן ברודער און שוועסטער: ביידע האָבן קיין מאָל נישט געלאַכט און ביידע האָבן געטרונקען שטאַרק פאַרבריטע טיי מיט איין האַלב קלעצעלע צוקער.

באַלד נאָך איר אַריינקום דערלאַנגט מען דאָס, צוליב וועלכן מ׳איז געבליבן זיצן ציים טיש: שוואַרצע קאַווע אין זאַקסישע שעלעכלעך מיט היימיש־געבאַקענעם קוכן, וועלכן אַלע געפינען פאַר פיל געשמאַקער ווי דער פון פאַראַכטאָגן, און אירמגאַרד ווערט צעשמאָלצן פון נחת. שפּעטער מאַכט מען די טראַדיציאָנעלע פּאַרטיע דאָמינאָ ביז צוויי הונדערט אויגן צו פעניג אַ קאָן און מ׳טוישט זיך אויס מיט נייעס וועגן דער אָפּגעלאָפּענער וואָך. אַז עלבינג געווינט, ווערט ער גאָר אויפגעלייגט, שלעפּט ער אַרויס אויף דער ליכטיקער שיין פּאַסירונגען פון יאָר אַכצן זיבעציק, ווען ער איז נאָך אַ קינד געווען. די געזעלשאַפט גייט אַריבער אין סאַלאָן, וווּ ס׳שטייט דער פּאָרטעפּיאַן. די ווענט זענען דאָ באַהאָנגען מיט אָפּגעריבענע פאַמיליע־פּאָרטרעטן, אויף וועלכע די הינדענבורגישע וואָנצאַלעס לעבן נאָך מיט

זייער ערשטן גלאַנץ. דאָס טוך פאָטעלשטולן אַרום ברייטן רונדן טיש, די דריי סאָפעס פּאַזע די פענצטער, די קרישטאָלענע ליוסטרע אוןביידע ווינגשטולן זענען איבערגעצויגן מיט ווייסע ציכן. אַ נישט לייכטער ריח פון נאַפטאַלינע שטייט אין דער לופטן. אירמגאַרד צינדט אָן פיר ליכט אין די מנורה־צווייגן פון ביידע זייטן נאָטן־האַלטער און נאָך אַ קורץ שטימונגס־פול שווייגן, בעת קיינער גיט זיך נישט קיין ריר, הייבט זי אָן שפּילן. זי שפּילט שובערטס אַ ראָמאַנס, טייל מאָל מענדעלסאָנס פרילינגליד, נאָר אָפטער שפּילט זי דאָס געזאַנג פון סאָלוועיג. ערווין שטייט איבער איר, גרייט איבערצובלעטערן די נאָטן. ער זאַפּט אַריין דעם פּאַרפום פון אירע האָר, פון שלאַנקן לויטערן נאַקן, און דאַכטן דאַכט זיך אים, אַז סאָלוועיגס ליד איז בלויז צו אים געווענדט, אַז דאָס דערציילט זי אים, אים אַליין, איר בענקשאַפט, איר טרויער נאָך די ברידער, איר איינזאַמקייט... געאָרג עלבינג ליגט האַלב אויסגעצויגן אויף אַ סאָפע, מיט אַ מילדן סענטימענטאַלן שימער אין די אָפענע, אין ערגעץ נישט קוקנדיקע אויגן. טאַנט עלזאַ זיצט איינגענורעט אין איר באַליבטער ווינגשטול, לייכט הוידנדיק זיך, מיט די הענט פאַרשלייפט איבער איר עקרה־בויך, די אויגן דביקותדיק צוגע־שלאָסן, אַרום די עטוואָס פאַנאַדערגעפּירטע ליפּן בלאָנקעט אום אַן אָנדייט אויף אַ שמייכעלע.

— ווי געטלעך ס׳איז די מוזיק! — ברעכט זי אויף די נאָסטאַלגיע־שטילקייט.

און לאַנגע מינוטן שפּעטער, ווי אַ ווייטער אָפּקלאַנג פון אירע רייד, ברענגט עלבינג פון זיך אַרויס צוויי טיפע וויבראַציעס:

— יאָ... יאָ...

און פינקטלעך עלף אַ זייגער (דאָס מאָל) קריכט ער צו אין די גאַטקעס צום עלעקטרישן צײלער און שניידט אָפּ די באַלייכטונג.

זונטיק אין דער פרי זענען די לייצעס פון הויז נאָכגעלאָזן, יעדער רייסט אין אַ באַזונדער ריכטונג אַריין, שלאָפט ביז וואַנען אים ווויל גע־פעלט, עסט יאָ, עסט נישט — מיט איין וואָרט: אַן איבערקערעניש. רופט עס אָן אַפילו נאָך ערגער, אָבער מישט נאָר נישט אַריין געאָרג עלבינגען! וואָרעם אין דעם פרימאָרגן טרייבט עס אים, ווי צו להכעיס, פריער ווי

אין אַן אַנדערן טאָג, פון בעט אַרויס. אַ ים אַרבעט וואַרט אויף אים; איינ־שרייבן אין טאָגבוך אַריין די אויסגאַבן פון דער גאַנצער וואָך, טאָג נאָך טאָג, קלאַסירן די פאַקטורעס פון גאַז, עלעקטריע, קוילן, וואַסער אאַז״וו, פאַרסכהכלען, פאַרגלייכן מיט די הוצאות פון פאַרגאַנגענעם יאָר אין דער זעלבער צייט, זעען ווו מ׳דאַרף האַמעווען, ווו אויפלאָזן אַ קאָפּיטשקע, און וואָס אין גאַנצן באַזייטיקן. אַ זייגער עלף קומט ער צוריק פון באָד, נעמט די טאָכטער אונטערן אָרעם און לאָזט זיך אין קירך אַריין.

ערווין בלייבט אין שטוב (עלבינגן אַרט נישט זיין אָנגעשטעלטנס גאָטלאָזיקייט. נו, יאָ, אַ מאָדע געוואָרן. אויס קייזער — אויס גלויבן. דער עיקר, אַז ער איז פון אים צופרידן געווען אין געשעפט), ער זעצט זיך אַריין אין פליושענעם פאָטעל פון ביבליאָטעק־צימער, און אין געהיים, פלייסיק, שטודירט ער די דייטשע גראַמאַטיק. ער וואַרפט דורך די ביכער פון עק ביז עק, שלינגט זיי ממש מיט די אויגן; ביי נאַכט ליגט ער וואַך און לייענט ביי אַ ליכטל, אַן דעם אַלטנס וויסן. וואָס פאַר אַ נייע וועלטן ס׳עפענען זיך פאַר אים, וועלטן קיין מאָל נישט געאַנטע, ס׳אַראַ אָלימפּישע רויִקייט הילט אים איין. ניין, ביז אַצינד איז זיין לעבן געווען אַ קאָשמאַר, איין אומגעהויערער קאָשמאַר פון נויט, פון שרעק, פון בלוט. ערשט איצט איז ער געבוירן, איצט — צו פינף און צוואַנציק יאָר!

*

די זאַטקייט, דער דורותהאַפּטיקער זיכער פון עלבינגס הויז, האָט געווירקט אויף אליעזר־ערווינס צעקאַליעטשעטער נשמה, ווי אַ וווּנדער־לעכער באַלזאַם. ווי אַן אונטערגעוואָרפן פאַרחלשט קינד, וואָס דערשפּירט מיט אַ מאָל צווישן זיינע ליפּלעך דעם אָנגעקוואָלענעם וואַרצל פון אַ מוטער־ברוסט — אַזאַ איז געווען זיין געפיל. מיט אַלע חושים האָט ער זיך געגורעט אין אָט דער פרעמדער וואַרעמקייט, זיך געוואָלט אין איר אַריינ־וואַקסן, אָננעמען איר בלוט און איר פלייש. מיט וויפל ענטוזיאַזם איז ער געגאַנגען שלאָפן און מיט וויפל נאַיווּן אומגעדולד האָט ער אָפּגעוואַרט דעם צומאָרגנס. אַלץ איז געווען צו קליין, צו קורץ: דער אַרבעטס־טאָג, דאָס

פאַרבראַנגען ביים טיש, די שבת־צונאַכטיקע דאָמינאָ־פּאַרטיעס, אירמגאַרדס מוזיק. ווי געשווינד די צייט איז גערונען!

נאָר פּלוצעם איז אַלץ צעשטערט געוואָרן.

איז ער דען נישט געווען אַ וועלט אין אַ וועלט? מיט זיין יידישן קריטישן חוש האָט ער אין גיכן דערזען די גאַנצע העסלעכע קליינלעכקייט פון דער שטוב, דעם גאַנצן חיהשן עגאָיזם אירן. ביים טיש פלעגט אים טייל מאָל אָנכאַפּן אַ טייוולאָנישער פאַרלאַנג אויסצושרייען: אַלטער נאַר, אין קורצן וועלן דיך די ווערעם פרעסן! בלויז אירמגאַרדס אָנוועזנהייט האָט אים געצוימט, אירע אויגן, וועלכע האָבן דאַכט זיך אַלץ געוווּסט, וואָס אין אים קומט פאָר. „אָבער פאַר וואָס ביסטו אַזוי אונטערטעניק? — האָט זיך בליק זי אַגיטירט — פאַר וואָס ליגסטו איינע אַליין אין אָט דעם וויסטן הויז? פאַר וואָס צוימסטו דיין קול, דיינע גלידער? און האָסט נישט קיין חברטאָרינס? און קומסט נישט אויף קיין טאַנץ־אָוונט? פאַר וואָס סטראָ־יעסטו זיך אין טונקעלע קליידער, צו לאַנגע פאַר דיינע שיינע פיס, צו ברייטע פאַר דיין שלאַנקער טאַליע, צו פאַרכמאַרעטע פאַר דער איידעלער ליניע פון דיין האַלדז, פון דיינע אָרעמס? פאַר וואָס לאַכסטו קיין מאָל נישט פריי און קלינגעוודיק?...״

ער האָט געלעכצט נאָך באַוועגונג, נאָך גערויש. די אַרבעט האָט אים געלאַנגווייליקט. די שפּייזן וואָס האָבן זיך איבערגעחזרט יעדע וואָך צום באַשטימטן טאָג, האָבן אים דערעסן. ס׳האָט אים געלאַנגווייליקט טאָגט עלזאַס דאָפּלטע שנור פּערל מיטן גאָלדענעם צלמל אין דער מיט. איין גרויסע תפיסה איז פאַר אים געוואָרן די שטוב.

אָבער דאָס שרעקלעכסטע איז געשען דעמאָלט, ווען אַנטלויפנדיק צו זיך אין צימער, האָט ער אָנגעטראָפן די פאַרגאַנגענהייט. זי האָט צו אים גערעדט שטראָפּעריש, מאָנענדיק. ער האָט געהערט יענץ חורבן־געלעכטער פון דער אויסגעפּליקטער רויטער באָרד: „לויף־לויף... דעריאָג די לבנה...״ די גאַנצע פינצטערקייט, וואָס גראָבט זיך אַרום זיין געלעגער, איז פול מיט זשמעניעס רויטע האָר, אויסגעפּליקטע שטיקער רויטע באָרד... ער הייבט זיך אויף. אירמגאַרד זאָגט אים אָן, ווי אַזוי צו עפענען די טיר, אַז דער אַלטער זאָל נישט הערן, פּונקט ווי זי האָט עס אַ מאָל אָנגעזאָגט איר

ברודער הערמאַן, וועלכער ליגט אַצינד בלינד אין אַ בערלינער שפּיטאָל. „ס׳איז שפּעט. פאַר וואָס קענט איר נישט שלאָפן?“ ער הערט זי נישט, ער זעט נישט דעם ציטער פון אירע ליפּן.

און ער גייט אַוועק צו אַלטשטאָט, צום געטאָ, בלאָנקעט לאַנג אַרום אין די חושכדיקע געסלעך, צונויפגעקוועטשטע, איבערגעשראָקענע, מיט איינגעבויגענע רוקנס. „ווער איז דער דאָזיקער, נישט אַ מאָל אַן ערל?...“ עס דאַכט אים, ער הערט היימישע ווערטער, עס דאַכט אים, ער פילט היימישע ריחות — אַ וואַרעמקייט נעמט אים אַרום. זיין מאַמע קומט אָן, הילט אים איין אין אירע אָרעמס: אוי, נאַריש ייִנגל מיינס! — און טראָגט אים אַהיים, לייגט אים אין בעט אַריין: שלאָף, ס׳איז שפּעט.

איין מאָל אין אַ זונטיק, איז ער אַוועק עסן אין אַ ייִדיש רעסטאָ־ראַנדל. ער האָט זיך געזעצט לעבן איינעם מיט אַ פאַרשוירן שוואַרץ בערדל און מיט אַ סאַמעטענעם גאַליציאַנער קאַפּעליאַטש. „איר האָט אפשר געהערט נייעס וועגן ס...?“ — האָט ער אים געפרעגט. „געהערט, ס׳קומט צו זיך. אַמעריקאַנער לאַנדסלייט האָבן געשאַפן אַ פאָנד. פון וואַנען זענט איר דען, אַ פּוילישער?“ „ניין, פון בעהמען. אַרבעט הי אין אַ מאַנופאַקטור־געשעפט. נישט ביי אַ ייִד, ניין“.

אַ גאַנצע וואָך האָט עס אים געמאַטערט: און ער וואָס טוט פאַר זיין חרובע היים? ער האָט אויף זיך אַרויפגעצויגן אַ פרעמדע הויט און עסט צו זעט, און שלאָפט אויף אַ מענטשלעך געלעגער. ער האָט זיך קיין אָרט נישט אָפּגעפונען, געהאַט קאָפּווייטיק, ביי נאַכט האָבן אים קאָשמאַרן געפייניקט. זיין חבר זאַכאַריאַש איז פאַר אים געשטאַנען: נאַקעט, מיט אַן אויסגעשניטענעם צלם שטאָט דעם געשלעכט. „לויף — לויף... כאַפּ אָן די לבנה ביים שלומפּער...“

— באַלעבאָס, איך מוז זיך אַ ביסל אויסרוען, כ׳בין קראַנק.

עלבינג האָט אים לאַנג אָנגעקוקט מיט זיין געפרוירענעם איינ־זאַמען בליק.

— אפשר פאָרסטו זיך דורך ביז בערלין? אַ שיינע שטאָט, וואָלסט באַזוכט הערמאַנען, ער וועט זיך דערפרייען, אַן אייגענער, אַ היימישער. כ׳גיב דיר צושטייער אויף הוצאות.

ערווין־אליעזר האָט געוווינט אין בערלין אין יידישן פערטל, איבער־געבלעטערט עטלעכע יאָרגענג „יידישע רונדשוי“, אַוועקגעשיקט אַן אַנאָ־נימען געלט־מאַנדאַט — אַ העלפט פון זיינע אָפּשפּאָרונגען — אין זיין שטעטל אַריין. אין מיטן נאַכט פלעגט ער זיך אויפכאַפּן און וויינען, וויינען ווי אַ פּיצלס. יעדן פרימאָרגן האָט אים אויפגעוועקט אַ נייער פּלאַן: צוריק אַהיימפאָרן און דאָרט ווערן לערער, דערציען אַ נייעם דור יידן, שטאָלצע יידן, יידן מיט געזונטע פויסטן; אויסוואַנדערן קיין אַמעריקע; פאַרשרייבן זיך אויפן מעדיצינישן פאַקולטעט; אָנהייבן שרייבן אַ ראָמאַן, אַ ראָמאַן וועגן אַ יונגן ייד, וואָס שטרעבט צו אַ געזונט לעבן. ער האָט אָנגעהויבן צו שיכורן, בערלין האָט אים גענודיעט, ער איז געגאַן זיך ווילן מיט פּרויען.

נאָך העכער אַ וואָך פון אַזאַ לעבן, האָט אים אָנגעכאַפּט אַן עקל צו זיך אַליין און ער איז אַרויפגעשפּרונגען אויפן ערשטן צוג קיין פראַנקפורט.

די גאַנצע צייט פון פאָרן איז ער געוועזן אַליין אין קופּע. ס׳איז צו־געפאַלן די נאַכט, אַ סאַמעטענע סוף־זומערנאַכט. ער האָט פאַרדרייט די ליכט און זיך אויסגעצויגן אויף דער באַנק. דורכן אָפענעם פענצטערל האָט אַריינ־געשטראָמט אַ לויטערע פרישקייט, וואָס האָט געאָטעמט מיט אָפּגעשניטן פעלד, מיט בוים, מיט טייכל. די רעדער האָבן לייכט און ריטמיש גע־קלאַפּט. און אויבן, דאָרט הויך אויבן, האָבן אין אַ קרייז זיך געשטופּט די שטערן, פילאָזאָפירט, זיך געאַמפּערט: וואָס איז ייד? וואָס איז קריסט? — אַ באַגריף, וועלכער איז פרעמד דעם באַפרייטן מענטש, אַ פּאָליטישע מאַכינאַציע, אַ יאַריד פון נעבעכדיקע אַמביציעס, אַ קאַטעדרע פאַר פאַלשע פילאָזאָפן... גאָט — דאָס איז אַ געאָמעטרישע ליניע, אַ מאַטעמאַטישער איינס; צום עסענץ פון גאָטהייט גרייכט נאָר דער קינסטלער, דער שאַפער פון ווערטן; פאַר אַלע אַנדערע איז גאָט: אַבערגלויבן, ירושה, בענקשאַפט, אַנטוישונג... ביין, עס עקזיסטירט נישט קיין פאָלק, קיין נאַציע, קיין שפּראַך. ווער האָט דאָס געזאָגט: גיט מיר פינף און צוואַנציק יאָר צייט — און כ׳שטעל אייך אויף אַ פאָלק. ס׳עקזיסטירן בלויז פּסיכאָלאָגישע גרופּן, אויס־געקנעטן דורך די ספּעציפישע קלימאַציע־באַדינגונגען, וועלכע פערפאָרמירן

דעם ביאָ־כעמישן באַשטאַנד, די וואָקאַלע אַרטיקולאַציעס, די מנהגים
אאַ״וו. ניין, טאַטע! איך וויל נישט לעבן ווי דו האָסט געלעבט. איך קען
נישט אונטערשטעלן די צווייטע באַק. ווו ליגט דער זין פון אַלע קידוש־
השמס? ווו איז דער ציל פון אָפּגיין אין בלוט? צי האָט איר געראַטעוועט
מיט דעם אייער פרייהייט? און וואָס איז שטאָלץ אָן פרייהייט, אָן ליבע צום
לעבן? צי האָט איר מיט אייער קרבנותוויליקייט פאַרטיליקט דאָס שלעכטס
פון דר׳ערד? ניין! אייער טויט האָט קיינעם נישט גענוצט, סיידן דער
רשעות...

די רעדער האָבן מאַנאַטאָן און ווייך געזונגען, געוויגט די קופּע.
ערווין־אליעזר איז אַנדרימלט געוואָרן.

*

נאָכן גרויסן שטורעם איז אָנגעקומען דאָס גרויסע שטילשווייגן, די
אָביעקטיווע באַטראַכטונגען פון אַרום, פון די אייגענע סענטימענטן.

אַצינד האָט ער געזען דאָס הויז נישט ווי אַ פרעמדער, וואָס קוקט
זיך צו פון דער אויסנזייט, נאָר ווי אַן אינעווייניקסטער מענטש, וועלכער
פאַרשטייט די לאָגישע נויטווענדיקייט פון איטלעכער דערשיינונג, וועלכער
איז דערין פאַראינטערעסירט, וועמען ס׳איז ליב. ער האָט דורכגעצויגן פּאַ־
ראַלעלן צווישן זיין נעכטיקן „דאָרט״ און דעם היינטיקן „דאָ״. צענדליקער פאַ־
מיליעס פון זיין אַמאָליקן קאָנטשאַפּט־קרייז פלעגט ער ביי פאַרשידענע
אומשטענדן אַרויסרופן אין זכרון מיט זייער פּירונג, רעדנסאַרט, דענקען,
עסן און קליידן זיך — און וועגן, מעסטן, ציילן יעטוועדן זשעסט זייערן,
משפּטן זייער נערוועזיטעט, זייער סאַרקאַזם, פּיפּיקייט, דורכדרינגלעכקייט.
זייער עקשנות איז אים איצט פאַרגעקומען קרענקלעך, אָנשטעקנדיק גע־
פערלעך. דאָס יידנטום האָט זיך אַליין איבערגעלעבט, דער מאָדערנער ייד
האָט גאָרנישט צו טאָן מיטן ייד, וואָס האָט געקעמפט קעגן רוים, פונקט
ווי דער היינטיקער גריך פאַרמאָגט נישט קיין שום קרובישקייט מיט דעם
אַנטיקן העלענער. טראַדיציע איז די גרעסטע קללה פאַר דער מענטשהייט;
טראַדיציע איז אַ סינאָנים צו פאַרשקלאַפונג, אי גייסטיקע, אי פיזישע. די

אויפגאַבע פון דער רעוואָלוציע איז קודם־כל: שטירצן דעם טראַדיציאָנאַ־ליזם. די שאַפונגס־ענערגיע פון אָריענט איז פאַרשטאָפּט געוואָרן, ווייל זי האָט זיך געקוויקט מיט דער פאַרגאַנגענהייט. דער מעסטער פאַר דער פאָטענץ פון אַ פאָלק, פון אַ יחיד, איז — די פרייהייט.

און צו דער פרייהייט גייט עס ער, ערווין שעמניצער!

אַצינד האָט ער זיך געזען פאַרליבט, פאַרליבט אין אירמגאַרדן. נאָר דורך איר, נאָר אין איר, דורכן צוזאַמענטרעף פון זייערע בלוטן, וועט זיין וווּנד פאַרהיילט ווערן, וועט ער געפינען די אַבסאָלוטע רו. אירמגאַרד — דאָס איז די בריק, איבער וועלכער ער מוז אַריבערגיין, די מיטאָלאָגישע לאָטאָס־פרוכט, וואָס וועט אויסמעקן פון זיין זכרון די היים, דעם נעכטן, זיין אייביקע אומזיכערקייט, די קליינלעכע זאָרגן, וואָס האָבן געפּעניקט זיין קינדהייט און געשוועבט אויף זיינע יוגנט־חלומות.

דאָס, וואָס האָט אים פריער אַזוי אָפּגעשטויסן אינעם הויז, האָט ער איצט נישט מער באַמערקט. אַלץ איז אים געוואָרן נאָענט און אייגן, אויף אַלעם האָט געשוועבט איר וועזן. זי, אומעטום — זי.

*

ווען אירמגאַרד איז אַלט געווען פופצן יאָר איז געשטאָרבן די מוטער. דאַן האָט דער פאָטער זי אָפּגענומען פון דער שול, (ער האָט גע־האַלטן, אַז פאַר אַ פרוי איז גענוג צו קענען לייענען און שרייבן), איר איבער־געגעבן דעם באַלעבאָטישן בינט שליסלען, דאָס גראָבע קאָכבוך, גע־שטעלט צו איר דיספּאָזיציע אַן אַלטע שלימזלדיקע דינסט, וועלכע האָט געאַרבעט כמעט פאַרן ביסל עסן. געשלאָפן איז זי ביי זיך ערגעץ אין א פּאַציאַטקע, בלויז דערפאַר ווייל עלבינג איז איבערצייגט געווען נאָך פון זיין מאַמען, אַז אַלע דינסטן גנבענען. אירמגאַרד האָט ביי זיך אין צימערל אויפגעהאָנגען אירע אַ פּאָר שולאַרבעטן: אַ וויטראַזש, צוויי אויסגע־שטיקטע פייגעלעך אויף אַ צווייגל, אַ געפלאָכטן קישעלע מיט אַ הענטל. די שולביכער, די העפטן מיטן לערערס רויטע נאָטעס האָבן גערוט אויף אַ פּאָליצקע איבערן בעט, אַקוראַט אונטערן צלם, צווישן דיקן קאָכבוך פון

איין זייט און דעם קליינעם קאַטעכיזם פון דער אַנדערער זייט. מיט אירע שולבאַנק־חברטאָרינס פלעגט זי זיך באַגעגענען יעדן זונטיק אויפן קירכע־וועג, וואָרעם עלבינג האָט פיינט געהאַט פרעמדע אויגן און אויערן ביי זיך אין הויז. טייל מאָל פלעגט אירמגאַרדן אָנכאַפּן עפּעס אַ וויטיקלעכע, נאָגנדיקע בענקשאַפט, אַ דאָרשט נאָך צערטלעריי, אַז עמעצער זאָל אָנקומען אין מיטן נאַכט דורך שטורעם און טויזנט געפאַרן און זי פאַרטראָגן מיט זיך ערגעץ אויף ווייטע ערדן, אונטער פרעמדע הימלען... דעמאָלט פלעגט זי זיך אַריינשאַרן אין הויכן קאַלטן סאַלאָן צום פאָרטעפּיאַן און מיט צוגעשלאָסענע אויגן לאַנג שפּילן ניגונים, וואָס האָבן אומגעוואַנדערט אין איר בלוט. זי האָט קוים באַרירט די קלאַווישן, ווייל עלבינג האָט נישט פאַרטראָגן קיין מוזיק אין דער צייט ווען ס׳געשעפט איז אָפן, און אַחוץ דעם דאַרף אַ מיידל ליבערשט אין זינען האָבן דאָס באַלעבאַטישקייט. ביי צוואַנציק יאָר איז אירמגאַרד ערשט צום ערשטן מאָל געהאַט געוועזן אין אַ קינאָ (בעת הערמאַנס אַ וויזיט פון פראַנט) און געוווּסט אַזוי פיל פון לעבן, וויפל ס׳ווייסט אַ צוועלף יאָריק קינד.

ערווין איז געוועזן איר ערשטע גרויסע געשעעניש, דער ערשטער פרעמדער מאַן, וועלכן זי האָט געזען יעדן טאָג, געענטפערט אויף זיין גוט מאָרגן, אַריינגעאָטעמט זיין מאַנסבילישן ריח. זינט ר׳איז אָנגעקומען האָט זי זיך באַמיט די זופּן זאָלן נישט זיין אָפּגעברענט און זיך מער נישט פאַרלאָזט אויף דער שלימזלניצע די דינסט, וועלכע האָט זיך אַרויסגעדרייט מיט איין און דער זעלבער טענה: פאַרן געלט, וואָס מ׳צאָלט איר דאָ... צוליבן פרעמדנס וועגן האָט זי זיך באַמיט, אַז אויפן טיש זאָל אַלע מאָל זיין אַ בוקעטל בלימעלעך, געקויפט פאַר די פעניגס, וואָס זי פלעגט געווינען אין דאָמינאָ. דעם טאַטן איז נישט צום האַרצן געווען זיין טאָכטערס פאַרשווענדערישע פאַנטאַזיע. „בלומען זענען שיין אין אַ גאָרטן, אָבער נישט אויף אַ טיש, וווּ מען עסט" — האָט ער ביי יעדער געלעגנהייט איבערגעחזרט. פאַרן פרעמדנס וועגן האָט זי אָפט געטווישט די שלייפעלעך אין אירע צעפּ. יעדן טאָג, נאָך דער דינסטס צוראַמען, איז זי אַריין אין זיין צימער און איבערגעשטויבט איטלעכעס ווינקעלע, ברייט אויפגעפּראַלט דאָס פענצטער, ווייל דער פרעמדער בחור האָט דאָס ליב געהאַט. אין די דאָנערשטיק־

נאָכמיטאָגן, ביים צערעווען די סקאַרפּעטן, פּלעגט זי אַזוי קאָמבינירן, אַז דעם פֿאָטערס סקאַרפּעטן זאָלן אַריינפּאַסן צו דער דינסט, און יענעמס — אין אירע הענט אַריין. זינט זיין אַנקומען האָט זיך איר אויסגעוויזן, איז אין הויז געוואָרן הייטער, געמיטלעכער. און פֿאַרן שלאָפֿן גיין, צי פֿרימאָרגנס ביים אויפֿשטיין, האָט זי געזוכט אין שפּיגל איר נאַקעט לייב.

יעדעס מאָל, אָנהעהנגענדיק אויף איר זיין בליק, האָט ערווין אַ נייעם חן אַנטדעקט. איבערן טאָג פּלעגט ער אונטער כלערליי פּרעטעקסטן זיך אַרויפֿכאַפּן אין שטוב אַריין, כדי צו גלעטן איר קליין סאַמעטן הענטל, אויסצערטלען איר יעדן פֿינגער באַזונדער, אַזוי לייכט, אַזוי קאַפּריזנע־אַנגענעם, ווי מיט אַן אַקאַציע־בלעטעלע, און מורמלען אין אירע ראָזע אויערלעך אַריין, אין דער האָניק־בלאָנדער פֿריזור, אויסקושן יעדן זילב פֿון איר נאָמען אויף איר מילך־קלאָרן האַלדז: אירמאַ!... אירמאַ!... זי פֿלעגט בכיוון זיך דרייען אין צימער וואָס איבערן לאַבאָראַטאָריע־ווינקל, וווּ ער האָט געאַרבעט, און אַראָפּגעשיקט אים אַ צייכן מיטן פֿוס, אָנקווע־לנדיק דערביי מיט איטלעכן טייל גוף. טייל מאָל, אין די נעכט, האָט איינער פֿאַרבלאָנדזשעט צום אַנדערנס טיר אין הוילן שלאָפֿהעמד, און לאַנג אַזוי געשטאַנען, איינהאַלטנדיק דעם אָטעם, ציטערנדיק מיטן גאַנצן לייב. זונ־טיק, פֿאַרן גיין אין קירכע, בעת געאָרג עלבינג איז געווען אין באָד, פֿלעגן זיי זיך טרעפֿן אין סאַלאָן ביים פֿאָרטעפּיאַן, אָדער אין ביבליאָטעק. זי האָט פֿאַר אים געשפּילט גריגן, שאָפּענען, ער האָט איר פֿאָרגעלייענט געטעס פּערזן, קאָמענטירט, געזוכט אויפֿצוּוועקן איר קריטישן חוש.

— דער ערשטער באַדינג פֿון זיין אַ מענטש, איז דאָס באַוווּסטזיניקע דערציען אונדזער קריטיש מהות — האָט ער זי געלערנט.

דאָס איז געווען דאָס איינציקע, וואָס איז אים נאָך פֿאַרבליבן — זיין ווילן, די מוטיקייט צו פֿאַרלייקענען אָנגענומענע ווערטן, אויסלאַכן דעם קאָנווענציאָנאַליזם. מיט אַלעם איבעריקן — און דאָ ליגט דער פּאַ־ראַדאָקס — האָט ער שוין פֿעסט געוואָרצלט אינעם הויז. אין דער הינזיכט האָט ער קיין מאָל נישט געוואַגט צו אַנאַליזירן זיך. מעגלעך אויס פֿאָר־זיכט, כדי נישט צו פֿאַרוונדן זיין אייגנליבע; מעגלעך אויס פּשוטער אימה, כדי נישט צו דערזען די גאַנצע באָדנלאָזיקייט פֿון זיין חלום. דערקעגן

אָבער איז ער געווען רויִק און זאַט, זאָרגלאָז ווי אַ קינד. וויפל וואָלט ער נישט אָפּגעגעבן צו דערגרייכן אַזאַ צושטאַנד! האָט ער דען נישט אַ גאַנץ לעבן געבענקט דערצו? און איבערהויפּט: ער האָט מער נישט געשפּירט אויף זיך יענעם ראַסיסטישן האַס, אַ מענטש צו מענטשן גלייך געוואָרן. זיין טראָט איז אין ערגעץ נישט באַדראָט! איצט, אַז ער פלעגט באַגעגענען אין צייטונג אַ ידיעה וועגן יידן, איז ער איבערגעשפּרונגען ווי איבער אַן אָפּגרונט. אין גיכן האָט ער דעם זעלבן אָפּשיי געפּילט צו אַלעם וואָס די צייטונג האָט געברענגט: וואָס גייט אים אָן וועלכע פּאַרטיי האָט געזיגט ביי די לעצטע פּרעזידענט־וואַלן אין אַמעריקע? אָדער די אָקופּאַציע דורך די פראַנצויזן פון רור־געביט? צי גאָר עפּעס אַן ערד־ציטערניש אין אַנאַטאָליע? — ער וויל לעבן! ער וויל אָפּילן אַז ער לעבט, איבערעסן זיך מיט לעבן. און מיט יעדן טאָג האָט ער זיך טיפער אונטערגעטונקען אינעם טויבן ווילזיין פון דער שטוב.

אייך מאָל, נאָך אָוונטברויט, איז געאָרג עלבינג געבליבן זיצן ביים טיש לענגער ווי געוויינלעך, כאָטש ס'איז נישט געווען קיין שבת־צונאַכט און טאַנט עלזאַ איז נישט דערוואַרט געוואָרן. זיין פּנים האָט אויסגעקוקט בלאַסער און נידערגעשלאָגן, די אויגן — ווי פאַרנעפּלט, אָן אויסדרוק. די אונטערשטע ליפּ איז נאָכגעהאָנגען און געמאַכט אָנשטרענגונגען אָנצוכאַפּן די אייבערשטע, ווי ער זאָל וועלן דערמיט פון עפּעס זיך באַפרייען, פון עפּעס אַזוינס, וואָס ווערגט אים. ענדלעך איז דאָס געלונגען און פון זיין קעל האָט זיך דורכגעריסן אַ פאַרקלעמט וואָרט: הערמאַן... און שטיל. ווידער דאָס קאָנוווּלסיווע טרייסלען פון דער אונטערשטער ליפּ, איר אָנמעכטיקייט צו דערגרייכן די אייבערשטע. ראַפּטעם איז ער אויפגעשטאַנען, לאַנג געקוקט דורכן פענצטער אין דער רעגנדיקער נאַכט אַריין און אַרויסגעברענגט מיט אַ ווייט קול:

— דערהאַלטן אַ טעלעגראַמע... הערמאַן איז מער נישטאָ... גרייט צו די וואַליזע.

און ער איז אַרויסגעגאַנגען נישט אויסדרייענדיק זיך מיטן פּנים.

צו מאָרגנס איז ער געווען אויף די פיס ווי זיין טבע, צוגעגרייט דאָס אָנבייסן פאַרן סוביעקט, אויסגעטרונקען דעם געוויינלעכן קופּעל ביר,

און ווי שטענדיק, פינף מינוט פאַר אַכט, אַראָפּ עפענען די אַפּטייק. אַ האַלבע שעה שפּעטער איז ער געשטאַנען פאַר ערווינען אין זיין לאַנגן, ברייטן ווינ־טער־פּאַלטאָ מיטן אויסגעקראָכענעם פוטערנעם קאָלנער (כאָטש פון אַלע דעכער האָט פרילינג שוין געהאַט אַראָפּגעקערט דעם שניי), מיט אַ פּאַראַסאָל אונטערן לינקן אָרעם, און אין דער רעכטער האַנט — אַן אָפּגעריבענער טשעמאָדאַן מיט אַ פּאַרגעלט בלעכל, אויף וועלכן ס׳איז געווען אויסגראַ־ווירט אין גאָטישער שריפט זיין נאָמען, פּראָפעסיע, וווינאָרט.

— איך טרוי דיר אָן מיין גאַנץ האָב און גוטס — האָט ער געזאָגט הייזעריקלעך, מיידנדיק ערווינס בליק — גיב מיר דיין האַנט און שווער ביי גאָט, אַז דו וועסט אַלץ ערלעך אָפּהיטן. טאָמער קומט מען מיך רופן צו אַ קראַנקן, ענטפער: כ׳וועל זיך זוימען אין וועג דריי טעג. אין קאַסע ליגט זיבן מאַרק דראָבנעס, דאָ האָסטו דאָס שליסעלע, באַהאַלט עס אין דער הויזנקעשענע. מיט די קונדן זיי העפלעך, קיין פּאָליטיק זאָלסטו נישט שמועסן מיט זיי.

שוין זייענדיק ביי דער טיר, איז ער צוריק אַרויף צו זיין צימער פּרווון דעם שלאָס.

פאַר נאַכט האָט זיך אַריינגעשטעלט טאַנט עלזאַ מיט אַ האַנטעך, אַ שמעקעדיק זייפל און ציין־פּאַסטע. עלבינג איז ביי איר אָפּגעטרעטן גייענדיק צו דער באַן: זאָל זי האַלטן אויג אויפן מיידל און אומקוקן זיך איבערן הויז.

אויפן דריטן טאָג איז ער צוריקגעקומען — נישט צום דערקענען, ווי ער וואָלט אין דער נסיעה אָנגעוווירן אַ צענדליק קילאָ. די מראה — אַש־קאָליר, די אויגן — אונטערגעהאַקט און טיפער איינגעגראָבן. לענג־אויס די מוילווינקלען האָבן זיך אויסגעשניטן צוויי טיפע קנייטשן, אָנגע־לאָדן מיט ביטערניש. פון דעם טאָג אָן איז ער אַן אַנדערער מענטש גע־וואָרן: אויפגעהויבן זיך יעדן פרימאָרגן שפּעטער, כמעט אויסגעמיטן אַראָפּ־צוגיין אין געשעפט אַריין, געטרונקען פון דעם גרויסן קופעל אַ סך מאָל אין טאָג און געררייכערט אָן אַ מאָס; זיין קול איז געוואָרן האַסטיק, ברוטאַל. די געלענקען האָבן אים געבראָכן און כסדר האָט עס אים געצויגן אין בעט אַריין. זיין גאַנצע ענערגיע איז שוין געווען אויסגעפּלאַקערט, דער זיכער

איז מער נישט געווען מיט אים און אין זיין נעבעכדיקייט האָט ער געצאַרנט אויף דער וועלט, אויף גאָט: פיר זין געהאַט און מ׳האָט זיי אים צוגערויבט! ווּ איז די ווסנשאַפט? וואָס טוט אויף די מעדיצין? ווונדער, האָט מען זיך איינגערעדט, קען זי באַווייזן, ווונדער... ער איז אייפערזיכטיק געווען אויף דער יוגנט פון זיין טאָכטער, פון ערווין שעמניצער, און אָן אַ פאַרוואָס אויף זיי געשריגן. אַצינד, זעקס יאָר נאָכן טויט פון זיין פרוי, האָט ער נישט געקענט מוחל זיין איר אַראָגאַנץ לגבי אים, איר גלייכגילט. פאַר וואָס זשע האָט ער זי נישט אָפּגעגט, אויב ער האָט זיך נישט געפילט געליבט?... פערציק יאָר געהאָרעוועט, געלייגט אַ שטרוי צו אַ שטרוי, אַ ציגל צו אַ ציגל און געבויט דעם בנין. אַלע האָבן זיי שטודירט — איינער דאָקטאָריע, אַ צווייטער כעמיע, דער דריטער מיליטערישע סטראַטעגיע, ביי צוואַנציק יאָר געווען מאַיאָר. הערמאַן, ס׳מוזיניקל, האָט ער באַהאַלטן פאַר זיך, פאַרן געשעפט־יורש. גלענצנדיקע קעפּ געהאַט איינס ביי איינס, וואָלטן די וועלט איבערראַשט... און איצטער וועט אַלץ אַריינפאַלן צו אַ פרעמדן, אפשר נאָך גאָר צו אָט דעם שוואַרצהאָריקן דייטש פון פוילן...

אין קירכע איז ער מער נישט געגאַנגען, דאָס בעסטע מינכענער ביר האָט ער באַשטעלט, די טייערסטע סיגאַרעטן זיך געהייסן ברענגען. טייל מאָל פלעגט ער זיך פאַרבאַריקאַדירן אין זיין צימער טעג לאַנג און נישט צולאָזן קיינעם. זייער אָפט האָט ער זיך איינגעעקשנט, ווי אַ פאַרזשאַווערט שלאָס זיך פאַרהאַקט, און נישט אויסגערעדט קיין וואָרט. ער האָט אָפּגעזאָגט די דינסט, נישט געוואָלט געבן קיין געלט אויסצוהאַלטן די שטוב, אַרויסגעשרויפט די עלעקטרישע לעמפּלעך און זיך איבערגעבעטן מיט אַן אָרעמען קוזין פון אָפּענבאַך, אים געשטיצט וועכנטלעך אַ חודש צייט — ביז ר׳האָט אים אָנגעזידלט און אַרויסגעוואָרפן. כדי אירמגאַרדן זאָל זיך נישט פאַרגלוסטן צו שפּילן פּיאַנע, האָט ער פאַרשלאָסן דעם סאַלאָן און דעם שליסל באַהאַלטן. ער פלעגט אַרומקריכן איבערן הויז מיט זיין גרויסן נאַקעטן שאַרבן, אין אַ לאַנגן גרויען כאַלאַט, און אָניאָגן אַ קעלט אין יעדן ווינקעלע. ס׳האָט פון אים געשפּאַרט אַ דומפּיקייט.

איין מאָל איז ער אַ וואָך צייט נאָך אַנאַנד נישט איבערגעטרעטן די שוועל פון זייער צימער. אַלע זענען געווען באַאומרויִקט. קיין שום געבעטן

האָבן נישט געהאָלפן, אַפילו פון טאַנט עלזאַ, וואָס זי פלעגט אים יאָ קענען איינגעמען. מ׳האָט אים גערדראָט מיט אויפברעכן דאָס שלאָס און כלומרשט געשיקט נאָך אַ שלאָסער, ווערלכער איז באַלד אָנגעקומען און זיך אָנגעהויבן פּאָרען מעשה פּאַכמאַן — און פון אינעווייניק קיין שאָרך, עלעהיי ס׳איז דאָרט קיינער נישטאָ.

ווען די טיר האָט זיך ענדלעך אונטערגעגעבן, האָט מען דערזען געאָרג עלבינגען ליגן טויט אויף דר׳ערד. ער איז געלעגן מיטן בויך אַראָפּ, די פיס איינגעקאָרטשעט, ביידע הענט און דער קאָפּ אַריינגעהאָנגען אינעם אָפענעם אייזערנעם קופערט, ווי זיין לעבן — פערציק יאָר פּראַצע — האָט געפוילט. פון זיין קערפּער האָט שוין געעיפּושט.

*

דאָס זעלבע יאָר איז אין הייליקן יאָהאַן־קלויסטער פאָרגעקומען די חתונה־צערעמאָניע פון אירמגאַרד עלבינג מיט ערווין שעמניצער. באַלד ווי ער האָט זיך דערפילט באַלעבאָס, האָט ער גענומען טראַנספאָרמירן דאָס הויז: באַזייטיקט אַלטע צעבראָכענע רעשטן מעבל — באָבעס און זיידעס ירושה — מיט ווערלכע אַלע ווינקעלעך, יעדעס פרייע פּיצל וואַנט האָט זיך געוואָרגן און אויסער פאַרן שטויב קיינעם נישט גענוצט; אַראָפּ־געטרייסלט פון סאַלאָן די ווייסע פאַרהיטונג־ציכן, אין דער קרישטאָלענער ליוסטרע פאַרטוישט די אויסגעברענטע לעמפּלעך אויף נייע; דער פאָרטעפּיאַן איז געוואָרן אַקאָרדירט דורך אַ מייסטער און גאָר אַן אַנדערן קלאַנג דער־לאַנגט. די אָפּגעריסענע פאָרטרעטן מיט די הינדענבורגישע וואָנצאַלעס זענען דעסטוועגן געבליבן אויף זייער אָרט. אַרום דעם איז פאָרגעקומען דער ערשטער קאָנפליקט צווישן יונגן פּאָרפאָלק. ערווין האָט געטענהט, אַז די דאָזיקע בילדער (דאָס וואָרט האָט ער אַרויסגעזאָגט מיט איראָניע) מאַכן בלויז פלעקן אויף די ווענט, און אַז פאַמיליע און טראַדיציע זענען נישט מער ווי...

— ווי? ווי וואָס? — איז טאַנט עלזאַ מיט אַ נישט העפלעכן טאָן אַריינגעפאַלן. אומעטום איז זי פול, יעדן זשעסט זיינעם שפּיאָנירט זי נאָך,

זי רייצט אָן אויף אים דאָס יונגע ווייבל, ווי אַ שוויגער אַ מרשעת. — באמת, ער גייט שוין אלע גרענעצן אַריבער מיט זיינע קרענקלעכע מאַניעס צו העלע, כמעט ווייסע פאַרבן, צו דיוואַנען וואָס קאָסטן אַפּ אַ נדן, צו נאַקעטע מיאוסקייטן אויף די ווענט, צו בלומענטעפּ, צו שטענדיק אויפגעפּראַלטע פענצטער — שכנים זאָלן זען, וואָס ביי זיי אין טעפּל קאָכט זיך. ניין! ניין! ווו האָט זיך דאָס געכאַוועט? און די קליידער וואָס ער שעמט זיך נישט צו באַשטעלן פאַר אַ יונגער אָרנטלעכער פרוי! און דאָס אָפּצוקערן אַ גלעזעלע טיי מיט גאַנצע צוויי קאָסטקעס, אַ געוויינלעך גלעזעלע! אָרעמער געאָרג... כ׳האָב אַלץ געטאָן, אַלץ, אַז דער שידוך זאָל נישט צושטאַנד קומען. נאָר ער, דער שוואַרצהאָריקער, האָט זי פאַרכישופט מיט זיין פייערדיקן בליק. עפּעס מאָדנע אויגן, ווי ביי אַ ייד, וואָלט איך שווערן. אַפילו דער בויג פון זיין נאָז. דאַכט זיך, אַ נאָז, ווי ביי מיין אַלפרעדן איז געווען, אָבער ביי אים, ביי אים קומט זי מיר עפּעס פאָר פאַרדעכטיקט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט אַן אייזקאַלטן בליק.

— ניין, איך באַגרייף נישט אַזוינס, הער שעמניצער! (זי האָט אים ווייטער גערופן ביים פאַמיליע־נאָמען, כדי אונטערצושטרייכן זיין פרעמד־קייט אין הויז). וואָס קען נאָך זיין הייליקער, ווי דער גייסט פון פאַמיליע? פון טראַדיציע, וואָס אָן דעם וואָלט דעם מענטשנס לעבן געווען פּוסט און עלנט? וואָס אָן דעם מוז אַ פאָלק אונטערגיין? איך ווייס נישט ביי וועמען איר האָט געלערנט אייערע אידעען, נאָר איינס איז זיכער: פון אונדז דייטשן, שטאַמען זיי נישט, באשטימט נישט!

ער האָט געפילט, אַז ער ווערט רויט. דער דיל אונטער אים האָט פאַרלוירן די שטאַנדהאַפטיקייט, אַ צווייפל האָט אים באַהערשט. ער איז אַראָפּ אין געשעפט אַריין, ווו די טישלערס האָבן אויסגעפּאַרטיקט די איינריכטונג פון לאַבאָראַטאָריע־שטיבל. ער האָט באַטראַכט די נייע שילד, וואָס איז געלעגן אויף דר׳ערד: „אַפּטייק געאָרג עלבינג — פּראָוויזאָר שעמניצער“. מאָדערנע אותיות, עלעגאַנטע, פאַרביקע, ביי נאַכט וועט יעדעס אות לייכטן...

פּראָוויזאָר איז אַרויס אין דרויסן. דער הוהאַ האָט אים דורכגעדרונגען, איינגענומען. עלבינגס אַן אַלטער פּאַציענט איז צוגעקומען. גראַטולירט,

געפרעגט אויף דער „קליינער אירמאַ“, קאָמפּלימענטירט דעם יונגן באַ־לעבאָס אידעע נישט אָפּצוטרעטן אַ פרעמדן „דאָס ווערק, אויף וועלכן אַ מענטש האָט געאַרבעט זיין גאַנץ לעבן, פאַר דער פּראָספּעריטע פון זיינע קינדער“. אויסגעהוסט זיך, אויסגעשטרעקט אַ שלאַבערדיק בינטל פינגער, פאַרשאַרצט די ווייכע ליפּן אויף אַ ווייכינק שמייכעלע און אַוועק.

— ערווין! ע—ר—ווי—ן! אַך... מ׳קען דיך גאָרנישט געפינען היינט. ביסט באַליידיקט? — אירמגאַרד האָט שטיפעריש אָנגעכאַפּט זיין אָרעם, געקוקט אין זיינע אויגן אַריין מיט אַ פאַרבענקטן פייכטן גלאַנץ.

— הער מיך אויס, אירמאַ, איך וויל לעבן מיט אַלע מענטשן בשלום, אָבער אָפּשליסן זיך, אַרומרינגלען זיך מיט אַ הייליקן שטויב ווי דייך פאָטער, אָדער ווי מ... — ער איז פלוצעם שטיל געבליבן, ווי אַ לויפנדיקער מענטש, וואָס בלייבט אומגעריכט שטיין פאַר אַ גרוב.

אינסטינקטיוו האָט זיך ביי איר אַרויסגעריסן:

— אָ, דערצייל טאַקע, ווי אַזוי פלעגט עס צוגיין ביי אייך אין הויז?

— נישט איצט, אַ צווייט מאָל, ביי אַ געלעגנהייט. סאַראַ קאַפּריזנע... כ׳מוז האָבן היץ, זע נאָר.

נייך, ס׳איז אים גאָרנישט, זיין שטערן איז נאָרמאַל וואַרעם. אויף דער צונג זעט מען אויך גאָרנישט. זי ציט ברוגזדיק צונויף אירע ברעמען.

— אַלע מאָל זאָגסטו: אַ צווייט מאָל! זענען מיר דען נישט מאַן־ווייב, אַז דו זאָלסט דאַרפן פאַר מיר עפּעס אויסבאַהאַלטן?

— קינד, איך באַהאַלט גאָרנישט אויס, נישט פאַר דיר, נישט פאַר וועמען אַנדערש. ס׳איז פשוט אומאינטערעסאַנט.

דער שטאָטראַט־זייגער האָט אויסגעשלאָגן צוויי. געשעפטן האָבן זיך געשלאָסן. טראָליבוסן זענען פאַרבייגעפּאָרן געפּאַקט.

— ס׳איז שפּעט. קום עסן. כ׳דאַרף נאָך היינט מאַכן עטלעכע גענג.

ווייל די דירה איז נאָך פייכט געווען פון פאַרב, האָבן זיי פּראָוויזאָריש געלעבט אין אַ פאַמיליע־פּענסיאָן הינטער דער שטאָט, קעגן איבער דעם מיין.

ביים טיש האָט ערווין קנאַפּ געגעסן. טאַנט עלזאַס ווערטער האָבן

כסדר געפּלאָטערט פאַר זיינע אויערן, צעטומלט זיין גאַנצע קעגן־אַרגו־מענטאַציע. ער האָט זיך געפּילט קראַנק און טרויעריק ביז נודנעקייט.

זי, אירמגאַרד, האָט געגעסן ווי פאַר צוויי, מיט אַלעם זיך אַנטציקט אויפן קול, פאַרזיכערט אַהערצוקומען עסן יעדן זונטיק. די הויזווירטין דאַרף דאָך אויך האָבן איר טאָג אָפּרו, נישט אַזוי? נאָך דער חתונה איז אַלץ, וואָס זי האָט געטאָן, געווען איבער דער מאָס, ווי דאַדורך וואָלט זי נקמה גענומען פאַר אירע פאַרשלאָסענע יאָרן: זי האָט זיך געשטאָפּט מיט אָן אַ שיעור זיסקייטן, צוויי־דריי מאָל אין וואָך געלאָפן אין קינאָ, אויף טאַנק־אָוונטן, ווו זי פלעגט טאַנצן ביז קאָפּ־פאַרדרייעניש. פּרימאַרגנס איז זי גלאַט אַזוי געלעגן אין בעט ביז עלף־צוועלף; איבער אַ נאַרישקייט — אַ סך און הויך געלאַכט. זי האָט פּלוצעם אין זיך אַנטדעקט אַ טאַלאַנט צום זינגען און גאַנצע טעג טראַלאַלירט דורך אַלע צימערן. אָט די משוגעתן (לויט טאַנט עלזאַס אויסדרוק, פאַר וועלכע זי האָט עפּנטלעך באַשולדיקט דעם מאַן), האָבן געדויערט ביז צו איר שוואַנגערשאַפט.

— איך וייס וואָס דיר איז — האָט זי פּלעגמאַטיש געזאָגט ביים אָפּווישן זיך די ליפּן נאָך דעם אייזקרעם — האָסט זיך צו פיל אָנגעשטרענגט די לעצטע טעג, נישט אַזוי?

די דאָזיקע קינדישע מאַניר צו פאַרענדיקן יעדע פראַזע מיט אַ „נישט אַזוי" האָט אים אונטערגעהויבן.

— ביסט שוין פיר און צוואַנציק יאָר. צייט אָפּגעוויינען זיך פון דעם!

זי האָט זיך אומגעקוקט צי קיינער קוקט נישט אויף זיי און פלינק אַ קוש געטאָן אים אין שפּיץ נאָז.

— אָ, די מענער... דיין דעסער איז שוין האַלב צערונען געוואָרן. פאַר וואָס זאָלסטו נישט אַריינגיין צום דאָקטער? אַלזאָ, עס איך אים אויף, נישט אַזוי?

צום ערשטן מאָל האָט ערווין זי באַטראַכט מיט אַ נאַקעט אויג. זי איז נישט מער געווען יענע פאַרטרוימטע מיידל. דער גאַנצער חן איז פון איר פאַרשוווּנדן. אַפילו איר מוזיק (זי פלעגט איצט גאָר זעלטן שפּילן) האָט אָנגעוווירן די נאַיִווע לויטערקייט, געוואָרן טרוקן, מעכאַניש. אַצינד איז געזעסן לעבן אים אַ יונג ווייבל, אַ גוט געפּלעגטע, מיט אַ זאָרגלאָזע

פאַרב אין די באַקן, דער בליק — פריילעך, אָן הינטערגעדאַנקען. אינעם קליינעם גערטל מיט די אויסגעשטעלטע טישלעך האָט איר געלעכטער זיך געגאָסן הייס און זאַט. פלוצעם האָט ער זי דערזען אַלס פּערציק־יאָריקע: צעוואַקסן, מיט אַ הויכן בוזעם און אַ בכבודיקן גוידער — אַזאַ ווי איר מוטער איז אויפן פּאָרטרעט...

— ערווין... מאַך נישט אַזאַ לוויה־מינע...

זי האָט אָפּגעשטופּט דאָס אייזקרעם־בעכערל, אַרומגעלעקט אירע פולע ליפּן, און ווי אַ קליין היימיש חיהלע זיך געגנורעט אין אים. אירע פיס האָבן זיך פאַרוויקלט אַרום זיינע, אים געבריט, געצויגן צו זיך; איר קערפּער איז געווען אייפערזיכטיק אויף דער זאַטקייט פון מאָגן.

— קום! קום!

צו מאָרגנס באַלד אין דער פרי איז ערווין אַוועק צו פרוי ראָזאַ־דאָראָטע, זי זאָל אים אַריינשיקן אַ דינסט פון מיטעלן עלטער, נישט קיין שטאָטישע, און זי זאָל אויך קענען אומגיין ביי אַ קינד. נעכטן איז ער געווויר געוואָרן: אירמגאַרד טראָגט.

אירמגאַרד טראָגט! אַצינד האָט זיין לעבן געקריגן אַ זין. זיינע אָנשטרענגונגען זענען נישט געווען אומזיסט. ער גייט לייגן דעם פונדאַמענט פאַר דער פאַמיליע ערווין שעמניצער, אויסקנעטן אַ נייעם דור, וועמען ס'וועט פרעמד זיין דער באַגריף פון ייד און קריסט! איבער אַלע גרענעצן וועלן זיי שטיין! וועלט־בירגער!

*

„היינט, מאָנטיק דעם 17־טן אַפּריל 1923, פיר אַ זייגער פאַר נאַכט, איז געבוירן געוואָרן אונדזער זונדעלע קאַרל־מאַריאַ־אָסקאַר".

מיט אַ געצאַצקעטער האַנטשריפט האָט ערווין שעמניצער אָנגעשריבן די ווערטער אויף אַ פּאָסטקאַרטל — אַ געדענק פאַר די קומענדיקע דורות — און דאָס באַהאַלטן אינעם לעדערנעם פאַמיליע־אַלבאָם.

# פּאָרטרעט פון יאָהאַן־סעבאַסטיאַן בורגנער

מיט אַ קאַרגע דרייסיק יאָר צוריק האָט ער נאָך געהייסן גאָר פּשוט: ברוך. דער נאָמען יאָהאַן־סעבאַסטיאַן איז זיין טויף־נאָמען. דעריבער טאַקע איז ער אַזוי נישט ענלעך אויף די אַנדערע פּליטים אין לאַגער. ער גייט אויסגעצויגן אין זיין גאַנצער יחסנדיקער לענג; דאָס גלאַטראַזירטע פּולבלוטיקע פּנים האָט נאָך גאָרנישט אָנגעוווירן פון דעם עזותדיק־ענער־גישן אויסדרוק; די האַרטע בלויע אויגן קוקן איבער אַלעם אַריבערשפּרייזנ־דיק, מיט אַ זיכערקייט אין אייגענעם דערפאָלג; די אונטערשטע ליפּ אַ פּליי־שיקע, פּעטלעך רויט, עטוואָס אָפּגערוקט, קלעפּט פּאָרעקשנט צו דער איי־בערשטער, וועלכע זעט אויס איידעלער, פיינפילנדיקער און איז דערום פאַר־משפּט געוואָרן צו טראָגן אַ דינטשיק איראָניש שמייכעלע, אַ רירעוודיקס און אַ שפּיציקס, וואָס דאַרף יענעם אי חנפהנען אי גרייזשען, אי מוטיקן אי פון פערד אַראָפּשליידערן.

און דאָך ליגט אין זיין גאַנצן הולך עפּעס פון אַן אומפּעיִקן קלאָון.

זיין גרויסאַרטיקע קימאָנאָ איז דאָ און דאָרט אויפגעטרענט, באַ־קלעפּט (פון שלאָפן אויף דער ערד) מיט פאַרטרוקנטע שטיקער בלאָטע, מיט גרעזער און שטרויעלעך. דורך די שוואַרצע עלעגאַנט־געשטרייפטע הויזן שפּאַרן ערטערווייז אַפּער ווייסע פּאַסן גאַטקע. פון די לאַקשיך איז איין קנאָפּל פאַרשוווּנדן, ווען די שטורמיסטן האָבן אים איבער דער גרענעץ געיאָגט. אָבער די געטרעס, די קרעמאָווע געטרעס זענען געבליבן גאַנץ! אויך דער צילינדער אויף זיין ברייטן קאָפּ — אויסראַזירט לויטן עכט דייטשן שטייגער — האָט כמעט נישט פאַרלוירן דעם אַריסטאָקראַטישן גלאַנץ. ווען מ'איז אים געקומען אַרעסטירן, האָט ער געדענקט אָנצוטאָן דעם צילינדער, מיט אים און מיטן טויף־שיין אין קעשענע — איז ער זיכער געווען — וועלן זיך אַלע טויערן פאַר אים עפענען.

ליבער גאָט! איז נישט אַ מאָל פאָרגעקומען אַ פאַרשווערונג קעגן אים? פוי... ער צווישן אָט די נע־ונדניקעס! ער, וואָס זיינע עלעקטרישע אַפּאַראַטן האָבן דערגרייכט אַ וועלט־רעננאָמע! ער, וועמענס צוויי זין זיצן אויף פּאָסטנס אין דער נאַצי־פּאַרטיי! ניין, דאָ איז אַ טראַגישער טעות געשען מיט זיין פּערזאָן, אַ בלוטיקער טעות!

אין אַלע אינסטאַנצן האָט ער שוין אָנגעשפּאַרט, באַמיט אויפצווייזן, אַז ער האָט קיין שום געמיינזאַמס נישט מיט די „לייזיקע". אָבער קיינער האָט דאָס נישט גענומען ערנסט. מען האָט אים באַטראַכט ווי אַ משוגענעם אָדער אַ שווינדלער, וואָס זוכט אַרויסצודרייען זיך פון לאַגער.

אָבער יאָהאַן־סעבאַסטיאַן בורגנער באַלאַנגט נישט צו יענעם שניט מענטשן, ביי וועלכע די קני ברעכן זיך אונטער באַלד נאָך דער ערשטער מפּלה. פון אייביק אָן, אַז ס׳פּלעגט אים איינפאַלן אַ פּלאַן, האָט ער געקענט אַלץ וואַרפן: זיין האָנער, זיינע פאַרגעניגנס, זיין לעבן. פאַר אַ פּלאַן האָט ער זיין יידישן גאָט מקריב געווען, פאַר אַ פּלאַן — זיין לייב פאַרהאַנדלט צו אַ רייכער גרושה, אַן אָפּגעדאַרטע ווי אַ גאָנע. צו דער מינוט האָט ער געמוזט אַהיימקומען און צו דער מינוט שלאָפן גיין. פאַרן לייגן זיך האָט ער געמוזט אַרויסלייענען פונעם אַלטן און נייעם טעסטאַמענט — ס׳וויב איז געווען קורצזיכטיק — ביז זי פּלעגט באַוויליקן אים אָפּצושטעלן: „יאָ־האַן, מאַך דעם צייכן און לעש אויס". גוואַלדיק אייפערזיכטיק, היסטעריש און פול מיט קנאה אויף דער יונגקייט פון איר מאַן, פּלעגט זי ביי דער מינדסטער אומפּינקטלעכקייט זיינער ברעכן כלים און זידלען אים ווי דעם שלימזלדיקסטן משרת־יונג. אויך ביי זיין געליבטער, מיט וועלכער ער האָט זיינע צוויי זין געהאַט, האָט ער קיין סך פריידן נישט געהאַט: דאָס ביסעלע צייט וואָס ער האָט פון זיינע געשעפטן אַוועקגעגנבעט, כדי עס צו פּטרן אויף איר ברייט זיידן געלעגער, האָט זי פאַרביטערט מיטן אָפּחוזקן פון אים, פאַר וואָס ער גט נישט די „העסלעכע אַלטע" און וויל נישט מיט איר חתונה האָבן.

ווי דאָן, בעת יאָהאַן־סעבאַסטיאַן האָט געשטעלט זיינע ערשטע טריט אין לעבן אַריין, אַזוי האָט ער אויך איצט פאַרבויגן זיין שטאָלץ און

זיך געמאַכט נישט זען דעם ביטול, וואָס ער האָט אַרויסגערופן אין די אינסטאַנצן, ווען ער האָט אַפּעלירט אין קריסטוס נאָמען.

ווען ער איז געוואָרן דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעוואָרפן פּראָסט־פּשוט ווי אַ ייד, האָט ער זיין גאַנצע אַנטוישונג אויסגעגאָסן אויף די פּליטים.

— צוליב אייך בין איך אַהער פאַרשלעפּט געוואָרן, צוליב אייך, שמוציקע ברואים! ווען וועט איר שוין ענדלעך איינזען, אַז אייער היס־טאָרישע ראָלע איז שוין זינט לאַנג פאַרענדיקט!

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ פּאָר גזלנישע אויגן. ביים באַגעגענען אַ פּליט האָט ער אויסגעשפּיגן און די הענט געביילט. ער האָט זיך נישט געוואַשן, געלאָזט הפקר וואַקסן די באָרד, זיינע מלבושים זענען מיט יעדן טאָג קויטיקער און צעריסענער געוואָרן. מען האָט אים תמיד געהערט עפּעס וואָרטשען, עפּעס נישט פאַרשטענדלעכס. פון וואָס ער לעבט איז נישט געווען צו באַגרייפן, וואָרעם פון דער אַלגעמיינער קיך האָט ער נישט אָנגערירט און עסן האָט מען אים אויך קיין מאָל נישט געטראָפן. ביי נאַכט האָט אים דער שלאָף נישט גענומען, די אַרומרינגלענדיקע פינצטערניש פלעגט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ פייערדיקע לאַווינע — דאָס איז דער פּליטים־לאַגער געלעגן אין פלאַמען...

איין מאָל האָט ער געהאַט אַ חלום, אַז זיינע צוויי זין אַרבעטן פאַר זיין באַפרייונג. אויפגעשטאַנען, האָט ער זיך ראַזירט, אויסגעבערשט די קליידער, צונויפגעטשאָמפּיעט מיט עטלעכע שפּילקעלעך די נאָכהענגענדיקע צויטן און אַוועק מיט אַ ניגון אויף די ליפּן צום הויז, ווו ס׳האָט געוווינט אַן אָנגעזעענער פונקציאָנאַר. אין די ערשטע צייטן איז ער אים נישט איין פאַרנאַכט נאָכגעטראָטן ביז אַהיים, אָבער בשום אופן נישט געקענט זיך אויסטענהן מיט אים פנים אל פנים. ער האָט געננוי געוווּסט, ווי אַזוי דער דאָזיקער פונקציאָנאַר הייסט, אין וועלכע טיר ער וווינט, דורך וועלכע גאַסן ער גייט אין ביוראָ אַריין, נאָר רעדן צו אים ווי אַ מענטש מיט אַ מענטש, דאָס — ניין.

צו דער באַשטימטער מינוט איז די פּערזאָן דערשינען, אָן דעם שטעקן זוי געוויינלעך, און גלייך אַריינגעשטיגן אין אַ טאַקסי, מחמת איבער נאַכט האָט געכאַפּט אַ פראָסט און אין גאַס איז געווען גליטשיק. יאָהאַן־

סעבאַסטיאַן איז דעסטוועגן נישט אומעטיקער געוואָרן, דווקא פאַרקערט: די טאַקסי, דאָס נישט מיטהאָבן דעם שטעקן, איז פאַר אים געווען אַ גוטער סימן... און אויפן וועג צו דער ביוראָ־געביידע, מיט דער הילף פון זיין דייטש־פוילישן ווערטערבוך, האָט ער דורכשטודירט שיינע, רירנדיקע פראַזן, זיי קלאַסירט לויט דער ריי, פאַר אַלע מעגלעכע סיטואַציעס. בלויז איינס האָט ער פאַרגעסן: ווי אַזוי זיך אַריינשמוגלען פאַרביי דעם טיר־דינער.

— שוין ווייטער איר? געגאַנגען... געגאַנגען...

די אָ אויפנאַמע האָט אַזוי נישט האַרמאָנירט מיט דער פייערלעכקייט פון זיין נשמה, אַז ער האָט זיך שיער נישט צעוויינט. גראַטעוועט האָט אים זיין ציגאַרן־שפּיצל מיטן גאָלדענעם רייפל.

— נעמט צו, טייערינקער...

אָנגעקומען צום אָנגעזעענעם פונקציאָנאַר אין קאַבינעט, האָט ער פאַר אים געקניט, זיך איבערגעצלמט, דערציילט פון זיינע צוויי זין... די פערזאָן האָט אַלץ אויסגעהערט מיט אַ לצנות־שמייכעלע און אָנגעקלונגען נאָכן וועכטער.

— וויפל מאָל דאַרף מען אייך וואָרענען נישט אַריינצולאָזן דעם מאַן? פירט אים די רגע אין שפּיטאָל אַוועק!

יאָהאַן־סעבאַסטיאַן האָט אַרויסגעלאָזט אַן אוממענטשלעך געשריי און אַנטלאָפן. ער איז פאַרקראָכן אין אַ נאָרע און לאַנג געכליפּעט אויפן קול: זאָל דאָס מעגלעך זיין?... און מיט אים, מיט אים?... אין זיין באַוווסטזיין האָט אויפגעטויכט אַ פאַרקאָפּטשעט שטעטעלע ערגעץ אין מזרח־גאַליציע, אַ גראָשעדיק קרעמל, דאָס פאַרצאָגטע פּנים פון זיין מאַמען, און ס׳האָט אים באַהערשט אַזאַ פיזישער ווייטיק, אַזאַ שטעכעניש, ווי זיין לייב וואָלט באַדעקט געוואָרן מיט געשווירן...

# דער בריוו פון קאָנצענטראַציע־לאַגער *

פאַרגיב מיין דרייסקייט דיר צו שרייבן, כאָטש אַ פרעמדער בין איך דיר און קיין מאָל האָבן דיינע ליפּן נישט באַוויזן זיך אין מיין ריכטונג אַריין און קיין מאָל האָט דיין אויער נישט צוגענייגט זיך צו מיינס אַ וואָרט.

פאַרגיב מיין געוואַגקייט, כאָטש דו ביסט מיר אויך אומבאַקאַנט — אומבאַקאַנט ביז צום קאָליר פון דיינע אויגן.

אָבער מיינע געפילן קענען דיך!

און אפשר האָבן זיך אונדזערע געדאַנקען שוין ערגעץ ווו באַגעגנט? און זיך באַהאָפטן?

אפשר ביסטו (ווי איך אין יענעם זונטיק־פרימאָרגן, ווען כ'האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזען) אויך איבערגעלאָדן געווען מיט יענעם וויטיקלעכן באַגער נאָך פרייהייט? קען זיין, ביסט, ווי איך, אַ פרעמדע אין דעם דאָזיקן לאַנד און פאַרבענקט האָט זיך דיר נאָכן ריח פון דיין היימערד? נאָכן גערויש פון אַלטן קאַשטאַנבוים, אין וועמענס שאָטן האָסט באַהאַלטן דיין ערשטן ראַנדעוווּ־ציטער?

אָ, דערלויב מיר צו רעדן מיט דיר!

*

אין יענעם זונטיק־פרימאָרגן האָב איך שפּאַצירט איינער אַליין איבער אונדזער לאַגער, פאַזע די שטעכלדראָטן. דער הימל איז געווען פאַרצויגן, די פעלדער אַרום — פּוסט פון מענטש; קיין פויגל. איבערן אַספאַלטירטן

---

* נאָוועלע, געשריבן אין לאַגער פון פּיטיוויע (רעד.)

יאָסל צוקער

דער בריוו פון קאָנצענטראַציע-לאַגער.

פאַרגיב מײַן דרײַסטקייט דיר צו שרײַבן, כאָטש
אַ פרעמדער בין איך דיר און קיינמאָל האָבן דײַנע ליפּן
נישט באַוועגט זיך אין מײַן ריכטונג אַרײַן, אין דײַן
אויער נישט צוגענייגט זיך צו מײַנס אַ וואָרט.
פאַרגיב מײַן געוואַגטקייט, כאָטש דו ביסט
מיר אויך אומבאַקאַנט — אומבאַקאַנט ביז צום
קאָליר פון דײַנע אויגן.
אָבער מײַנע געפילן קענען דיך!
און עפשר האָבן זיך אונדזערע געדאַנקען שוין
ערגעץ וווּ באַגעגנט? און זיך באַטאַפּט?
עפשער ביסטו (ווי איך אין יענעם זונטיק-
פרימאָרגן, ווען כ'האָב דיך צום ערשטן מאָל דערזען)
אויך איבערגעלאָדן געווען מיט יענעם ווייטיקלעכן באַגער
נאָך פרײַהייט? קאָן דען ביסט, ווי איך, אַ פרעמדע
אין דעמדאָזיקן לאַנד און פאַרבענקט האָט זיך
דיר נאָכן ריח פון דײַן היימלאַנד: נאָכן גערויש
פון אַלטן קאַשטאַנבוים, אין וועמעס שאָטן האָסט
באַהאַלטן דײַן ערשטן קינדער-ווײ צער?...
אָ דערלויב מיר צו רעדן מיט דיר!



פאַקסימיליע פון „בריוו פון קאָנצענטראַציע־לאַגער"

וועג — די גרויע שטילקייט פונעם הימל. אַ פייכט מערץ־ווינטל האָט גע־ברענגט צו שלעפן די גלאָקנקלאַנגען פון פיטיווויער קלויסטער און זיי צעהאַנ־גען איבער דער פאַרלאָזנקייט ווי אַ געוואַנט פון טרויער, פון נעגאַציע.

כאָטש אַ פול יאָר אינטערנירונג האָט אויף מיר געדריקט מיט אַ מרה־שחורה, מיך פאַרמויערט אין מיין איינזאַמקייט, איז די שטילקייט פון דעם פרימאָרגן מיר געווען פיינלעך ביז טרערן. ווי אַ פעטליע וואָלט מיין האַלדז געוואָרגן, ווי ברוטאַלע הענט וואָלטן מיט מיין נשמה זיך געשפילט.

איך בין נישט אַ קינד, נאָר וואָס אָפּגעריסן פון הינטערן מאַמע־פאַר־טעך. איך בין געווען פאַרהאַרטעוועט קעגן סתם סענטימענטאַלקייט. צו ניין יאָר, ווי אַ קיילעכדיקער יתום, האָב איך פאַרזוכט דאָס זויערע ברויט ביי פרעמדע טישן און די שטעכיקע וואַרעמקייט פון אויסגעבאָרגטע בעטן. אָבער צו שטאָלץ בין איך געווען אונטער יענעמס ווילן זיך צו בייגן, און דער אינ־סטינקט פאַר זעלבשטענדיקייט — צו מעכטיק אין מיר — וואָרן אַ געטאָ־קינד. וואָס האָב איך אַלץ נישט געטאָן? פאַרקויפט בייגל אין די וואַר־שעווער גאַסן, אַ גלעזער געוואָרן, אַ האַליע־טרעגער, אַ רעדאַקציע־שיק־יינגל. כ׳האָב איך געקלעפּט פּלאַקאַטן אויף ביינאַכטיקע ווענט, שטודירט עספּעראַנטאָ און געטרוימט פון ווערן קונסטמאָלער, אַ מין יידישער ברע־געל... צו פערצן יאָר האָב איך געוווסט אַלע הינטערקוליסן פון לעבן, ווי אַ מאַן פון 25 ביי אַנדערע פעלקער. מיין פאָטער איז געווען אַ מענטש מיט גרויס ערלעכקייט, אַ באַשיידענער, אַ שטיק אוטאָפּיסט פון די ביבלישע צייטן, אין פרנסה — אַן אויסגעצייכנטער שלימזל: געדרייט מיטן שטעקעלע. דעסטוועגן האָט מיין צעפאָרענע עקזיסטענץ נישט פאַרטיליקט אין מיר דעם חוש פאַר געזונטקייט. אויב בלייבן אין אַנטיסעמיטישן פּוילן, האָב איך געוווסט, ווער איך פאַרמשפּט פאַרצוזעצן דאָס לעבן פון אַ סך יידן — פון אַ לופטמענטש; און איין מאָל, אין אַ באַגין פון מיין פופצנטן יאָר, האָט מיך אויפגעוועקט דער געדאַנק וועגן אויסלאַנד. ביי אונדז, יידישע יוגנט, איז אויסלאַנד געווען אַ סינאָנים צו גלייכהייט, ברידערלעכקייט, דער־גרייכונג. — — —

וועגן דעם אַלעם האָב איך דאַן געקלערט, ווען מיינע אויגן זענען

פאַרלאָפן מיט טרערן. אַ לאַנגע צייט בין איך געשטאַנען אומבאַוועגלעך און מיינע צען יאָר פאַריז האָבן פאַרבייגעשוועבט: צען יאָר פאַבריק, אַקאַדעמיע און — מיין אַטעליע. ס׳אַראַ עקסטאַז! אַלץ וואָס כ׳האָב געזען, געפילט, איז געווען פאַרב, ליניע, קאָמפּאָזיציע. פינף שעה שלאָף האָבן מיר גענוגנט. ווען צוגרייטנדיק מיינע אַ זעלבשטענדיקע אויסשטעלונג איז מיר ראַפּטעם פינצטער געוואָרן פאַר די אויגן: די מלחמה. אָ, איך בין געווען נאַיִוו, פאַרבלענדט צו מיינען, אַז ווייל כ׳האָב אָן מורא שפּאַצירט פראַנק און פריי, אַז ווייל מיין יידישקייט האָט מען נישט געטאַדלט אויף שריט און טריט — איז דאָס אַליין שוין פרייהייט, און ווערט פאַרטיידיקט צו ווערן — און כ׳בין געלאָפן באַשיצן ס׳פאַרקאָפּטשעטע געפּלאַצטע גלעזל אויפן דעמאָקראַטישן קאַנאַניקל. כ׳בין אַהיימגעגאַנגען מיט אַ ווונד אין דער ברוסט, פאַרדעקט מיט אַ מעדאַל. איז עס אַ תירוץ אויסצומיידן דעם יידישן קאָנצענטראַציע־לאַגער ?...

דורך מיינע טרערן האָב איך געקוקט אויף דער פאַרצוימונג, צום שאָסיי. קוים אַ צענדליק מעטער פון מיר שטייט די צוקערפאַבריק. יעדן באַגין קומען אַרבעטער אויף וועלאָסיפּעדן — רוזקע, זיכערע מאַרגן ווידער דורכצומאַכן די פיר־פינף קילאָמעטער ווי פאַר צען יאָר, ווי מיט פופציק יאָר אַפריער — זייערע זיידעס. מעג זיין אַ ראַדיקאַלער מיניסטער, אַ פראַ־רעכטער. פאַר מיר האָט די מינדסטע פאַרלאַמענט־רעדע, דאָס אומזיניקסטע אַרטיקל פון רעדאַקטאָר זעט גורם געווען אויפן לויף פון מיינע טעג.

איך האָב געקוקט צו די קאָמפּאַני־הייזלעך אַנטקעגן מיר — מענטשן לעבן דאָרט אין וואַרעמען קרייז פון קינדיש געלעכטער און אַלץ איז פאַר זיי אַזוי זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַזוי נאַטירלעך — דער שאָרך פון אַ פרויען־קלייד, דער באַגריף: גייך ווו מ׳ווינטשט זיך. און אַזוי נאָענט פון מיין בענקשאַפט, פון מיין שטרוי־נאָרע, פון מיין דערנידעריקונג!

די שרעקלעכסטע אַכזריות פאַר אַ געפאַנגענעם, איז ווייזן אים אַ שטיקל הימל אָן קראַטן, אַ זומער־פייגעלע אויף די ליפּן פון אַ בלימל, אַ יונגן לאָק פון אַ מיידל.

אין אַזאַ צושטאַנד האָב איך זיך געפונען, ווען פלוצעם — פלוצעם ביסטו דערשינען.

איך האָב דיך נישט געזען — בלויז אָפּגעפילט, אין מיר, אינעם זינדיקן ריטעם פון מיינע בלוטן. איך בין געווען דאָס ווינטל אין דעם פאַלד פון דיין קלייד, מיין הויך פאַרמישט מיט דיין הויך, מיינע האָר צו־נויפגעפלאָכטן אין דיינע, מיין ליפּ צונויפגעוואַקסן מיט דיינער, און צווישן אונדז ביידן — אַ שפע פון זון.

ביסטו אָוועקגעגאַנגען פּראָסט און פּשוט, ווי יעדער געוויינלעכער מענטש? האָסטו זיך פאַרלוירן אין עטער ווי אַ זומערדיק וואָלקנדל? איך בין געווען מיט דיר, ביי איין טיש געזעסן, אָפּגעהיטן דיין שלאָף. איך האָב געהאַלטן דיין האַנט; דו האָסט מיר דערציילט דיין לעבן.

מיין טאָג איז דורך ווי אַ קינדער־מעשהלע.

מיין בליק האָט מער נישט געבלוטיקט, אָנשטויסנדיק זיך מיטן שטעכלדראָט.

די נאַכט פול מיט סודות, וועגן דיר.

כ׳בין מער נישט געווען אַליין אויף אָט דער פרעמדער ערד. מיינע אָנדערטהאַלבן טויזנט שכנים, די באַראַקן, דער זשאַנדאַרם — זענען געווען הימלווייט פון מיר. בלויז דערוואַרטונג בין איך געווען. דערוואַרטונג — דאָס בוך, וואָס כ׳האָב געלייענט, די קאָלדרע, אין וועלכער כ׳האָב מיך איינגעטוליעט; דערוואַרטונג — די פינצטערניש... אַרום מיר האָט גע־שאַלט דער טראָמפּייט פון פרילינג. און די ערד, און דער הימל, ביז צום קלענסטן אינזעקטל האָט מיטגעזונגען מיין הימען צו דיר.

יעדן באַגין בין איך אַרויס צו די שטאַכעטן, איבערצייגט אין דיך קומען, אַז דו מוזסט קומען! ווי סטייעס פייגל האָבן די שעהען זיך גע־קליבן אַרום מיר. אַ זיסער ווייטיק האָט געקלעמט מיין ווע‌זן, איך בין גע־וואָרן אייפערזיכטיק אויף דיין פאַרגאַנגענהייט, אָפּגעפילט אַ שנאה צו די מאַנסבילן פון דיין קרייז, צו איטלעכס וואָרט זייערס... ווי לאַנג די טעג האָבן זיך געצויגן!

*

און ווידער זונטיק...

אַ גאַנצע וואָך האָב איך זיך געגרייט אויף דעם טאָג פון אַלע

טעג: געגעבן אויסצופוצן מיינע סאָלדאַטסקע שיך (אַן אָנדענק פון פראָנט) דעם ווונדערבאַרן שיכפוצער פון לאַגער — ער קען ס׳געהיימעניש פון שוואַרצע שפיגלען! כ׳האָב אויסגעבונדן מיין זיידענעם קראַוואַט, די האָר אונטערגעשוירן פאַר דער צייט, און פייכט געמאַכט, אַ נאַכט פריער, מיינע הויזן — צו פאָרמירן אַ קאַנט.

און זיך אַוועקגעשטעלט לויערן...

דער הימל איז געווען בלוי — בלוי ווי אויף סיסלעיס אַ פּייזאַזש, פול יוגנטלעכע פרישקייט און ענערגיע. לייכט און שפּילעוודיק האָבן זיך געהוידעט די קירכע־גלאָקן, ווי אַ קינד אויף אַ צו הויך געזעס וואַרפט אין שמחה זיינע פיסלעך. ערגעץ ווו האָט אַ קעלבל זיך געלערנט מעקען.

נאָר דו — דו האָסט זיך נישט באַוויזן. איך האָב פאַרשלאָסן די אויגן. אַ פראַסטיקער פליגל האָט איבער מיר געפאָכעט... אפשר האָסטו אויף אַ וויקענד אַהער פאַרבלאָנקעט? אפשר געפינט זיך דאָ דאָס קבר פון דיינע עלטערן און ביסט געקומען אויסרייניקן דעם אוהל, טוישן די בלומען־טעפּ? ניין, ביסט גאָר אַ וויזיע געווען — די וויזיע פון מיין עלנט, פון מיין נויט...

אויף מיין שטרוי־נאָרע האָב איך לאַנג און הייס געוויינט, צום ערשטן מאָל זינט מיין מאַמעס טויט. ס׳איז מיר שוין אַלץ איינס! דער קריג דויערט און וועט נאָך דויערן, מאָרגן קען מען מיך שיקן אַרבעטן אין אַ פּולווערײַ, וואָס איז דער צילפּונקט פון שונאס אַוויאַציע. שטאַרבן איז מיר געווען גלייכגילטיק. אַ פּאָר וואָכן בין איך געזונקען אין אַ פולשטענדיקער נאַכט...

ביים אויפקומען האָב איך אָפּגעשפּירט אַ טויבן ווייטיק, גלייך מ׳וואָלט מיר אַמפּוטירט אַ גליד. דענערווירט. אויסגעשעפּט. דער מינדסט־טער טאָן איבער דער נאָרמאַלער גאַמע האָט מיך אויפגערייצט. די זון האָט מיך געלאַנגווייליקט. כ׳האָב פיינט געקריגן דעם בלויען קאָליר, באַגערט פאַרוואַנדלט צו ווערן אין אַ וואָלקן, אין אַ קינד, וואָס האָט נאָר וואָס אַנט־דעקט זיין אייגן קולכל.

איטלעכן פרימאָרגן האָט מיך געוועקט אַ פרעמדער טאָג, אַן אויס־טערלישער, אַ העסלעכער — ביים ערשטן בליק־אויסטויש האָבן מיר זיך געהאַסט.



יאָסל צוקער (דער ערשטער פון לינקס)
אין לאַגער פון פּיטיוויע, 1942

כ'האָב באַגערט באַהעפטן זיך צו גאָט, תפילה טאָן. נאָר צו פרי איז מיר באַוווּסט געוואָרן, אַז גאָט — דאָס איז מענטש; אַז תפילה־טאָן — הייסט קעמפן.

אין דיר צו פאַרגעסן, דיך אויסצומעקן פון מיין זכרון — האָב איך זיך געוואָרפן אין קאָרטן־שפּיל, באַטייליקט זיך אין אַלע הוילע דיסקוסיעס, ענגלישע פּאָליציי־ראָמאַנען געזופּט.

דאָך איז עס מיר נישט געלונגען.

ווייל דו האָסט געלעבט אין מיינע געפילן: ביסט געווען ווירק־לעכקייט.

*

אַצינד, צו יעדער געלעגנהייט פון אַרבעט אויסערן לאַגער, בין איך פרייוויליק צוגעשטאַנען. איטלעכס הויז, גאָרטן, קרעמל אויף מיין וועג דורכגענישטערט מיטן בליק, געפאָרשט. עקשנותדיק געגלייבט אין דיין עקזיסטענץ.

איך בין געווען אַ נאָכגעלאָזטע פייל אין ווינט.

איין מאָל, אויפקומענדיק אין מיטן דער נאַכט, האָב איך קאָמפּאָזירט די דאָזיקע סטראָפעס לכבוד דיר:

פאַרפלאַכטן, ווי דער זונשטראַל אין דיין סאַמעט־שוואַרצן צאָפּ,
ווי דאָס נאָמענלאָזע בלימעלע, וואָס פאַנגט דיין בליק צו זיך אַראָפּ,
אויף דיין אַלאַבאַסטער־נאַקן רעגנטראָפּנס הימען,
די טרויב, וואָס באַזאָפט דיין גומען —

וואָלט איך וועלן זיין!

גלייך צום ווינטל אינעם פאַלד פון דיין קלייד,
דער עכאָ פון דיינע נישט אַרויסגעזאָגטע רייד,
די סטרונע, וואָס דיין פינגער באַרירט,
דאָס שפּיגעלע, וווּ יעדן טאָג דיין יוגנט טריומפירט —

וואָלט איך וועלן זיין, אָ, מיין אויסדערוויילטע!

איך האָב דיך געפונען, געפונען ווען מיר זענען געגאַנגען אַ מאַן צוואַנציק, צו דריי אין אַ ריי, אויפן שאָסיי קיין טורי, צו די שטיינפעלדער. ביסט געזעסן אויף דער שוועל פון אַ געמויערט הייזל און געלייענט אַ בוך. ביי דיין זייט האָט אַן אַלטער וואָלפהונט געוואַרעמט זיך אין דער זון. אונדזער פייפן, אונדזערע אָפּגעריסענע פריילעכע לידלעך, דער האַלב קאַטאָוועסדיקער סאָלדאַטסקער גאַנג, האָט איךביידן אויף אַזוי פיל אינ־טריגירט, ווי לאַנג אונדזערע צוואַנציק שאָטנס האָבן זיך געגליטשט איבער איך. די חיה האָט אויפגעקנייטשט אַן אויג און פויל אַ ביל געגעבן. דו, דו האָסט, נישט אויפהייבנדיק די אויגן, אונדז אָבסערווירט. אַ רויקייט האָט מיט אַ מאָל באַדעקט דיין געזיכט, גלייך דו וואָלסט זיך געפילט מיטשולדיק לגבי אונדז אַלע. איך האָב געוואָלט צולויפן צו דיר, אַרומנעמען, אויסרופן: איך קען דיך! מיר קענען זיך שוין אַן אייביקייט! מיר האָבן באַנאַנד עקס־פּלאָדירט דעם מילכוועג!...

אָבער מיר, מיר זענען נישט געווען אַליין, אונדזער הייך האָבן באַ־וואַכט געלאָדענע רעוואָלווערן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

זיי מוחל די דרייסטקייט פון דעם בריוו, אָ, מיין טייערע אומ־באַקאַנטע!

שרייב מיר דעם קאָליר פון דיינע אויגן.

מיין באַצייכענונגס־נומער איז 2027.

פּיטיוויע, אַפּריל 1942

# דערוואַרטונג

אין אָפּענער טיר שטיי איך און וואַרט.

און ס׳וואַרט דער רויטער עפּל אויפֿן טיש,
אונדזער אָנגעהויבן בוך,
און ס׳בינטל בעז,
וואָס היט אייפֿערזיכטיק איר פּאַרפֿום
פֿאַר דיר;
איבערן קאַמין —
ווי אַ כוס אָנגעפּילט מיט פֿרילינגבלוי —
וואַרט אונדזער שפּיגל;
אין פֿענצטער בייגט זיך די אַלאַנדע
(געדענקסט ווען מירן זי פֿאַרפּלאַנצט?)
דאָ צום וועג, דאָ צו מיר,
מיט לעכצונג נאָך דיין קריגל קוואַלן־וואַסער;
הינטל מוכאַ טרוימט אויפֿן אָטאָמאַן
פֿון דיין צאַרטער שוים
און מיין פֿידל אויפֿן וואַנט וויברירט
אין דערוואַרטונג נאָך דיר —

כאַטש מיר אַלע,
מיר אַלע ווייסן,
אַז קיין מאָל וועסטו שוין נישט קומען.

* * *

האַרץ מײַנס!
באַרג אױם בײם װינט די פליגל
און בײם גרעזעלע זײַן פשטות,
באַהעפט דײַן אומגעדולד
צום אױסדױער פון דער געװינערין,
און בײם גליװערעמל, װאָס פירט
דורך נאַכט
דעם הימלאָזן װאַנדערער —
לערן זיך עקשנות.

# מ אָ ט אָ

איך וועל דיך קושן,
ווי דער טוי־טראָפּן דעם בלום־בעכער.
דיין מאַמע־אָרעם וועט אַרומשאַלן מיין האַלדז.
און אַט אַזוי,
שווייגנדיק,
וועלן מיר דורכקרייצן די נאַכט...

* * *

חנהלע, מיין!
דער טאָג איז שוין צו ענד,
ווּ האָסטו זיך פאַרזוימט?

איך האָב געפרעגט ביים גרויען שטיין:
האָסטו נישט געזען
געפלאַצטן שוך פון מיין ליבסטער גיין?

איך האָב געפרעגט ביים אַנאַנס אין פענצטער:
האָסטו נישט געפילט
דעם צאַרטן בליק פון מיין שענסטער?

איך האָב געפרעגט ביים סאָדעוואַסער־יד:
האָט נישט דאָ מיין טייערסטע
פאַר אַ גראָשן אָפּגעשווענקט איר מיד?

איך בין אַוועק צום ווייסל־ברעג:
אָ, דו בלויער אומזין!
האָסטו נישט געפאַנגען מיין איינציקע, אָן־אויסוועג?
— — — — — — — — — — — — — — — —

די נאַכט איז אַנגעשוואָמען אויפן טייך.
מיט אַ מאָל:
אויסגעביילטע מאַסע,
ווי שוואַרצע פויסט,
הייבט זיך איבער מויער,
איבער הונגעריק געוויין
און פּאַרויס שוועבט —
אין פּורפּור איינגעהילט —
אַנטקעגן שטערן,
אַנטקעגן בלאַנקן שווערד,
חנהלע, מיין אויסדערוויילטע — — — —

# SOUVENIR

עס געדענקט זיך מיר יענע נאַכט אונטערן רעגן,
אין דיין אויג געוויטיקט האָט פרעמדשטאָטיש ליכט פון
גאַזלאַמטערן.
איך האָב געפרעגט: ווו איז דיין האָפענונג געווענדט?
געשמייכלט האָסטו, מיר געוויזן אויפן געפּעק אין דיינע הענט.

איך האָב געהאָפט אַ געליבטע זיין צו דיר,
די ווייטקייט אָבער האָט געזונגען אין דיר...

אין נאַכט און אין רעגן ביסטו אַוועק.
און פון דעמאָלט אָן פייניקט מיינע טעג
דער סירענע־פייף פון לאָקאָמאָטיוו.

## אין קוימען וויינט דער ווינט

נאַכט.
אַ שנירל רעגן בלאָנדזשעט אויפן פענצטער.

אין האָטעל־שטיבל, פאַרן שפּיגל,
שטייט מרימל, דאָס יידישע מיידל.
אַ צעקנייטשטע לבנה קאָפּטשעט אין ווינקל
און באַלייכט איר גרינע ברוסט,
וואָס האָט קיין מאָל נישט געמילכט,
און באַלייכט איר פאַלדעוואַטן בויך,
וואָס האָט קיין מאָל נישט געמוטערט.

אין קוימען וויינט ווינט —
ס׳געוויין פון נישט געבוירענעם קינד.

זי גייט אין בעט אריין.
און ווען שלאָף פאַרלייגט דעם ריגל אויף איר אויג
לויפן גרענעץ־סלופּעס אָן.
הויפנס אויסגעבאָרגטע דאָקומענטן.
עלנט אין צעבליטע פרילינג־טעג.

און ווּ איז קינדהייט?
און ווּ די יוגנט?
אַ ווּ מיידלשער חלום?

ווי הונגעריקע קראָען אין ווייסן שניי
קראַקען אירע פינגער אויף איר דאַרער נאַקעטקייט.

אַ האָן קרייט.
און ס'ציטערט די נאַכט אויף איר טראָן.

## כ׳געדענק

כ׳געדענק:
לבנה־שיין —
ערשטן האַרפּע־צאַפּל פון אונדזער זיין.

כ׳געדענק:
שטעגל אין פעלד —
אין אונדזער אויג האָט גרויסער סוד געהעלט.

כ׳געדענק:
בלויען לאַך, בלי־פאַרמעסט —
אויף דיין ברוסט כ׳האָב הימלאָז־מיין גענעסט...

## דו

איבער מיין הויז
האָט אַ טויב
אויסגעוואָרקעט דיין נאָמען,
אָ, מיין אויסדערוויילטע!

איך בין אַוועק אין פרימאָרגן, דיר אַנטקעגן.

דאָס טוי־דימענטל האָט מיר אויסגעשפּיגלט
דיין געשטאַלט,
דער קאַרשנבוים — מיר איינגערוימט
דעם ריח פון דיין קלייד,
און דאָס בלויע קאָרנבלימל —
דעם כישוף פון דיין אויג,
און דאָס גאָלדיקע תבואה־פעלד —
דעם רעמבראַנדטישן אַקאָרד פון דיין לייב.

איך הער ס׳געזאַנג פון דיינע טריט, וואָס נענטערן...

## געבעט

אָ, זאָל דיין ליבע זיין ריין
און לויטער,
ווי פרימאָרגן־אָטעם פון עפּלבוים,
און דער פליגל פון אייפערזוכט
זאָל נישט באַפלעקן מיט זיין שאָטן
מיין בלויע פרייד!

אָ, זאָל דיין ליבע זיין מנוחהדיק
און פול,
ווי אָוונט אין די בערג,
און ווי אויפגעגאַנגען תבואה־פעלד,
וואָס באַגערט
די אַרומאָרעמונג פון שניידמעסער!

האָב מיך ליב —
ווו דער גורל זאָל פאַרוואָגלען מיין געביין:
איך הער דעם רוף פון טראָמפּייט
און דעם גאַלאָפּ פון פערד.

# אינהאַלט

לידער:

## אין פאַרלאַג י. ל. פרץ זענען ביז היינט דערשינען

## פאָלגנדיקע ביכער:

### אין יידיש:

| | |
|---|---|
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 1) — אויספאַרקויפט |
| י. זרבבל | בלעטער פון אַ לעבן (באַנד 2) |
| מענדל מאַן | נאַכט איבער גלושינאָ |
| אברהם סוצקעווער | אין מדבר סיני |
| ישראל טאַבאַקמאַן | מיינע איבערלעבונגען |
| ש. בערלינסקי | בילדער און דערציילונגען |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | היימישע און נאָענטע |
| מענדל מאַן | ביי דער ווייסל |
| ק. צעטניק | דאָס הויז פון די ליאַלקעס |
| יוסף בירשטיין | אויף שמאָלע טראָטואַרן (ראָמאַן פון קיבוץ־לעבן) |
| מלך נוי (ניישטאָט) | דאָס ערשטע און צענטע יאָר מדינת ישראל |
| מאָטעס דייטש | צום נאָענטסטן שטערן — יידיש (לידער) |
| יצחק לעוו | אין גערצאַנגל (געקליבענע שריפטן) |
| מרדכי יפה | צען ישראל־דיכטער |
| יצחק פּאַנער | שלום אַש אין זיין לעצטער היים |
| פרץ גראַנאַטשטיין | מענטשן פון נעכטן |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 1) |
| יחיאל האָפּער | אַ הויף אויף פּאָקאָרנע (באַנד 2) |
| ה. לייוויק | אויף צאַרישער קאַטאָרגע |
| נחמן דרוזדוב | אחד־העם |
| עזרא קאַרמאַן | צייכנס און צירופים |
| רבקה באַסמאַן | טויבן ביים ברונעם (לידער) |
| י. צ. שאַרגעל | פון ווי און גלויבן (לידער) |
| דוד זאַקאַליק | גערצאַנגל |
| אַ. קאַרפּינאָוויטש | דער וועג קיין סדום |
| א. ריוועס | מיט דער שיף „טשיטשערין" |
| יוסף כרמל | אַ רייזע צו פאַרשטויסענע ברידער |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 1) |
| מרדכי אורן | דער פּראָגער אַרעסטאַנט דערציילט (באַנד 2) |
| יחיאל האָפּער | ר' זלמן |
| א. שטיינבאַרג | משלים |
| הערש מענדל | זכרונות פון אַ יידישן רעוואָלוציאָנער |

| | |
|---|---|
| נ. ניר־ראַפּאַלקעס | ערשטע יאָרן |
| י. זינגער | דראַמאַטישע שריפטן |
| דוד פלאַקסער | אידעישע שלימותן און האַלבע אמתן |
| ש. וואַרזאַגער | ברויט (ראָמאַן) |
| בעריש וויינשטיין | אין דוד המלכס גיטער (פּאָעמע) |
| לוי פּאַפּיערניקאָוו | אין דער נייער היים |
| אברהם ליס | היים און דויער (עסייען) |
| ד״ר ח. שאַשקעס | מיט יידן צווישן אינדיאַנער, נעגער און אַראַבער |
| משה ווייסמאַן | אַ האַלבער יאָרהונדערט אין אַמעריקע |
| פּ. גאָרעליק | פון די מלינער וועלטן |
| י. בראַנשטיין | אינאיינעם און באַזונדער |
| פּ. בערמאַן | אָפּענע פענצטער (לידער) |
| א. וואָלף יאַסני | די געשיכטע פון יידן אין לאָדזש אין די יאָרן פון דער דייטשער יידן־אויסראָטונג |
| אריה שמרי | די פונקען פון תיקון (פּאָעמע) |
| א. סוצקעווער | אָאַזיס (לידער) |
| א. מנור | 40 יאָר הסתדרות |
| א. לעוו | ביימער אין ווינט (לידער) |
| ל. אליצקי | מיין האַרץ־רייזע (לידער) |
| יעקב כהן | דער גורל פונ׳עם ייד |
| נ. דרוזדוב | יידן אין מיטלאַלטערלעכן איטאַליע |
| ספר זרבבל | צו זיין 75־טן געבוירנטאָג |
| י. פּאַפּיערניקאָוו | די זון הינטער מיר (לידער) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 1) |
| ד״ר צבי כהן | די העלדן אין דער וועלט־געשיכטע (באַנד 2) |
| מ. יפה | ארץ־ישראל אין דער יידישער ליטעראַטור |
| ד״ר מ. דוואָרזשעצקי | אייראָפּע אָן קינדער |
| ק. צעטניק | דער זייגער וואָס איבערן קאָפּ |
| מלכה לי | אין ליכט פון דורות (לידער) |
| דבורה דיין | אין גליק און אין טרויער |
| יוסף ראָטנבערג | (צו זיין ערשטער יאָרצייט) |
| ש. פּאָליאַקעוויטש | אין אַ פרעמדער הויט |
| ב. עפּשטיין | זאַנגען אויפן ווינט |
| יוסף גאַר | ווידערקלאַנגען |
| ארגון יוצאי בארשטשיוו | ספר בארשטשיוו |
| מרים ריינעס־מלצר | צום קוואַל |
| יעקב כהן | אונטער סאָוויעטישע הימלען |

| | |
|---|---|
| ד״ר חיים שאָשקעס | פון מאָסקווע ביז עבר הירדן |
| ב. שלעווין | חברים פון מוראַנאָווער ראַיאָן |
| ע. פערשלייסער | געקליבענע דערציילונגען |
| ה. אַקערמאַן | כ׳בין קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים |
| יחיאל האפער | אַ הויף אויף מוראַנאָוו (2 בענד) |
| אסתר לוריא | פרויען אין קנעכטשאַפט — אַלבאָם |
| רחל פישמאַן | זון איבער אַלץ |
| נוסיאַ — איניאַ שיפמאַן | „דאָס לעבן נאָך פאַר מיר״... |
| אירגון נכי המלחמה בנאצים | אַנטקעגן דעם נאַצישן שונא |
| אירגון יוצאי סטרי | ספר סטרי (יידיש־העברעיש־ענגליש) |
| ש. זאראמב | אויסדערוויילטע שריפטן |
| מ. ז. טקאַטש | מיין האָב און גאָב (לידער) |
| רחל קאָרן | פון יענער זייט ליד |
| איציק מאנגער | ליד, באַלאַדע, דערציילונג (יידיש־העברעיש) |
| ל. חיין־שמעוני | ג אַ נ ג |
| ק. מאָלאָדאָווסקי | לידער פון חורבן — ת״ש—תש״ה, אַנטאָלאָגיע |
| מ. י. שעליובסקי | אין יאָרן אַרום |
| י. שטיינבערג | חכמה פון יידישן קוואַל (אַפאָריזמען, מאמרי חז״ל און גלייכווערטער) |
| ל. פאַפּיערניקאָוו | די משפחה יעלניק |
| יהושע אַלקאָן | דראַמאַטישע ווערק |
| ל. קוסמאַן | דער לאָמפּ ברענט (לידער) |
| ה. יונג | העכער די וואָלקנס |
| נחמן מייזיל | צוריקבליקן און פערספּעקטיוון |
| ק. שבתאי | ווי שאָף צו דער שחיטה? |
| ל. כאַנוקאָוו | קריזיס |
| נ. ראפּפּ | אַ קרוג מיט וויין (לידער) |
| נ. דראזדאוו | אחד העם (ענגליש) |
| יעקב גלאטשטיין | מיט מיינע פאַרטאָגביכער |
| ישעיהו שפּיגל | די בריק (נאָוועלן) |
| מאַני לייב | לידער און באַלאַדן — יידיש־עברית |
| אפרים אויערבאַך | וואָך איז דער סטעפּ (לידער) |
| ב. עפּשטיין | דורך דעם גרינעם טויער |
| ש. וואָרזאָגער | זאָמד |
| מ. פולאָווער | געווען איז אַ געטאָ (לאָדזש) |

| | |
|---|---|
| יעקב פרידמאַן | נפילים (דראַמאַטישע פּאָעמע) |
| י. זאַנדבערג | דער שונא אין די מויערן |
| דניאל טשאַרני | די וועלט איז קיילעכדיק |
| ב. שפּינאָזע | עטיק (איבערזעצט: ש. ווינער) |

**ב ע ב ר י ת:**

| | |
|---|---|
| יוסף רוזן | כתבים נבחרים |
| אפרים שרייער | אמנות ותיאטרון |
| י. לשצינסקי | הדמות הלאומית של יהדות הגולה |
| יעקב פּאַט | שיחות עם סופרים יהודיים |
| מ. ברלנד | 300 שעות בגיטו הדועך |
| יהושע גלבוע | על חרבות התרבות היהודית בברית־המועצות |
| נ. חנין | ברלה |
| י. זרבבל | עלי חיים |
| אפרים אויערבאך | קריה לבנה — ווייסע שטאָט (עברית־יידיש) |
| א. אלמי | בין סיני לאולימפוס |
| מ. בורשטין | פת ומלה |
| ר. קביאטקובסקי־פנחסיק | נשים מאחורי הגדר |
| נחמיה לוינסקי | בצל הגזעים |
| ד. פלקסר | האידיאה והאמת |
| מול האויב הנאצי | זכרונות ועדויות (עברית־יידיש) |
| פ. בילצקי | השיר והמשורר (א. סוצקבר) |
| איציק מנגר | שיר, בלדה, סיפור |
| אליעזר ירושלמי | מיערות הצפון עד חורשות הכרמל |
| דב סדן | אבני מפתן (מסות) |
| י. שטיינברג | ממעין החכמה של עם ישראל |
| י. פריליך | מצדה ורומי |
| א. מנור | פרופ׳ אריה טרטקובר |
| מאַני לייב | שירים ובלדות (עברית—יידיש) |

